פ. מינץ (אלעקסאנדער)

# אין די יאָרן פון ייִדישן אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך

(פערזענלעכע זכרונות)




בײַ דער
"געזעלשאַפט פאַר ייִדיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"
בוענאָס-איירעס

1956

# אינהאַלט:

דעם אָנדענק פון מיין שוועסטער

## ד״ר טאַליע מינץ,

וואָס איז מיט איר קינד און דעם גאַנצן פערסאָנאַל און אַלע קינדער פון דער „מעדעם־סאַנאַטאָריע״ אין מיעדזעשין אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע.

# פאָרוואָרט

איך בין נישט קיין היסטאָריקער און מיינע פאַרצייכענונגען וועגן ייִדישן אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך בעת די נאַציסטישע אָקופּאַציע־יאָרן פּרעטענדירן נישט צו זיין געשיכטע און אפילו נישט כמו־געשיכטע.

דאָס זענען פאַרצייכענונגען וועגן די פּערזענלעכע איבערלעבונגען אין יענע קאַטאַסטראָפאַלע יאָרן, פון 1939—1944 אין פראַנקרייך. דערמיט דערקלערט זיך אויך, פאַרוואָס איך דערצייל נישט גענויער וועגן דער ראָל און טעטיקייט פון מיינע קאַמף־חברים פון יענער טראַגישער צייט.

מיטן פאַרעפנטלעכן מיינע פּערזענלעכע זכרונות וויל איך אין דער ערשטער ריי ביישטייערן, זאָל זיין אַפילו אויף אַ גאָר באַשיידענעם אופן, צו דעם פאָרש־מאַטעריאַל, וואָס עקזיסטירט שוין וועגן אונדזער נאַציאָנאַלן חורבן אין אייראָפּע. האָט דאָך דער גרויסער ייִדישער היסטאָריקער־מאַרטירער, שמעון דובנאָוו, אויסדריקלעך געהייסן פאַרשרייבן...

איך האָב אָבער נישט בלויז פאַרשריבן לשם פאַרשרייבן, נאָר אויך געוואָלט אַרויסברענגען עטלעכע אמתן וואָס האָבן אַ גאָר גרויסן שייכות צום מהות פון אונדזער פאָלק און צו זיין צוקונפט.

דער ערשטער אמת, וועלכן איך וויל מיט דער גאַנצער קראַפט אונטער־שטרייכן איז דער, אַז ייִדיש פאָלק וועט נישט אונטערגיין. מיר האָבן אין די טראַגישסטע מאָמענטן פון אונדזער לעבן אונטער דער היטלעריסטישער אָקו־פּאַציע זיך געקענט אין דעם איבערצייגן.

אין יענער טרויעריקער צייט האָט זיך אָפּטמאָל אויף אַ ספּאָנטאַנעם אופן מאַניפעסטירט די ייִדישע סאָלידאַריטעט, וואָס האָט געשטראָמט פון ייִד צו ייִד. די טיף־איינגעבוירענע ייִדישע וויטאַלקייט, דער מעכטיקער ייִדישער לעבנס־אינסטינקט, וואָס פליסט פון אַן אומדערשעפּלעכן אורקוואַל פון אַקומולירטער ייִדישער לעבנס־ענערגיע אין משך פון טויזנטער יאָרן, האָט דעמאָלט וווּנדער

באַוויזן, צו שטוינען איז ממש געווען, ווי אַזוי עס האָט זיך מאַניפעסטירט אין די סכנותפולסטע באַדינגונגען און אַפילו ביי קליינע קינדער דער וווּנדערלעכער נצח ישראל.

אין דעם פּרט געפינען זיך אַלע אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער אַ סך, אַ סך נאָך הינטערשטעליק פון אונדז.

מיר, ייִדישע סאָציאַליסטן, בונדיסטן, האָבן געשעפּט אונדזער אָפּטימיזם און גלויבן נישט נאָר פון די אוראַלטע ייִדישע קוואַלן, פון אונדזער לאַנגער מאַר־טירער־געשיכטע, נאָר אויך פון דער הערלעכער געשיכטע פון דער מאָדערנער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג און באַזונדערס פון אונדזער טיפן גלויבן אין מענטש, אין דער צוקונפט פון דער פרייער מענטשהייט, אין אַ וועלט פון סאָ־ציאַלער גערעכטיקייט.

פון אָט די קוואַלן האָבן מיר באַקומען דעם מוט און כח אַליין אויסצוהאַלטן די ביטערע צייט און צו שטאַרקן און צו מוטיקן אַנדערע.

בלויז מוט און גלויבן איז אָבער געווען ווייניק אין קאַמף מיט אַ שונא, וואָס האָט זיך באַנוצט מיט די אכזריותדיקסטע פאַרניכטונגס־מיטלען.

אין באַדינגונגען פון מאַסן־דעפּאָרטאַציעס, שנעל־געריכטן און מאַסן־עק־זעקוציעס האָבן מיר אויך געמוזט האָבן אַ גוט־פונקציאָנירנדיקע, אומלעגאַלע בונדישע אָרגאַניזאַציע. און בכלל: אויב אין אַלע זאָנעס אין פראַנקרייך איז גע־פירט געוואָרן אַ פאַרצווייגטע ייִדישע הילף־טעטיקייט און עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער ייִדישער ווידערשטאַנד אין דער פאַרבינדונג מיטן אַלגעמיינעם פראַנצויזישן ווידערשטאַנד, איז דאָס אין דער ערשטער ריי געווען דאָס ווערק פון די ייִדישע פּאָליטישע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס זענען אין אַ גרוי־סער מאָס פון זיי געוואָרן באַאיינפלוסט. דאָס זעלביקע קען מען אויך זאָגן וועגן דער ראָל פון די פראַנצויזישע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען אויף דער פראַנצויזי־שער גאַס און באַזונדערס וועגן דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

איך שטרייך אונטער דעם דאָזיקן פאַקט, דעם דאָזיקן באַשיינפּערלעכן אמת, ווייל עס ווערט נישט גענוג קלאָר און בולט אָפּגעשאַצט די ראָל פון די פּאַרטייען אין דער פאַרגאַנגענהייט און פאַר אונדזער צוקונפט.



ווען מיר קוקן היינט צוריק אויף די פינצטערע צייטן פון דער נאַצישער הערשאַפט אין פראַנקרייך און דערמאָנען זיך אין אונדזער דעמאָלטיקער געפאַר־פולער טעטיקייט, ווערן מיר באַהערשט פון אַ געפיל פון שטאָלץ פאַר אונדזער בונדישער אָרגאַניזאַציע און מיר, די על־פּי־נס לעבנגעבליבענע, זענען דאַנק־

באַר דעם גורל, וואָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו זיין צווישן די, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער הילף־ און רעטונג־אַרבעט, וואָס האָבן גע־שטאַרקט און געמוטיקט דעם קאַמף קעגן גרעסטן שונא פון אונדזער פאָלק און פון דער גאַנצער פרייער מענטשהייט.

אַ וועלכע 120 טויזנט ייִדן האָבן די רוצחים דעפּאָרטירט פון פראַנקרייך צום אומקום און קוים אַ צוויי טויזנט פון זיי האָבן זיך אומגעקערט פון די טויט־לאַגערן. ייִדישער אומקום און ייִדישער ווידערשטאַנד איז אָבער נישט געגאַנגען פאַרלוירן. מיר פילן אויף זיך דעם הייסן נקמה־אָטעם פון די אומגעברענגטע און מיר האָבן אין זיך איינגעזאַפּט די וואַרעמקייט פון זייערע נאָבעלע ייִדישע הערצער.

אונדזערע העלדן און מאַרטירער לעבן ווייטער אין אונדז און מיט אונדז און זיי וועלן, צום כבוד און רום פון אונדזער אייביק פאָלק, דינען אַלס הער־לעכער ביישפּיל פאַר די נייע, יונגע ייִדישע דורות, וואָס קומען נאָך אונדז.

**דער מחבר**

# פּאַריז, ערב דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

פּאַריז, די אייביקע שטאָט פון ליכט און פרייד, פון ערלעכער, מיזאַמער פּראַצע און פון שטענדיקן רעוואָלט; פּאַריז, די היים פאַר קינסטלער און דיכ־טער און פון אַלע רעבעלן פון דער וועלט; פּאַריז, די שטאָט פון ליבע און געזאַנג און די רעזידענץ פון אַלע מענטשלעכע און געטלעכע מוזעס; פּאַריז, די מוטער פון אַלע שטעט אין אייראָפּע האָט אַ וווּנדערלעכן אָבער נישט קיין איינהייטלעכן און האַרמאָנישן אויסזען. יעדער קוואַרטאַל פון אָט־דער גרויסער מיליאָנען־שטאָט האָט זיין אייגנאַרטיקן פּנים, זיינע באַזונדערע כאַראַקטער־שטריכן, נישט בלויז אויסערלעכע, נאָר טאַקע אויך אינערלעכע.

גאָר אַ סך פראַנצויזן פאַרלאָזן נישט יאָרן־לאַנג זייערע קוואַרטאַלן און קענען אַפילו נישט גוט די שטאָט אין וועלכער זיי אַליין, זייערע עלטערן און אור־עלטערן זענען געבוירן געוואָרן און אָפּגעלעבט זייער גאַנץ לעבן.

צווישן די איינוווינער פון יעדן קוואַרטאַל באַזונדער האָט זיך דערפאַר געשאַפן אַ לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם. און דאָס איז נישט קיין וווּנדער. יעדער פּאַ־ריזער דאַרף נישט פאַרלאָזן זיין קוואַרטאַל, כדי עפּעס צו זוכן פאַר זיך אין אַ צווייטן קוואַרטאַל. אַלץ געפינט ער פאַר זיך, פאַר זיין פרוי און קינדער אין זיין „קאַרטיע״: אַ גוטן רעסטאָראַן און קאַפע צו וועלכע דער פראַנצויז איז זייער שטאַרק צוגעבונדן, אַ סינעמאַ, אַ טעאַטער, אַ שפּיטאָל אָדער אַ קירך געפינען זיך אויך זייער אָפט אין זיין קוואַרטאַל. פאַר זיין קינד האָט ער די קאָמונאַלע שול און די פרוי קען אַלץ איינקויפן אויפן פּלאַץ. אַפילו אַ דעפּוטאַט צום פאַר־לאַמענט וויילט ער — אַ מענטש פון זיין קוואַרטאַל און אַ ראַטמאַן צום מוני־ציפּאַל־ראַט — אויך. די צוגעבונדנקייט צום קוואַרטאַל ווערט ביי דער באַפעל־קערונג נאָך שטאַרקער פאַרפעסטיקט צוליב דעם דוחק אין דירות, וואָס הערשט

זייט צענדליקער יאָרן אין פּאַריז. לאָקאַטאָרן טוישן נישט זייערע וווינונגען. אַ דירה גייט איבער בירושה און דורות דערציִען זיך אין דעם זעלביקן הויז, אין דער זעלביקער גאַס. מענטשן אינעם קוואַרטאַל קענען זיך פֿון איין שולע, פֿון איין אַרבעטס־פּלאַץ, פֿון איין פֿאַרווײַלונגס־אָרט, פֿון איין סקווער, פֿון איין קראַנקן־קאַסע, אָדער בית־עולם, וואָס געפֿינט זיך אין קוואַרטאַל.

פּאַריז די עלטסטע אינטערנאַציאָנאַלע שטאָט אין אייראָפּע מיט איר זעל־טענעם אַנטוויקלטן גרויסשטאָטישן לעבן, מיט אירע אינטערנאַציאָנאַלע אינס־טיטוציעס, קאָנגרעסן און אויסשטעלונגען; פּאַריז מיט אירע הויכע געסט פֿון אַלע ווינקעלעך פֿון דער וועלט און פֿון אַלע ראַסן און קאָלירן, — אָט דאָס פּאַריז איז גלייכצייטיק אַ רויִקער און היימישער ווינקל פֿאַר די אַלט־איינגעזעסענע פֿראַנצויזן מיט זייער פֿאַר אַ פֿרעמדן אויג אָפּגעשלאָסענעם פּריוואַטן לעבן.

אין איין הויז און אַפֿילו אין איין קאָרידאָר קענען וווינען מענטשן, וואָס אין משך פֿון אַ גאַר לאַנגער צייט רעדן זיי צו זיך אויס נישט מער ווי דעם סקאַר־באָון „באָן־זשור" — גוט־מאָרגן, כאָטש די פֿראַנצויזן זענען באַקאַנט אין דער וועלט אַלס אַ באַרעדעוודיק פֿאָלק.

נאָר איין מענטש אין הויז רעדט מיט אַלעמען, ווייס וואָס עס טוט זיך אין יעדער שטוב און וויל וואָס מער וויסן וועגן יעטוועדן לאָקאַטאָר פֿון הויז. דאָס איז דער הויז־וועכטער אָדער ווי מען רופֿט אים: דער „קאָנסיערזש".

נאָך מער וויל וועגן אַלץ וויסן זי, די קאָנסיערזשקע.

זי איז מיט אַלע אַלטע לאָקאַטאָרן אויף „דו" און די ביאָגראַפֿיע פֿון יעדן לאָקאַטאָר איז איר באַקאַנט מיט די קלענסטע איינצלהייטן. נישט קיין וווּנדער. זי געדענקט נאָך די דערוואַקסענע מיידלעך און בחורים, ווען זיי האָבן זיך געשפּילט הינטער איר פֿענצטער, אָדער ווען מען האָט די פֿאַרמעגלעכערע פֿון זיי געפֿירט ביי דער האַנט אין דער קאָמונאַלער שולע.

די „קאָנסיערזשקע" ווייס אַלץ. זי איז געניי אינפֿאָרמירט, ווער פֿון די לאָקאַטאָרן עס האָט אַ „מעטרעס"; וועלכע פּאָר־פֿעלקער לעבן צווישן זיך בשלום און אין וועלכע שטובן מען קריגט זיך. זי קען אויך די מאַטעריעלע לאַגע פֿון אירע לאָקאַטאָרן. דאָס איז ווידער נישט קיין וווּנדער, ווייל אַלע בריוו, „קאָנ־וואָקאַציעס" (איינלאַדונגען) קומען דירעקט צו איר אין דער האַנט אַריין און ערשט שפּעטער פֿאַרטיילט זי די פּאָסט צווישן די לאָקאַטאָרן. לייענט זי טאַקע אָפֿט די בריוו צו אירע לאָקאַטאָרן און באַקומט אַן אַריינבליק אין זייערע אינ־טימע פֿאַרהעלטענישן. די קאָנסיערזשקע פֿירט אויך אויס אַ ריי אויפֿגאַבן און

בקשות פון די לאָקאַטאָרן, וואָס גייען אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג פון דער שטוב אין לאָזן ביי איר איבער די שליסלען פון די דירות.

די קאָנסיערזשקעס זענען בדרך־כלל אינטעליגענטע פרויען מיט אַ סך לעבנס־דערפאַרונג. זיי מוזן וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי יעדן לאָקאַטאָר פון הויז צוליב נאָך אַ טעם. זיי פירן אויס אַנדערע פונקציעס אויך. די קאָנסיערזשקע איז דער אַדרעס און די אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר דער פאָליצײַ. ביי איר אינפאָרמירט זיך די פאָליצײַ, ווען דאָס איז איר נייטיק. די קאָנסיערזשקע דינט אויך פאַר דער פאָליצײַ אַלס באַגלייבטער עדות. זי שרייבט אונטער די פאַרשידענע סערטיפיקאַטן, וואָס אַ לאָקאַטאָר דאַרף פאַר אָפיציעלע צוועקן.

צוליב די אַלע טעמים לעבן די לאָקאַטאָרן גוט מיטן קאָנסיערזש פון זייער הויז און צאָלן אים רעגולער דאָס וואָס עס קומט אים, ביים איינמאָנען דאָס דירה־געלט. פאַר איינזאַמע לאָקאַטאָרן איז די קאָנסיערזשקע ממש אַ רעטונג. זי באַזוכט דעם איינזאַמען לאָקאַטאָר ווען ער ליגט קראַנק און זי באַזאָרגט אים מיט אַלעם נייטיקן.

קאָנסיערזשקעס וואָלטן געקאָנט זייער אַ סך דערציילן וועגן דעם אינטימען לעבן פון זייערע איינזאַמע לאָקאַטאָרן, וואָס האָבן, נישט זעלטן, הינטער זיך אַ רייכע און שטורמישע פאַרגאַנגענהייט און אין די שפּעטערע יאָרן, ווי דאָס פּאַסירט אין דעם גרויס־שטאָטישן לעבן, זענען זיי פאַרגעסן געוואָרן.

וויפיל סודות וועגן אומגליקלעכע ליבעס, אָדער אַפילו וועגן באַגאַנגענע קרימינעלע אָדער אַנדערע פאַרברעכנס נעמען מיט זיך מיט אין קבר אַריין די קאָנסיערזשקעס און וויפיל אינטערעסאַנטע געשיכטעס קען מען זיך פון זיי אָנהערן וועגן זייערע אַמאָליקע לאָקאַטאָרן, קינסטלער, אַרטיסטקעס, דיכטער און וויסנשאַפטלער אָדער פּאָליטיקער, וואָס האָבן אין באַשטימטע מאָמענטן פון זייער לעבן, איידער זיי זענען נאָך געוואָרן פּאָפּולער און באַרימט, באַקומען מאַטעריעלע הילף פון די קאָנסיערזשקעס?

מען קען זאָגן, אַז מיט קליינע אויסנאַמען זענען די קאָנסיערזשקעס קולטורעל־אַנטוויקלטע און פּאָליטיש־באַוווסטזיניקע מענטשן. דאָס זענען נישט אונדזערע אַמאָליקע פּוילישע „סטריזשעס". אַ דאַנק חעם ראַדיאָ, וואָס פונקציאָנירט ביי זיי אַ גאַנצן טאָג און דער צייטונג, וואָס דער קאָנסיערזש לייענט יעדן טאָג, איז ער באַהאַוונט אין דער לאַגע פון זיין לאַנד. דער קאָנסיערזש לאָזט אויך נישט אַדורך די פּאָליציי־כראָניק און די פרויען צווישן זיי פּאָלגן באַזונדערס שטאַרק נאָך די פילמען און האָבן שוין זייערע סימפּאַטיעס פאַר באַשטימטע פילם־סטאַרן.

# אונדזער הויף אויף רי מאַרקאַדע

פּאַריז, ווי געזאָגט, באַשטייט פון קוואַרטאַלן און צו די אויסדרוקספולסטע קוואַרטאַלן געהערט דער 18טער אראנדיסמאַן אָדער דער מאָנטמאַרטער, וואָס איז באַקאַנט נישט נאָר אין גאַנץ פראַנקרייך נאָר אויך אין דער גאָרער וועלט. ער איז זייער פּאָפּולער צווישן די אויסלענדישע געסט, וואָס באַזוכן פּאַריז און קיי־נער פון זיי וועט נישט אויסמיידן צו באַזוכן דעם „סאַקרע־קער״ אויף דער הייך פון מאָנטמאַרטער, אָדער די פּאַרוויילונגס־פּלעצער, מיט וועלכע עס איז פול דער דאָזיקער קוואַרטאַל.

ווי יעדער פּאַריזער קוואַרטאַל, האָט אויך דער מאָנטמאַרטער שיינע און גרויסע בולוואַרן, מיט פּרעכטיקע מאָדערנע געביידעס און לוקסוס־דירות און ער האָט אויך שמאָלע און ענגע געסלעך מיט אַלטע הייזקעס און שמוציקע הייף.

זינט מיין אָנקום קיין פּאַריז, אין יאָר 1937, האָב איך, מיט מיין פרוי און קינד, געלעבט אין אַ צימער אויפן מאָנטמאַרטער. מיין גאַס, רי מאַרקאַדע, איז באַוווינט געווען, בעיקר, פון אַרבעטער, קליינע הענדלער און אָרעמע, אַלטע מענטשן. אין מיין הויז האָבן געלעבט צענדליקער לאָקאַטאָרן פון די דאָזיקע שיכטן צווישן דער פּאַריזער באַפעלקערונג. עס האָבן געלעבט אַרבעטער־פאַ־מיליעס מיט קינדער אין איינצלנע צימערלעך, אָן וואַסער און אָן די עלעמענ־טאַרסטע היגיענישע באַקוועמלעכקייטן. די קינדערלעך האָבן זיך געשפילט אויפן הויף אָדער אין גאַס ווען די עלטערן זענען געווען ביי דער אַרבעט. עס האָבן געוווינט איינזאַמע פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט אַלס אויפרוימערקעס אין די קאַפעס אָדער ביי פּריוואַטע פאַמיליעס, איינצלנע מענער, וואָס האָבן זיך פאַר־נומען מיט גאַסן־האַנדל, קליינע באַאַמטע און אָנגעשטעלטע וואָס האָבן שוין געהערט צו די בעסער־סיטויִרטע, ווייל זיי האָבן שוין פאַרנומען אַ צימער אָדער צוויי מיט אַ קיך.

די אַלטע, איינזאַמע פרויען האָבן געמאַכט אַ טרויעריקן איינדרוק און דאָס נישט מיט זייער האַלטונג, ווייל די פראַנצויזישע פרוי איז, בדרך־כלל, אַ שטאָלצע און קען באַהאַלטן איר אָרעמקייט פאַר אַ זייטיק אויג און נאָך מער איר אומצו־פרידנקייט אָדער אַנטוישונג אין לעבן. אַ טרויעריקן איינדרוק האָט געמאַכט זייער אויסערלעכער פיזישער אויסזען. פון אַלטקייט האָבן ביי זיי אַרויסגעשפּראָצט האָר אויפן פנים. ביי אַ טייל איז די גאָמבע געווען שיטערלעך באַוואַקסן מיט גע־קרייזלטע גראָע האָר, ביי אַנדערע — די באַקן און די אויבערשטע ליפּ. פון די אויגן זייערע האָט אָבער אַרויסגעשיינט אַ טיפע חכמה. נישט קיין גלייכגילטיקייט און רעזיגנאַציע, אָדער ווי עס פלעגט טרעפן ביי אַלטע לייט אין פוילן, אומצו־פרידנקייט און אַפילו כעס, נאָר גוטמוטיקייט איז אויסגעגאָסן געווען אויף זייערע געלע, צעקנייטשטע און איינגעפאַלענע פּנימער. די לאָקאַטאָרן פון הויז האָבן זיי שטענדיק צוגעוואָרפן אַ שמייכל, אָדער אַ גוט וואָרט וואָס איז פאַרלוירן געוואָרן אין די טיפע פאַלדן פון זייערע שוואַרצע, אָפּגעטראָגענע מלבושים.

און אַז צו די אַלטיטשקע איז געקומען אַ טאָכטער, אָדער זון אויף באַזוך, מיט זייערע קינדער, האָבן זיי אויך נישט פאַרגעסן אָפּצושטאַטן אַ וויזיט דער קאָנסיערזשקע, וועלכע זיי האָבן נאָך געקענט פון זייער קינדהייט. האָט מען אין אַ וואַרעמען טאָג אַרויסגעשטעלט אַ טישל אויפן הויף און אַלע געסט האָבן זיך אַרום אים אויסגעזעצט און אַזוי צוזאַמען פאַרברענגט ביי אַ קאַפע און קוכן, וואָס מען האָט געבראַכט פון דער דערנעבנדיקער בעקעריי. דער הויף האָט זיך דעמאָלט פאַרוואַנדלט אין אַ אידילישן אינדזל אויף וועלכן עס זענען געווען פאַרזאַמלט די אַלטע לאָקאַטאָרן מיט די געקומענע געסט און מיט דער קאָנסיערזשקע, פאַר־שטייט זיך. און האָט זיך נאָך פונקט דאַן באַוויזן דער אַלטער פראַנצויז, דער הויף־זינגער פון קוואַרטאַל, מיט זיין שוין גאָר שטאַרק אָפּגענוצטער גיטאַרע, איז די געריכטקייט ביי אַלעמען שוין געווען גאָר גרויס און די אונטערהאַלטונג האָט געגרייכט צו איר העכסטן פונקט. מען האָט אין כאָר מיטגעזונגען די אַלטע מע־לאָדיעס, וועלכע מען האָט נאָך געהערט אין די וויגן און פון אַלע זייטן האָט מען דעם אַלטן טרובאַדור דערלאַנגט עפּעס צו פאַרבייסן און פון די אָפענע פענצטער האָט מען אויך עפּעס אַראָפּגעוואָרפן פאַר זיינעטוועגן.

אַזוי האָט זיך אָפּט, אין אַ פראָסטן טאָג פון דער וואָך און אין סאַמע מיט פון רוישיקן פאַריז אויף אונדזער הויף אָפּגעשפּילט אַן אמתער פאַריזער פאָלקס־יום־טוב.

די אימפּראָוויזירטע שמחה האָט אָנגעהאַלטן ביז זעקס אַזייגער פאַרנאַכט,

ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די אַרבעטער פון די פאַבריקן און עס האָט זיך דערנענטערט די הייליקע שעה פאַר די פראַנצויזן, די צייט פון אָוונט־ברויט.

די צענטראַלע פיגור פון אונדזער הויף איז געווען די קאָנסיערזשקע, מאַדאַם לאַראָש. זי איז דאָס געווען נישט בלויז דערפאַר, וואָס אַלע פעדים פון די לאָקאַטאָרן מיט דער ברייטער וועלט זענען געלעגן אין אירע הענט, נאָר אויך צוליב איר אויסערלעכן, מאַיעסטעטישן אויסזען. כאָטש זי האָט געהאַט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר און אַ ווייס־הויטיק, דורכזיכטיק פּנים און זי האָט געקענט מאַכן דעם איינדרוק פון אַ טיפּישער דייטשקע, איז אָבער איר גאַנצער געשטעל און איר האַלטונג געווען אַ דורכויס פראַנצויזישע. די איידעלע געזיכטס־שטריכן אירע און איר באַנעמען זיך מיט די לאָקאַטאָרן, איר גוטמוטיק שמייכעלע און איינגעבוירענע אינטעליגענץ האָט געמוזט וועקן אַ חשד, אַז זי שטאַמט פון דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע און נאָר צוליב עפּעס אַ מיסטעריעזער געשיכטע אין איר לעבן איז זי געווען געצוווּנגען צו ווערן אַ קאָנסיערזשקע פון אַן אָרעם הויז. זי איז געווען אַן אלמנה און געהאַט צוויי קינדער, אָבער נישט פון איין מאַן. און מערקווירדיק! איר איינציקע טאָכטער, אַ גאָר יונגיטשקע, האָט חתונה געהאַט מיט אַ מאַן, וואָס איז געווען אפשר דריי מאָל עלטער פון איר. זי אַליין, דאַקעגן, האָט געהאַט אַ פריינט, וואָס איז געווען אַ סך יונגער פון איר, אגב אַ ייִד.

די קאָנסיערזשקע אונדזערע האָט געוווּסט, אַז מיר זענען געקומענע פון פוילן און האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס מיר מוזן זיך קווּעלן מיט אַ קינד אין אַ קליינעם און פייכטן צימער, אָן זון און לופט. זי האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר עס וועט זיך באַפרייען אַ צימער אויפן דריטן שטאָק, וועט זי אים אונדז געבן.

איינמאָל, אין אַ געשפּרעך מיט איר, האָט זיך מיין פרוי דערוווּסט, אַז די קאָנסיערזשקע האָט אַן אייגענע הייזקע אין דער פּראָווינץ־שטאָט סואסאָן, אַן ערך 60 קילאָמעטער פון פּאַריז, וועלכע זי פאַרדינגט אויפן זומער.

עס איז שוין געווען שפּעט־זומער 1939 און מיר האָבן געטראַכט צו פאַרברענגען אַ קורצן וואַקאַנס נישט ווייט פון פּאַריז, ווייל מיר האָבן אַלע שוין געלעבט מיט דער מורא פאַר אַ נייער וועלט־קאַטאַסטראָפע און נישט געוואָלט צו־שטאַרק זיך דערווייטערן פון דער הויפּטשטאָט. אַ חוץ דעם האָט מיין פרוי אויסגערעכנט, אַז אַזאַ וואַקאַציע וועט אונדז זייער ווייניק קאָסטן. האָט מיין פרוי פאַרגעשלאָגן דער קאָנסיערזשקע זי זאָל אונדז פאַרדינגען איר הייזקע אויף אַ חודש־צייט. זי האָט דערויף מסכים געווען און מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין דער דאָזיקער הייזקע.

## פ. מינץ (אַלעקסאַנדער)

אונדזער קינד האָבן מיר נאָך מיט עטלעכע חדשים פריער אָפּגענומען פון דער פראַנצויזישער קאָמונאַלער שולע און עס אַוועקגעשיקט מיט אַ גרופּע קינ־דער קיין ענגלאַנד. אין פּאַריז האָבן געלעבט פאַרשיידענע דייטשע עמיגראַנטישע גרופּעס, וואָס זענען אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט. צווישן זיי האָט זיך אויך געפינען די סימפּאַטישע גרופּע פון „איסק״ (אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאַמף־בונד). עטלעכע פון דער דאָזיקער גרופּע, אָנגעזעענע פּעדאַגאָגן, האָבן געפירט אַ דערציִונגס־אַרבעט צווישן די דייטשע עמיגראַנטן־קינדער אין פּאַריז. בעת די מלחמה־געפאַר איז שוין געווען גאַר נאָענט, האָט דער „איסק״ באַשלאָסן צו עוואַקויִרן די קינדער־גרופּעס קיין לאָנדאָן. מיט אַזאַ גרופּע איז אויך געפאָרן קיין לאָנדאָן אונדזער 11־יאָריק ייִנגל.

מיר האָבן ביי זיך געטראַכט: אויב די מלחמה וועט אויסברעכן, וועלן די דייטשן נישט אָקופּירן ענגלאַנד און אונדזער קינד וועט, לכל־הפּחות, נישט פאַלן קיין קרבן פון דעם בלוטיקן מבול, וואָס רוקט זיך אָן אויף דער מענטשהייט. אַ חוץ דעם, וועלן מיר קענען מיט אים שטיין אין אַ שריפטלעכער פאַרבינדונג דורך אַ נייטראַל לאַנד. האָבן מיר אים אויסגעשטאַט ווי אַ קליינעם רעקרוט, נישט וויסנדיק, צי מיר, די עלטערן זיינע, וועלן אים נאָך אַמאָל זען. באַזונדער ווייטיקלעך איז געווען פאַר דער מוטער דאָס פּרייוויליקע שיידן זיך מיט איר איינציק קינד ביי אַזעלכע אויסערגעוויינלעכע באַדינגונגען. דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן פאַרלאַנגט פון אונדזער קינד איז געווען, אַז ער זאָל צו אונדז רעגולער שרייבן. אָן קינד האָבן מיר זיך שוין נישט שטאַרק געזאָרגט וועגן די באַקוועמלעכקייטן פון אונדזער זומער־וווינונג.

# אין סוּאַסאָן

עס איז געווען אין אַ הייסן אויגוסט־טאָג. די לופט — אַ דעמפּיקע, ווי דאָס איז אין דער צייט אין פּאַריז. זאַכן האָב מיר מיט זיך גענומען זייער ווייניק. דער גרעסטער טייל פון באַגאַזש איז באַשטאַנען פון ביכער און צייטשריפטן, וועלכע איך פלעג זאַמלען כדי צו לייענען אין דער צייט פון וואַקאַציע. מיין פרוי האָט נאָך אַ חוץ דעם געהאַט אַ ריי מאַנוסקריפּטן, וועלכע זי האָט גע־וואָלט באַאַרבעטן.

מיר האָבן פאַרלאָזט פּאַריז, פּאַקטיש זיך אַרויסגעריסן פון דעם געווירבל אין וועלכן די וועלט־שטאָט האָט זיך דעמאָלט געפונען.

מען קען זיך היינט חידושן: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען אין פּאַריז, אין אויגוסט 1939, צו טראַכטן וועגן אורלויב? ווי אַזוי האָט מען זיך געקענט מיט אַ רויִק געמיט אַוועקזעצן אויף עטלעכע וואָכן אין אַ פראַנצויזישער פּראָ־ווינץ־שטאָט? אָבער אַזוי איז דאָס געווען. מיר זענען אגב, נישט געווען די איינציקע. נישט געקוקט אויף דער באַאומרויִקנדיקער לאַגע אין אייראָפּע, האָבן מענטשן מאַסנווייז פאַרלאָזט פּאַריז. אויך צווישן אונדזערע חברים און פריינט זענען געווען אַ סך, וואָס זענען אַרויסגעפאָרן אויפן דאָרף.

ווען איך דערמאָן זיך היינט אין דעם חודש אויגוסט 1939, גלייבט זיך מיר שוין אַליין נישט, אַז ס'איז טאַקע מעגלעך געווען, אַז איך זאָל זיצן גאַנצע טעג ביים אָפענעם פענצטער פון אונדזער קליינער דירה, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ גאָרן, און לייענען מיט גרויס אינטערעס ביכער און צייטשריפטן, און באַזונדערס מאַטעריאַל וועגן דער יידישער געשיכטע.

עס זעט אויך היינט אויס אומגלויבלעך, אַז מיין פרוי האָט גראָד דעמלט באַאַרבעט אירע פּאָעטישע שאַפונגען אויף ביבלישע מאָטיוון און געשריבן לי־דער, דערציילונגען און סצענקעס פאַר קינדער.

מיטן פאַרלאָזן פאַריז האָט אונדז פאַרלאָזט די גאַנצע גרויס־שטאָטישע אומרויִקייט, וואָס האָט דאָרט אויף אַלעמען אַזוי שטאַרק געדריקט.

אונדזער דירהלע האָט זיך געפינען האַרט ביי דער באַן־ליניע. מען קען זאָגן — אַ צוואַנציק מעטער פון די באַן־רעלסן. די צוגן, וואָס האָבן קורסירט עטלעכע מאָל, ביי טאָג און ביינאַכט, האָבן געטרייסלט מיט די ווענט פון אונדזער דירה. און דאָך האָט דער גערויש און דער געפייף פון די צוגן נישט געווירקט אויף מיר אַזוי שטאַרק, ווי די רויִקייט, וואָס האָט געהערשט אין מיין צימער אין פאַריז. אין יענער רויִקייט האָב איך נישט געקענט געפונען דעם אינערלעכן גלייכגעוויכט. בשעת דאָס אָפטע, מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון די באַן־רעדער און דאָס גריליצן פון די פאַרזשאַווערטע אַקסן פון די משא־וואַגאָנעס האָט מיר לחלוטין נישט געשטערט אין מיין אַרבעט.

אין דער רויִקער סביבה פון דער קליינער פראַנצויזישער פּראָווינץ־שטאָט האָט מען אויף אַ מינוט פאַרגעסן, וואָס עס קומט פאָר אין דער גרויסער וועלט. דערפאַר אָבער האָט סואַסאָן דערמאָנט אָן דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַמאָל, מיט עטלעכע צוואַנציק יאָר צוריק, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין סואַסאָן, ביים טייך, האָט זיך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אָפּגע־שפּילט איינע פון די בלוטיקסטע שלאַכטן און כמעט די גאַנצע שטאָט איז רויִנירט געוואָרן. האָב איך טאָקע בעת מיינע שפּאַציר־גענג געזען מאַסן קברים פון די אומגעקומענע פראַנצויזישע זעלנער און דענקמאָלן לכבוד דעם אָנדענק פון די געפאַלענע אין יענער שלאַכט מיט די דייטשן, בעת וועלכער עס איז געשטאַנען אין קאָן די פרייהייט פון פראַנצויזישן פאָלק.

דענקמאָלן מיט לאַנגע רשימות נעמען פון אומגעקומענע האָבן זיך גע־וואָרפן אין די אויגן אויף אַ סך עפנטלעכע פּלעצער פון דער שטאָט. אין די רשימות האָט מען אויך געקענט געפינען דאָ און דאָרט אַ נאָמען פון אַ פראַנצויזישן ייִד, וואָס איז געפאַלן פאַר פראַנקרייכס פרייהייט.

נישט־ווילנדיק איז געקומען אויפן געדאַנק פּוילן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און די שלאַכט הינטער לאָדזש צווישן די דייטשן און די רוסן. אויך דעמאָלט איז געווען אַ קאָלאָסאַלע צאָל געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע און אַלס אַ סאַניטאַר האָב איך די רוסישע פאַרוווּנדעטע געהאָלפן טראָגן אין דעם שפּיטאָל, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אין לאָקאַל פון דער רוסישער גימנאַזיע.

די מיליטערישע בית־עלמינס אין סואַסאָן האָבן מיר אָבער אויסגעזען אַ

סך גרעסער און די רייען פון די געפאַלענע — אַ סך לענגער ווי די אונטער לאַדוש.

אויב אין 1920, בעת איך האָב באַזוכט דעם דייטשן מיליטערישן צווינטער, נישט ווייט פון שטעטין, האָט זיך אין מיר הערוועקט אַ געפיל פון רעוואָלט קעגן מלחמות, וואָס האָבן שוין גורם געווען אומצאָליקע מענטשלעכע קרבנות, בין איך איצט אין סואסאָן באַהערשט געוואָרן פון אַ רחמנות־געפיל און פון אַ גרענעצלאָזן צער איבער די יונג־פאַרשניטענע לעבנס פון דעם נאָבעלן פראַנצויזישן פאָלק. אַ מיליאָן פראַנצויזן האָט מען געזאָגט, האָט פראַנקרייך פאַרלוירן אין דעם ערשטן קריג. איך האָב אין סואסאָן נישט געזען אַפילו אַ צענטל פון דער צאָל קברים. דאָך בין איך מיד געוואָרן פון לייענען די לאַנגע רשימות פון די געפאַלענע און דאָס אויג איז פאַרבלענדט געוואָרן פון די ענדלאָזע, ווייסע מצבות־רייען, וואָס האָבן שימערירט מיט זייערע גאָלדענע אותיות אויף דעם ווייס־זאַמדיקן בית־עולם אונטער דער הייסער אויגוסט־זון.

די צער־פולע רויקייט אויפן בית־עולם האָט מיך מער אויפגעטרייסלט, ווי דער גערויש און געפייף פון די באַנען, וואָס האָבן זיך טאָג און נאַכט פאַרביי־געאיילט פאַר מיין פענצטער און פון דעם שווערן געמיט, וואָס עס האָט מיך באַהערשט אויפן בית־עולם האָב איך זיך נישט געקענט באַפרייען. ווי לאַנג איז דאָס, ווי מיר האָבן געהאַט די ערשטע וועלט־מלחמה? — אויגוסט 1914 און איצט האָבן מיר אויגוסט 1939. איך זע פאַר זיך דאָס שרעקלעכע בילד פון דער דעמאָנסטראַציע פון די קריגס־אינוואַלידן אויף די בערלינער גאַסן: קאַליקעס, קריפּלס, בלינדע און דער געשריי פון די מאַסן: „קיינמאָל מער נישט קיין קריג... פּאָליציי פאַרשטעלט דעם וועג צום רייכסטאַג און איצט ווילן שוין די דייטשן ווידער אַ קריג.

די צייטונגען פון פּאַריז קומען אָן קיין סואסאָן גאַנץ פרי און זיי ברענגען באַאומרויִקנדיקע ידיעות. עס וויגט זיך דער גורל פון אייראָפּע און אפשר פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט. און דער גורל פון שלום געפינט זיך לײדער אין גאָר שלעכטע הענט. פון מאָסקווע איז אָפּהענגיק, צי אייראָפּע און מיט איר די גאַנצע וועלט וועט אויסמיידן אַ צווייטע וועלט־מלחמה אָדער נישט. ביידע צדדים: די מערב־לענדער און די „אַקס־מלוכות" האָבן געשיקט דעלע־גאַציעס קיין מאָסקווע, מיטן ציל צו געווינען סטאַלינען אויף זייער זייט און דער סאָוועטישער דיקטאַטאָר האָט גלייכצייטיק מיט ביידע דעלעגאַציעס פאַר־האַנדלט. פאַר אים איז נישט וויכטיק ווער און פון וואַנען עס קומט, נאָר פון

וועלכן צד עס וועט אים געלונגען אַרויסצובאַקומען מער, דאָס מיינט: מער לענ־דער און מער פעלקער אונטער דער ממשלה פון זיין סאָוועטישן רעזשים. פּאַשיזם און בירגערלעכע דעמאָקראַטיע דאָס זענען צווילינג־ברידער, האָט געטענהט די גאַנצע צייט דער הערשער פון קרעמל, און ער האָט געשלאָסן אַ פריינטשאַפט־פּאַקט מיט היטלערן, פון וועלכן ער האָט מער באַקומען.

סטאַלין איז געווען זיכער, אַז איצט, בעת ריבענטראָפּ האָט שוין אונטער־געשריבן אין מאָסקווע דעם פּאַקט, וועט שוין פאַרווירקלעכט ווערן דער אַלטער טרוים פון אַלע באַלשעוויקעס: עס וועט קומען צו אַ מלחמה צווישן די קאַפּי־טאַליסטן גופא און זיי וועלן זיך קעגנזייטיק פאַרניכטן. דער דריטער, וואָס וועט דערפון געניסן, וועט זיין סאָוועט־רוסלאַנד. פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אַרויס זיגרייך דער רוסישער באַלשעוויזם, באַהערשנדיק אַ זעקסטל פון דער וועלט. אין רעזולטאַט פון אַ נייער וועלט־קאַטאַסטראָפע דאַרף ער שוין דעראָבערן די גאַנצע וועלט.

אויף אַ מלחמה צווישן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָבן געבויט זייערע פּאָליטישע פּערספּעקטיוון און הערשאַפטס־געלוסטן אַלע רוסישע באַלשעוויקעס, צי דאָס זענען געווען רעכטע, ווי בוכאַרין, צי לינקע ווי טראָצקי. קיינער פון זיי האָט נישט געגלייבט אין אַ פרידלעכער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם, באַ־זונדערס אין זיין אימפּעריאַליסטישער פאַזע און אַוודאי נישט אין אַ פרידלעכער קאָעקזיסטענץ אויף אַ לענגערער צייט צווישן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און ראַטנפאַרבאַנד. סטאַלינען איז געלונגען צו שטויסן היטלערן צו אַ מלחמה מיט דער מערב־וועלט און ער האָט געהאָפט, אַז דורך דער מלחמה וועט זיך פאַר אים עפענען אַ וועג צו וועלט־הערשאַפט.

אין סואַסאַן האָבן מיר באַקומען די שרעקלעכע ידיעה, אַז ס'איז געשלאָסן געוואָרן אַ פריינטשאַפט־פּאַקט צווישן בערלין און מאָסקווע און אַז היטלערס אויסערן־מיניסטער ריבנטראָפּ איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַ פייערלעכן באַנ־קעט, וואָס דער סאָוועטישער אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו האָט פאַר אים גע־מאַכט. מען האָט נאָך דערביי צוגעגעבן, אַז מאָלאָטאָווס פרוי, אַ ייִדישקע פון אָפּשטאַם, האָט געטאַנצט אויפן באַל מיט ריבנטראָפּן.

דאָס איז געווען דעם 23סטן אויגוסט 1939. די דאַטע האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון צוליב נאָך אַ צופאַל אויך.

אין דעם זעלביקן טאָג, נאָכמיטיק, ווען מיר האָבן דערהאַלטן די ידיעה פון מאָסקווע, איז אין סואַסאַן געוואָרן שטאַרק פינצטער. די פינצטערניש

האָט געהאַלטן אין איין שטייגן און איז געוואָרן אַזוי געדיכט, אַז מען האָט נאָר געקענט זען אויף אַ שטח פון קוים טעלעכע מעטער. די גרויסע עלעקטרישע הענג־לאָמפּן אויף דער גאַס האָבן קוים געקענט אַדורכברעכן דעם חושך מצרים און זיי האָבן באַלויכטן די גאַס מיט אַ טונקל ליכט ווי דורך אַ שוואַרצער קרעפּע. טרויער־ליכט צעהאָנגענע איבער דער שטאָט זענען דאָס געווען.

אַלץ אויף די גאַסן איז ווי אויסגעשטאָרבן. איך בין פּונקט געווען אין גאַס און, נישט קענענדיק די שטאָט, האָב איך זיך פאַרהאַלטן עטלעכע שריט פאַר אַ קאַפע. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב זיך געפונען גאָר נאָענט פון מיין וווינונג. אין דער דאָזיקער פינצטערניש איז פאַרשוווּנדן דער קאָנטראַסט צווישן דער לעבעדיקער שטאָט און דעם בית־עולם, וואָס האָט זי אַרומגערינגלט.

זאָל דאָס זיין אַ בייזער אָנזאָג, אַ שרעקלעכער „מנא תקל ופרסין״, פאַר דער מענטשהייט און באַזונדערס פאַר אונדז יידן?

נאָך דער פינצטערניש איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער רעגן, ממש אַ מבול מיט קולות און ברקים, אַז די שויבן האָבן געציטערט.

נאָך דער ביטערער ידיעה פון מאָסקווע האָבן מיר געפּאַקט אונדזערע וואַ־ליזקעס און זיך אומגעקערט קיין פּאַריז אין אונדזער דירה אויפן מאָנטמאַרטער.

# דער אויסברוך פון דער מלחמה

פאַר דער קורצער צייט פון אונדזער נישט זיין אין פאַריז, האָט זיך אַלץ אין דער שטאָט ראַדיקאַל געביטן. אומעטום און איבער אַלץ האָט שוין דאָמינירט די מלחמה־שטימונג. אַפילו גאַז־מאַסקעס האָבן זיך שוין באַוויזן אין גאַס.

אויך אונדזער הויף האָט געביטן זיין אויסזען. עס איז פאַרשוווּנדן די פריִערדיקע רויִקייט און אַלע לאָקאַטאָרן האָבן נאָר גערעדט וועגן איינס: „לע באָש" (די דייטשן).

צווישן פראַנקרייך און פוילן האָט עקזיסטירט אַ פריינטשאַפט־אָפּמאַך און אין פאַל פון אַ דייטשן איבערפאַל אויף פוילן מוז פראַנקרייך איר תיכף קומען צו־הילף. פראַנקרייך האָט ווידער געהאַט אַן אָפּמאַך מיט ענגלאַנד וועגן קעגנזייטיקער הילף. איז שוין געווען קלאָר, אַז אַ ליאַדע טאָג וועט די וועלט אַרומגעכאַפּט ווערן פון אַ שרעקלעכער שריפה.

דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע אויפרעגונג צווישן אַלע שיכטן פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג, אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, צווישן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן.

אויך די פאַשיסטישע עלעמענטן אין פראַנקרייך האָבן געטענהט, אַז די פראַנצויזן דאַרפן נישט שטאַרבן פאַר דאַנציק.

דער סטאַלין־היטלער־פּאַקט פון 23סטן אויגוסט, האָט אויפגערודערט די גאַנצע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג. בפה אחד האָבן אַלע סאָציאַליסטן פאַראורטיילט די סאָוועטיש־נאַצישע פריינטשאַפט און די קאָמוניסטן פון די דעמאָקראַטישע לענדער זענען געשטעמפּלט געוואָרן ווי היטלערס שותפים אין דעם קרייץ־צוג קעגן די פרייע פעלקער פון אייראָפּע און קעגן דער פרייער אַרבעטער־באַוועגונג. אַ שטאַרקע רעאַקציע און אַ גרויסע פאַרביטערונג האָט

דער דאָזיקער פאַקט אַרויסגערופן ביי דער פאַריזער יידישער באַפעלקערונג. די יידישע קאָמוניסטן זענען פון אָנהייב געווען אַביסל פריטשמעליעט פון סטאַלינס האַנדלונג. שפּעטער, האָבן זיי זיך צוריקגעשטעלט און אָפן אָנגעהויבן צו פאַר־טיידיקן די סאָוועטיש־נאַציסטישע פריינטשאַפט. דאָס האָט, ווי געזאָגט, גורם געווען אַ גאַר שטאַרקע רעאַקציע ביי דער יידישער באַפעלקערונג און דער צאָרן קעגן די יידישע קאָמוניסטן איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז מען האָט זיי געשטעלט אונטער אַ געזעלשאַפטלעכן באָיקאָט.

געציילטע טעג נאָכן מאָסקווער אָפּמאַך האָט היטלער אָנגעהויבן זיין בלוטיקן מאַרש אויף פּוילן.

עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען שרעקלעכע ידיעות וועגן דעם מאַרש פון די היטלעריסטישע האָרדעס אויף פּוילן און וועגן דעם שוואַכן ווידערשטאַנד, וואָס די פּוילישע אַרמיי האָט געשטעלט דעם פאַשיסטישן אָנגרייפער. עס איז באַלד קלאָר געוואָרן, אַז אין מאָסקווע איז געקומען צו אַן אויסגלייך צווישן די צוויי דיקטאַטאָרן וועגן פאַרטיילן זיך מיט פּוילן, ווייל אויך די סאָוועטישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן איר מאַרש אויף די געביטן, וואָס זענען געלעגן ביי דער סאָוועטישער גרענעץ.

די מאָביליזאַציע אין פראַנקרייך האָט אין אַ גרויסער מאָס געענדערט דאָס פּנים פון דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט און אויך איר טאָג־טעגלעכן לעבנס־ריטעם.

אַן ענטוזיאַזם זענען די מאָביליזירטע פראַנצויזן געגאַנגען מיט זייערע באַ־גאַזשן און גאַז־מאַסקעס, אין דער באַגלייטונג פון זייערע נאָענטע צו די וואָקזאַלן. ערנסטקייט און באַזאָרגטקייט איז געלעגן אויף די פּנימער פון די גוטמוטיקע און אייביקע פריילעכע פראַנצויזן און טרערן אין די אויגן האָבן זיך אָפט באַוויזן ביי די באַגלייטערינס זייערע.

פּאַריז, די שטאָט פון ליכט, איז אין די אָוונט־שעהן געוואָרן פאַרטונקלט און דאָס האָט איר צוגעגעבן נאָך מער ערנסטקייט. מען האָט געפילט, אַז דאָס האַרץ פון פראַנקרייך וואַרפט זיך איצט אין גרויס אומרו.

די טונקלקייט ביינאַכט און די ריזיקע פּלאַקאַטן אויף די מויערן וועגן דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע; דער פאַרשטאַרקטער פאַרקער אין די גאַסן; די שטרעבונג פון דער באַפעלקערונג זיך צו באַזאָרגן מיט לעבנסמיטל־פּראָדוקטן און אַנדערע זאַכן פון ערשטן געברויך — דאָס אַלץ האָט אַריינגעברענגט אַ צע־מישונג. דערצו נאָך — די שרעקלעכע ידיעות פון פּוילן.

יידישער אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך

אין פּאַריז לעבן אַ סך פּוילישע ייִדן און גאָר אַ גרויסע צאָל פּאָליאַקן, צווישן זיי אויך פּוילישע אינטעלעקטואַלן. פּוילן האָט זיך פון שטענדיק אָן גע־רעכנט פאַר דער מזרח־שוועסטער פון פראַנקרייך און די פּוילישע הויפּטשטאָט איז זייט דורות געווען פאַרבונדן מיט שטאַרקע פּעדים מיט פּאַריז.

פּוילישע דיכטער, אַמאָליקע פּאָוסטאַנצעס און שפּעטערדיקע רעוואָלוציאָ־נערן האָבן דאָך געחלומט אויפן פּאַריזער ברוק...

איז דעריבער אין יענע טראַגישע סעפּטעמבער־טעג פון 1939 שטאַרק גע־וואַקסן ביי די פראַנצויזן דער סענטימענט פאַר פּוילן צוליבן נאַציאָנאַלן אומגליק, וואָס האָט איר געטראָפן.

# ביי די ברעגעס פון דער סען

די פאַריזער, אין זייער נערוועזן אומרו, האָבן אין דעם יאָר נישט באַמערקט דעם האַרבסט, וואָס שפּרייט אויס זיינע לייכטע, גאָלדענע פליגלען איבער די האַלב־טונקעלע אַלייען, סקווערן און גערטנער מיט זייערע רוישיקע טאָפּאָליעס און אַלטע, מאַסיווע קאַשטאַן־ביימער, וועלכע פאַרשיטן אין דער צייט דעם גאַנצן אַרום מיט זייערע געלע האַרבסט־בלעטער, וואָס בילדן אונטער די פיס פון די דורכגייערס פאַרביקע טעפּיכער.

היי־יאָר האָבן די פאַריזער נישט באַמערקט, ווי פון די העכסטע קופּאָלן און טורעמס, ביז אַראָפּ צו די פּייכט־געלע טעפּיכער אונטער זייערע פיס, שטייט אין דער איביקער שטאָט דער גרעל־גאָלדיקער סקעפּטישער שמייכל פון דער פראַנצויזישער האַרבסט־זון. קהלת אַליין האָט דאָ אַמאָל געמוזט וואַנדערן אין האַרבסט.

אויך די גרויע וואַסערן פון דער סען פליסן ווייטער שטיל און ווייזן נישט אַרויס קיין שום סמנים פון אומרויִקייט, ווי עס וואָלט אויף דער וועלט גאָרנישט פּאַסירט. פון די בעטאָנענע בריקן, מיט די בראָנז־פיגורן און ווייסע סקולפּטורן, קוקן קינדערלעך אַראָפּ צום טייך און שפּיגלען זיך אין זיינע וואַסערן. די קאַשטאַן־ביימער לענגאויס די ברעגעס וואַרפן לייכט און שטיל פון זיך אַראָפּ די טאַבאַק־געלע, לענגלעכע בלעטער, אַזוי שטיל ווי עס וואָלט אַ שניי געפאַלן און נאָר פון צייט צו צייט פאַלט אַראָפּ אַ געוויקס, עס פלאַצט אויף איר די גרינע שטעכיקע הויט און עס שפּרינגט אַרויס פון איר אַ ברוינער, גלאַנציקער קאַשטאַן מיט אַ ווייסן חן־שטערנדל.

די נערוועזיטעט וואָס באַהערשט איצט די פאַריזער בירגער און די הילכיקע אויסגעשרייען פון די צייטונגס־פאַרקויפערס דערגייען נישט ביז די ווייטע ברעגעס פון דער סען.

ביי די בלעכערנע קעסטלעך, פול מיט פאַרשיידענע אַלטע ביכער און מו־זעאַלע חפצים, שטייען ווי תמיד, די פאַרקויפערס מיט זייערע אַפּאַטישע בליקן און נעבן זיי — די אַמאַטאָרן פון אַ זעלטענעם בוך און די מבינים אויף אַלטע חפצים, און זיי ראַיען זיך אין די אינגעווײדן פון די קעסטלעך.

שעהן־לאַנג שטייען אַזוי אָפּ ביי די דאָזיקע קעסטלעך אַלטע און יונגע און צווישן זיי — שטודירנדיקע יוגנט פון פאַרשידענע פעלקער און ראַסן און פון די ווייטסטע לענדער.

מיט הונגעריקע בליקן זוכן זיי עפּעס אַ ניי אַנטיקל און ווי גליקלעך זיי זענען, בעת זייערע בליקן פאַרהאַלטן זיך אויף אַ בוך מיט אַן אַלטן דרוק, מיט שיינע קינסטלערישע אילוסטראַציעס און אָריגינעלן איינבאַנד. אַלטע פיגורלעך פון פאָרצעלאַן, שמוק־זאַכן פון עמאַל און קופּער, גראַווירן אויף וועלכע עס ליגט שוין אַ דיקער שיכט שטויב, דערפילן אויף זיך די וואַרעמקייט פון אַ יונגער איידעלער טונקל־ברוינער האַנט און דעם הייסן אָטעם פון אַן אַנטציקטער סטו־דענטקע פון ווייטן אַזיע מיט אירע שמאָלע, קרום־שפּאַלטיקע שוואַרצע אויגן. און די סען פליסט זיך ווייטער גאַנץ רויק און אין אירע וואַסערן שפּיגלט זיך איצט די האַרבסט־זון מיט אירע לעצטע, מידע שטראַלן. איר צוקאָפּנס שטייען די אַלטע קודלאַטע טאָפּאָלעס, וואָס מיט יעדן זון־אונטערגאַנג באַקומען זיי גרעסערע ליסינעס.

דאָ, ביי די ברעגעס פון דער סען פילט מען נאָך נישט דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט אויף דער וועלט און וואָס דערנענ־טערט זיך מיט מיילן שריט צו פראַנקרייך, צו דער שענסטער שטאָט אין דער וועלט. דאָ איז נאָך שטיל און די פאַרקויפערינס שמועסן געמיטלעך מיט זייערע קונים. אַזוי איז פּאַריז. יעדער קוואַרטאַל לעבט אין אַן אַנדער אַטמאָספער, מיט אַן אַנדערן ריטעם און האָט זיין באַזונדערן קאָלאָריט און חן.

אַ ביסל ווייטער איז זייער שטיל און די שטענדיקע פיש־כאַפּערס פון דער סען זיצן אומבאַוועגלעך מיט זייערע בלעכענע פושקעס און לאַנגע בייטשן, פאַרוואָרפענע איבער דער אומבאַוועגלעכער אויבערפלאַך פון אַ פאַרשלאָפענעם ווינקל פון טייך. זיי זיצן שטיל און אומבאַוועגלעך, פונקט אַזוי ווי דער טייך, אָבער מיט אַלע חושים זייערע דערפילן זיי גלייך, ווען די ווענטקע גיט אַ ציטער אין זייערע הענט, ווען אַ פישל האָט זיך פאַרגלוסט צו כאַפּן דאָס ווערעמל, וואָס אויף דער ווענטקע. זיצן זיי אַזוי, די פיש־פאַנגער, שעהן און שעהן אומבאַוועג־לעך אויף זייערע ערטער ביז די לאַנגע שאָטנס פון די אַרומיקע הייזער און פון

דער באַרימטער „נאָטער־דאַם דע פּאַרי״־קירך הייבן אָן איינצוהילן די ברעגעס אין אַ געדיכטער טונקלקייט און די ערד הייבט אָן פון זיך אַרויסצואָטעמען אַ קאַלט־האַרבסטיקע פייכטקייט.

אויפן אָרט פון די פישערס באַוויַיזן זיך איצט די אמתע תושבים פון דער סען, ריכטיקער, פון די בריקן פון דער סען: די וואַגאַבונדן, אָדער די „קלאָשאַרן״. זיי פאַרנעמען פלעצער אונטער די בריקן אָדער אויף די טרעפּלעך, וואָס פירן אַראָפּ צום טייך. דאָס איז אָפּהענגיק פון וועטער. זיי זיצן איינגעגראָבן אין זיך, אָן ווענטקעס און אָן בלעכערנע פושקעס, נאָר מיט זעקלעך אָנגעקליבענע זאַכן, אָדער מיט אַ פלאַש רויט־וויין אין דער בוזעם־קעשענע. אַמאָל זיצנדיק און אַמאָל אויסגעצויגן, דאָס איז אָפּהענגיק פון זייער שטימונג, שלאָפן זיי אַדורך די נאַכט אונטערן שטילן פאַלן פון די האַרבסט־בלעטער און מאָנאָטאָנעם געמורמל פון די סען־וואַסערן און לאָמיר נישט פאַרגעסן צוצוגעבן: אונטערן שוץ פון די הייליקע פון דער „נאָטער דאַם דע פּאַרי״...

און נאָר עטלעכע הונדערט מעטער פון די שאָטנדיקע ווינקעלעך פון דער סען פאַרשרייען הילכערס די גאַסן, די סיגנאַל־ליכטער, רויט־גרין־געל קאָמאַנ־דעווען מיט פוסגייער און מיט דער גאַסן־באַוועגונג און פון קיאָסקן רייסן זיך אַרויס ריזיקע צייטונגס־קעפּ מיט די לעצטע ידיעות פון פּוילישן קריגס־פראָנט. גרופּקעס מענטשן ביי די קיאָסקן און קאַפעס דיסקוטירן. איינער פאַררייסט דעם קאָפּ און קוקט צום הימל און אַלע הייבן שוין אויף די קעפּ. אַוויאָנען איבער פאַריז, אָבער וואָסערע?

אין די קאַפעען איז לעבעדיק. אַ סך מער ווי פריִער. די שטאַם־געסט זענען נישט צופרידן מיטן צופלוס פון נייע, צופעליקע עלעמענטן אין אַ „פּראָסטן מאָנטיק״. ביים בופעט פון קאַפע — ערנסטע געשפּרעכן, אַדורכגעפלאָכטענע מיט פראַנצויזישן וויץ און שאַרפזין. מען טרינקט אויס דאָס גלעזל און מען גייט זיך פאַנאַנדער מיט אַ סקעפּטישן מאַך מיט דער האַנט. דער באַלעבאָס פון דער קאַפע ווייסט אַלע נייעסן און איז די טעג געוואָרן זייער באַרעדעווודיק. דאָס פאַריזער פאָלק וויל נישט קיין מלחמה און די קאָמוניסטן האָבן אַ גינסטיקן באָדן פאַר זייער פּראָ־סאָוועטישער פּראָפּאַגאַנדע און פאַרלאַנגען אַ שלום מיט היטלער־דייטשלאַנד.

וואָס עס קומט פאָר אין די קרייזן פון דער פראַנצויזישער פינאַנץ־אָלי־גאַרכיע, איז נישט קלאָר. צי טראַכט מען דאָרט וועגן אַרויספירן די קאַפּיטאַלן,

אָדער צי לעבט מען דאָרט מיט דער האָפענונג, אַז „איין קרא וועט דער צווי־טער קיין אויג נישט אויסשטעכן", — דאָס ווייסט מען נאָך נישט אויף זיכער.

„סטראַטעגן" ברעכן זיך דעם קאָפּ איבער דעם ווערט פון דער „מאַזשינאָ־ליניע": צי וועט זי אויסהאַלטן דעם טעווטאָנישן דרוק, אָדער נישט?

אַ גרויסע מאָראַלישע באַפרידיקונג איז דער פאַקט, וואָס ענגלאַנד האָט, צוזאַמען מיט פראַנקרייך, דערקלערט מלחמה דייטשלאַנד. די אַלטע מיליטערישע אַליאַנץ האָט ווידער אויסגעהאַלטן די פּראָבע.

# דאָס ייִדישע פּאַריז

ייִדן פון פּאַריז, די איינגעוואַנדערטע, זענען מיט טויזנטער פעדים געווען געבונדן מיט מזרח־אייראָפּע. זיי האָבן דאָך געשטאַמט פון פּוילן, רומעניע, רוס־לאַנד און ליטע און דער ערשטער דור פון די איינגעוואַנדערטע האָט נאָך גע־לעבט מיט זכרונות פון דער אַלטער היים און אין אַ גרויסער מאָס קאָנסערווירט אויפן „פּלעצל" און „בעלוויל" דאָס אַמאָליקע שטייגער־לעבן, וואָס ער האָט געברענגט מיט זיך פון די שטעט און שטעטלעך פון פּוילן און ליטע.

האָבן די ידיעות פון פּוילן, די באַריכטן וועגן דעם פּלוצימדיקן דייטש־סאָוועטישן איבערפאַל אויף די מקומות פון זיין אַלטער היים, געהאַלטן געשפּאַנט דעם פּאַריזער ייִדישן ישוב. עס האָבן זיך אויך שוין אָנגעהויבן צו באַווייזן פּוי־לישע מיליטער־לייט, וואָס זענען אַנטלאָפן פון פּוילן. אויך ציווילע פּאָליטיקן האָבן זיך באַוויזן, צווישן זיי געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע טוער. דער צענ־טער פון דער דאָזיקער עמיגראַציע איז געווען דער פּוילישער קאָנסולאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פּראַנצויזישן בורזשואַזן קוואַרטאַל.

צווישן די ערשטע פּוילישע עמיגראַנטן זענען אויך געווען אָנגעזעענע טוער פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ. פּ. ס.) ווי, למשל, דער געוועזע־נער אַרבעטס־מיניסטער סטאַניסלאַוו סטאַנטשיק און דער באַקאַנטער פּובלי־ציסט אַדאַם טשאַלקאָש א"אַנד. אַ ביסל שפּעטער זענען אויך געקומען פון וואַרשע אונדזער אומפאַרגעסלעכער חבר אַרטור זיגלבוים און עסטעראַ איווינסקאַ, וואָס האָט געשפּילט אין וואַרשע אַן אָנגעזעענע ראָל אין שטאָטראַט און אַלס אַדוואָ־קאַטין.

עס האָט אַ שמעק־געטון מיט פּוילן, מיטן אַמאָליקן פּוילן, וואָס איך האָב פאַרלאָזט מיט עטלעכע יאָר פריִער. בעת די אָפטע געשפּרעכן מיט די חברים אַרטור און עסטערא און די צוזאַמענטרעפן מיט סטאַנטשיקן און טשאַלקאָשן, איז

מיר נישט איינגעפּאַלן דער משונהדיקער געדאַנק, אַז דאָס זענען שוין די לעצטע שליחים פון דעם אַמאָליקן פּוילן מיט זיינע מיליאָנען ייִדן און גרויסע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אַז דאָס איז דער אָנהייב פון טראַגישן עפּילאָג פון דער פּוילישער תקופה אין דער געשיכטע פון אונדזער וועלט־פאָלק.

דער פּולס פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּאַריז איז דעמאָלט גע־וואָרן אַ סך שטאַרקער, הויפּטזעכלעך אויפן געביט פון אָרגאַניזירן מאַטעריעלע הילף פאַר דער פאַראָרעמטער, אין רעזולטאַט פון מלחמה־אויסברוך, ייִדישער באַפעלקערונג.

אָבער אויך דאָס קולטורעלע לעבן איז נישט אָפּגעשטאַנען.

אויב אין די פריִערדיקע יאָרן האָט זיך פּאַריז נישט אויסגעצייכנט מיט אַזאַ אינטענסיוו און ברויזנדיק לעבן, איז אָבער איצט, נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, דאָס ייִדישע געזעלשאַפטלעכע לעבן געוואָרן אַ סך דינאַמישער און רוישיקער.

אַ באַזונדערס לעבהאַפטיקע טעטיקייט האָט אַרויסגעוויזן די „פעדעראַציע פון ייִדישע געזעלשאַפטן”, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער דאָמינירנדיקער השפּעה פון דער „פּועלי־ציון התאחדות”.

די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע האָט אָפּטמאָל אַרויסגענומען פון דער שטוב דעם איינציקן פאַרדינער און אַלטע לייט און קינדער זענען שוין אין די ערשטע טעג פון מלחמה־אויסברוך געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. אויך באַדייטנדיקע טיילן פון דער ייִדישער אינטעליגענץ זענען געבליבן אָן באַשעפטיקונג און מען האָט גע־דאַרפט פאַר זיי זאָרגן. עס זענען אַנטשטאַנען הילף־קאָמיטעטן ביי דער „פעדע־ראַציע” און מחוץ איר און דער אַמעריקאַנער „דזשאָינט” האָט זיי אַלעמען גע־האָלפן.

אויך „אָרט”־„אָזע” און „קאָלאָניע סקאָלער” אויף רי אמלא האָבן פאַר־שטאַרקט זייער הילף־טעטיקייט צווישן די נויטבאַדערפטיקע קינדער און על־טערן. די פאָלקס־קיכן אויף רי רישע, די פון „אַרבעטער־רינג” און אויף רי בע־ראַנזשע פון די לינקע פּועלי־ציון האָבן איצט צובאַקומען אַ סך נייע קאָנסומענטן.

עס איז דערגרייכט געוואָרן אַן ענגערע צוזאַמענאַרבעט צווישן אַלע ריכ־טונגען און גרופּירונגען אויף דער ייִדישער גאַס, אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, מיט די קאָמוניסטן, וואָס זענען געשטעלט געוואָרן מחוץ למחנה. און דער דאָזיקער פאַקט האָט אויך סטימולירט די קולטור־אַרבעט צווישן די ייִדישע מאַסן אין דער דאָזיקער טראַגישער צייט.

אין אונדזער בונדישן ווינקל, אויף רי וויעי די טאמפּל, איז געוואָרן גאָר

לעבעדיק. דער לאָקאַל, וואָס פלעגט פריִער אין די וואָכן־טעג פוסטעווען, איז איצט געוואָרן אַ פּאָפּולערער צענטער פאַר יידישע פאָלקס־מענטשן.

די חברים, וואָס זענען נישט מאָביליזירט געוואָרן, האָבן איצט געהאַט מער צייט און האָבן זיך גרופּירט אין זייער אַרבעטער־לאָקאַל. די פאַמיליעס, וואָס זע־נען צעריסן געוואָרן, האָבן אויך שטאַרק געצויגן אין „לאָקאַל" אַריין. די צאָל עסערס איז באַדייטנדיק אויסגעוואַקסן. עס איז אויך געוואָרן וואַרעמער בעת דער מיטיק־שעה. דיסקוסיעס, שמועסן דערוואַרעמען אויך.

די טעטיקייט פון דער „מעדעם"־ביבליאָטעק ביים „אַרבעטער־רינג" איז אויך געוואַקסן. עס איז דאָך געווען די צייט פון „דראָל דע גער". פון דער „קאָמישער מלחמה", ווי די פראַנצויזן האָבן באַצייכנט דעם פּעריאָד פון דער פראַנצויזיש־ענגלישער מלחמה־דערקלערונג, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ביז דער דייטשער אָפענסיווע אין פרילינג 1940. און מען האָט געהאַט מער צייט צו לייענען ביכער. עס איז בכלל דעמאָלט געוואַקסן דער אינטערעס צו פּאָליטיק און באַזונדערס צום פּאָליטישן און אידעאָלאָגישן קאַמף קעגן קאָמוניזם אין פראַנקרייך, וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן געפירט, ווי קעגן אַ פרעמדער ריכטונג אין אַר־בעטער־קלאַס, אָדער ווי לעאָן בלום האָט טרעפלעך באַצייכנט די פראַנצויזישע קאָמוניסטן אַלס „אויסלענדישע נאַציאָנאַליסטן".

פּוילן איז שוין געלעגן אַ צעשמעטערטע. די לעצטע רעשטלעך פון דער פּוי־לישער אַרמיי זענען פאַרניכטעט געוואָרן פון היטלערס מיליטערישן פאַרבינדעטן פון מזרח־אייראָפּע. די רויטע אַרמיי האָט אָקופּירט דעם טייל פּוילן, וואָס עס איז איר געקומען לויט די געהיימע פּונקטן פון היטלער־סטאַלין פּאַקט און די קאָ־מוניסטן פון אַלע לענדער, און בתוכם אויך די יידישע קאָמוניסטן, האָבן איצט געהאַט נאָר איין אויפגאַבע: פירן אַ קאַמף פאַר אַ שלום מיט היטלער־דייטשלאַנד. ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָס האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער נאַציסטיש־סאָ־וועטישער אַגרעסיע אויף פּוילן, זענען דערקלערט געוואָרן אַלס מלחמה־פאַרברע־כער און דער מאָסקווער ראַדיאָ האָט נישט אויפגעהערט צו העצן קעגן אַנגלאָ־פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם. נאַצי־דייטשלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד האָבן פייער־לעך דערקלערט, אַז פּוילן איז זייערס אַן אינערלעכער ענין און קיין שום אַנדערע רעגירונג האָט זיך נישט וואָס אַריינצומישן אין דער פּוילישער פראַגע.

וואָס שייך ליטע און די באַלטישע לענדער, האָט מאָסקווע דערקלערט, אַז די דאָזיקע לענדער האָבן שוין אַליין באַשטימט, אַז זיי ווילן געהערן צו סאָוועט־רוסלאַנד.

# אין אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־לאַגער

אין פאַריז האָבן זיך אָנגעהויבן אָבלאַוועס אין די גאַסן אויף מיליטער־פליכטיקע. פּאָליציי האָט קאָנטראָלירט די פּאַפּירן. אַ סך דייטשע עמיגראַנטן, פאַרדעכטיקע ביי דער פּאָליציי, האָט מען אינטערנירט אין לאַגערן, דערביי האָבן געליטן אַ סך אומשולדיקע דייטשע אימיגראַנטן, אויסגעצייכנטע אַנטי־פאַשיסטן.

אַ חוץ דעם איז די שטימונג געווען אין דער שטאָט אַזאַ, אַז פאַר יונגע מענטשן איז געוואָרן אוממעגלעך צו זיצן אין אַ קאַפע. די פרויען אָדער די עלטערן פון אַ מאָביליזירטן האָבן געקוקט אויף אַזאַ אייגעם מיט אומפריינטלעכע בליקן.

צוליב פאַרטיידיקונגס־טעמים איז די שטאָט אין די אָוונטן געוואָרן שוואַכער באַלויכטן און עס איז געוואָרן אומעטיקער און טרויעריקער אין דער שטאָט פון ליכט, געזאַנג און וויין.

די פּאָליטישע עמיגראַנטן פלעגן זיך גרופּירן אין פּריוואַטע דירות ביי חברים און דיסקוטירן וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן און בכלל וועגן די פּערספּעקטיוון פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך האָב זיך דעמאָלט זייער אָפט געטראָפן מיט פּאָליטישע טוער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, ווי: רוסן, פּאָליאַקן, עסטרייכער, דייטשן, רומענער א״אַ. עס האָט געהערשט אַ גרויסע קאָנפוזיע אין די מוחות פון די פּאָליטישע עמיגראַנטן. אַ טייל האָט געהאַלטן, אַז אייראָפּע איז פאַרלוירן. היטלער צוזאַמען מיט סטאַלינען וועלן באַהערשן גאַנץ אייראָפּע און זיי האָבן געטראַכט, ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען אין ווייטע, מעבר־לים־לענדער. אַנדערע ווידער האָבן געהאַלטן, אַז אויב אַמעריקע וועט אַריין אין קריג — מוז היטלער פאַרשפּילן. פון אַ מלחמה אין אייראָפּעיִשן מאַסשטאַב קען היטלער אַרויס דער זיגער, אָבער נישט פון אַ

מלחמה, וואָס וועט טראָגן אַן אַלוועלטלעכן כאַראַקטער. אַלץ איז דעריבער געווען אָפּהענגיק דערפון, ווי אַזוי אַמעריקע וועט זיך האַלטן.

דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־קלאַס איז דאָס מאָל נישט געווען אַזוי טראַגיש צעשפּאָלטן, ווי בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. איצט האָט ער געבילדעט איין לאַגער, איין אַנטי־פאַשיסטישן פראָנט, צו וועלכן עס האָבן געהערט פראַנצויזישע, דייטשע, ענגלישע און איטאַליענישע סאָציאַליסטן. די דייטשע אָדער איטאַליענישע סאָציאַליסטן האָבן נישט ווינציקער פון די פראַנצויזישע אָדער ענגלישע געשטרעבט צו אַ מפּלה פון דייטשן אָדער איטאַליענישן פאַשיסטישן אַגרעסאָר. דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער לאַגער האָט געהאַט איין געמיינזאַמען ציל: פאַרניכטן דעם בלוטיקן, רויבערישן פאַשיזם, וואָס איז דער שונא נומער איינס פון דער דעמאָקראַטיע, פון פרייען אַרבעטער־קלאַס און זיינע אָרגאַניזאַציעס.

האָבן זיך צווישן דייטשן, רומענער א״אַ געפינען אַ סך, וואָס זענען פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין פראַנצויזישן פרעמדן־לעגיאָן, אָדער געזוכט אויף אַן אַנדער אופן זיך צו באַטייליקן אין אַנטיפאַשיסטישן קאַמף. להיפּוך צו דער מלחמה פון 1914—1918 האָט איצט אין די רייען פון אינטערנאַציאָנאַלן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם געהערשט אַן אמתע אַרבעטער־סאָלידאַריטעט און אַ גרייטקייט צו קעגנזייטיקער הילף.

אויך אין דעם סאָציאַליסטישן לאַגער זענען געווען גרופּעס, וואָס האָבן ווייטער פאַרטיידיקט דעם אַמאָליקן שטאַנדפּונקט, אַז די מלחמה איז אין דער ערשטער ריי אַן אימפּעריאַליסטישע און סאָציאַליסטן קענען דעריבער נישט שליסן מיט די אימפּעריאַליסטישע מלוכות פון די מערב־קאַפּיטאַליסטישע לענדער קיין „בורג־פרידן״.

דאָמינירט אין סאָציאַליסטישן לאַגער האָט אָבער די שטעלונג, אַז שטיצנדיק מיט אַלע כוחות דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאַמף, האַלט איין די סאָציאַליסטישע באַוועגונג איר אידעאָלאָגישע און פּאָליטישע זעלבשטענדקייט און וועט, נאָכן זיג איבערן פאַשיזם שטרעבן צו רעאַליזירן אירע דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישע צילן, כדי אויף להבא אוממעגלעך צו מאַכן יעטוועדע נייע געפאַר פון פאַשיזם און פון מלחמה.

# דער בליצקריג קעגן פראַנקרייך

## חברטע „איקא“ (אסתר ריכטער). — איך פאַרלאָז פאַריז. — שטימונגען און רעפלעקסן.

ענדלעך איז געקומען דאָס, וואָס מען האָט דערוואַרט די גאַנצע צייט פון דעם „דראָל דע גער“: עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע דייטשע אָפענסיווע אויף בעלגיע און פראַנקרייך. דאָס איז געווען אין מאַי 1940. די נאַציסטישע פאַנצער־דיוויזיעס האָבן זיך גיך באַוועגט און עס איז שוין געווען זיכער, אַז זיי וועלן פאַרנעמען גרויסע טיילן פון פראַנקרייך.

מיין פרוי, וואָס האָט זיך מיט עטלעכע חדשים פריער געהאַט עוואַקויִרט אין דער פּראָווינץ מיט דעם ייִדישן קינדער־אַנשטאַלט, וווּ זי האָט געאַרבעט, איז גראָד אין יענע שווערע טעג געקומען אויף אַ קורצער צייט קיין פאַריז. מיר באַמערקן, אַז אין דער געוויינלעכער פרימאָרגן־שעה איז עפּעס אונדזער הויף רוישיקער און טומלדיקער, ווי שטענדיק. דאָס האָט אונדז שטאַרק גע־חידושט. מיר שטעלן אָן די ראַדיאָ און גלייך דערהערן מיר די באַקאַנטע שטים פון פאַריזער ראַדיאָ־ספּיקער: די דייטשן זענען אַריין קיין בעלגיע. זיי האָבן גע־בראָכן דעם ווידערשטאַנד פון דער בעלגישער אַרמיי און מאַרשירן אויף פראַנק־רייך, דאָס מיינט אויף פאַריז. מיר האָבן זיך בײַדע אָנגעקוקט מיט שטוינענ־דיקע בליקן. אויס, הייסט עס, מיט דער מאַזשינאָ־ליניע און די פראַנצויזישע אַרמיי געפינט זיך אין אַ דעזאָרגאַניזירטן צושטאַנד. גענעראַל גאַמלען איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן און אויף זיין אָרט קומט דער גענעראַל ווייגאַן. מאַרשאַל פּעטען — קריגס־מיניסטער. אַ געדריקטע שטימונג באַהערשט די פאַריזער באַ־פעלקערונג. דער אייביקער שונא פון פראַנקרייך דרינגט אַריין אין לאַנד מיט

זיינע פאַנצער־דיוויזיעס און איבער דער פּרעכטיק־צעבליטער פרילינג־שטאָט קרייזן אין דער לופטן די דייטשע רויב־פייגל מיטן האַקנקרייץ.

ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג, איז נישט געווען קיין שום שטימונג פאַר אַ סעפּאַראַטן שלום, כאָטש די דייטשע האָרדעס האָבן זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער דערנעענטערט צו פּאַריז און מיר האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס דאָס באַדייט פאַרן ייִדישן ישוב אין פראַנקרייך. נאָר די יעווסעקעס האָבן אין אַזאַ גורלדיקן מאָמענט פאַר די ייִדישע מאַסן אין פראַנקרייך, פאַרטיידיקט די סאָוועטישע פּאָליטיק פון אַ געמיינזאַמען פראָנט מיט היטלער־דייטשלאַנד.

דער דייטשער בליץ־קריג, דאָס ראַשע פאַרכאַפּן בעלגיע און דער ווילדער מאַרש־פאָרויס קיין פראַנקרייך האָט אַרויסגערופן אַ מהומה ביי די פּאַריזער ייִדן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־עוואַקואַציע פון דער פּאַריזער ייִדישער באַפעלקערונג אין דער פּראָווינץ. אַלע צוגן, וואָס זענען געגאַנגען קיין דרום־פראַנקרייך זענען געווען איבערגעפּולט. בכלל זענען די וואָקזאַלן, ווי דער „גאַר די ליאָן" און דער „גאַר סען לאַזאַר", געווען פאַרלייגט מיט פּאַסאַזשירן, פראַנצויזן און ייִדן, אויסלענדער, אייראָפּעער און נאָרד־אַפריקאַנער.

אויך די טוער פון פאַרשיידענע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן איצט געטראַכט וועגן עוואַקואַציע. מען האָט נישט געוואָלט בלייבן אין פּאַריז בעתן אַריינמאַרש פון די דייטשן. מען האָט שוין איצט זיך ווייניקער געזען און עס איז שווער געווען צו טרעפן אַן אייגענעם אין דער קאַפע „סורס" אין לאַטיינישן קוואַרטאַל אָדער אין אַ קאַפע אויפן מאָנפּאַרנאַס.

דאַקעגן ביי אונדז אין בונדישן לאָקאַל, אויף די וויעי די טאַמפּל, אין האַרץ פון ייִדישן פּאַריז, האָט גראָד געהערשט אַ גרויסע באַוועגונג. חברים און חברטעס האָבן קאָמענטירט די טעגלעכע נייעסן און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: יאָ פאַרלאָזן אָדער נישט פאַרלאָזן פּאַריז, און אויב יאָ פאַרלאָזן, טאָ וווּהין פאָרן?

חברטע „איקאָ" (אסתר ריכטער), חבר נאַטאַן און זיין פרוי, חברטע מרים (אגב, אַ דייטשקע, אַ ריינע אַריערן פון אָפּשטאַם), חבר יחיאל ניימאַן, חברטע פּאַלאַקאָוואַ א״אַנד. זענען געווען פאַרטון אין דער אַרבעט, מיר אַלע, קאָמיטעט־מיטגלידער פון „בונד", אָדער פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון „אַרבעטער־רינג", וואָס זענען נישט מאָביליזירט געוואָרן, האָבן זיך געפונען גאַנצע טעג אין פּאַרטיי־לאָקאַל, באַהערשט פון געדאַנק וועגן דעם מאָרגן. ווי אַזוי וועט מען זיך איינאָרדענען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע און ווער פון די אָנפירנדיקע חברים וועט בלייבן אין פּאַריז, כדי ווייטער אָנצופירן מיט דער טעטיקייט פון אונדזערע אינסטיטוציעס? וואָס

וועט ווערן מיט אונדזער רייכער „מעדעם״־ביבליאָטעק? אד״גל. קיין פעסטן באַשלוס ווער עס זאָל בלייבן אויפֿן אָרט און ווער עס זאָל זיך עוואַקויִרן האָבן מיר נישט אָנגענומען. די קאָמיטעט־מיטגלידער, וואָס ווען ביי זיך באַשליסן צו בלייבן אין פאַריז וועלן בילדן די נייע אָנפירונג.

חברטע „איקא״ האָט דעמאָלט געטון אַ גרויסע הילף־אַרבעט אין אַרבעטער־רינג און דאָס זעלביקע אויך די חברים יחיאל ניימאַן, נאטאן און מרים, א״אַ. זיי האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אויפֿן אָרט. אַנדערע, צווישן זיי אויך איך, האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פאַריז. דער וועג האָט דעמאָלט געפירט, הויפּטזעכלעך, קיין טולוז און גאָר אַ גרויסער טייל פון אונדזערע חברים זענען דאָרט אַהין געפאָרן.

פאַר מיין רייזע האָב איך נאָך פאַרברענגט עטלעכע שעה אין אונדזער פּאַרטיי־לאָקאַל און זיך געזעגנט מיט דער חברטע „איקא״ און אַלע אַנדערע חברים.

איקא איז דעמאָלט געווען אין פולן ברען פון איר אַרבעט. אַזוי קליין און פיזיש שוואַך ווי זי איז געווען, האָט זי אָבער פאַרמאָגט אין זיך אַן אומדערשעפּלעכן קוואַל פון ענערגיע און נאָך מער גוטסקייט און וואַרעמקייט פאַר די חברים און סתם פאָלקס־מענטשן און באַזונדערס פאַר פרויען מיט זייערע קינדער. אַלע האָט זי געהאַט אויף איר קאָפּ און זיך אינטערעסירט מיט יעדער קלייניקייט, וואָס נוגע דער לאַגע פון אונדזערע חברים. זי איז דעמאָלט געווען די נשמה און דאָס האַרץ פון רי וויעי די טאמפּל. מיר אַלע האָבן פריִער נישט געוווּסט, וואָסערן אוצר מיר האָבן אין איר פאַרמאָגט. פאַר דער מלחמה איז איקא ווייניק געקומען אין אונדזער לאָקאַל. זי האָט געאַרבעט אויף אַ פּריוואַטן פּאָסטן. ווען עס איז געשטאַנען איר קאַנדידאַטור אויפֿן פּאָסטן פון סעקרעטאַר פון „אַרבעטער־רינג״, האָב איך זיך געהאַט אָפּגעהאַלטן פון שטימען פאַר איר, מחמת איך האָב זי נישט געקענט און נישט געוווּסט, צי וועט זי פעיִק זיין צו פאַרנעמען אַזאַ פּאָסטן.

איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז געווען דער אידעאַלסטער מענטש פאַר דער הילף־אַרבעט, וואָס האָט געמוזט אָרגאַניזירט ווערן. און נישט בלויז דאָס. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַן אמתע סאָציאַליסטקע מיט אַ הויכער מאָראַל און שטאַרקן כאַראַקטער. זי איז געווען אומדערמידלעך און אומדערשראָקן אין איר אחריותפולער אַרבעט און, ליידער, די ערשטע געפאַלן אַ קרבן פון דער נאַציסטישער בעסטיע.

אַפּילו אין דער טורמע, ווו די בעסטיאַלישע דייטשן האָבן זיך פאַרשפאַרט, האָט זי נישט איבערגעריסן איר הילף־טעטיקייט פאַר די אומגליקלעכע נויט־באַדערפטיקע קרבנות פון דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און איקא איז געפאַלן אויף איר פּאָסטן ווי אַ געטרייער סאָלדאַט פון דער בונדישער קאַמף־מחנה. אַפּילו ביי די רוצחישע דייטשן האָט זי, אַ יידישקע און סאָציאַליסטקע — אַרויס־גערופן רעספּעקט צו זיך. איר טויט אין דער תפיסה האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער ביי די אַלע, וואָס האָבן זי געקענט און אַ קללה אויף די ליפּן פאַר די דייטשע אָקופּאַנטן און זייערע פראַנצויזישע מיטהעלפער.

בעת מיין געזעגענונג, האָט מיך איקא געפרעגט אויף זייער אַ דיסקרעטן אופן, צי איך נייטיק זיך נישט אין קיין געלט אויף דער רייזע, אָבער איך האָב נאָך געהאַט אויף אַ באַן־בילעט און אויף עטלעכע וואָכן צו לעבן און זיך אָפּ־געזאָגט דערפון. מיר האָבן זיך געזעגנט און זיך געווונטשן אַלדאָס גוטס. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, ווי איך האָב זי געזען און אַזאַ איז זי ביי מיר אויף אייביק געבליבן אין זכרון.

כדי זיך צו עוואַקוירן קיין טולוז, האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער פּאַריזער פּרעפעקטור. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דער מענשעוויסטישער פירער, ר. אַבראַמאָוויטש, האָט אַרויסבאַקומען אַזעלכע דער־לויבענישן פון דער פּרעפעקטור פאַר די חברים פון דער פּאַריזער מענשע־וויסטישער גרופּע. האָב איך אים טעלעפאָניש אָנגעפרעגט, צי ער קען נישט אויך פאַר מיר אַרויסנעמען אַזאַ דערלויבעניש. דערויף האָט ער מיר געענט־פערט, אַז פאַר בונדיסטן קאָן דאָס זייער גוט דערליידיקן פראַנץ קורסקי. און אַזוי איז דאָס טאַקע געווען. איך האָב באַקומען אַ רויטן צעטל פון דער פּרע־פעקטור מיט מיין פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעוויזן, אַז איך האָב אַ רעכט צו פאָרן מיט דער באַן קיין טולוז.

מיין פרוי האָט זיך אומגעקערט אין דעם שטעטל קראַ, וואָס איז געלעגן אין דער פראַנצויזישער געגנט „מאַסיוו צענטראַל" און ווו עס האָט זיך געפינען איר קינדער־אַנשטאַלט. ווען מיר וועלן זיך זען, וועגן דעם האָבן מיר זיך נישט געפרעגט. מיר האָבן בלויז אָפּגערעדט אָפּט צו זיך צו שרייבן.

ווי לאַנג עס האָט נאָך עקזיסטירט אַ נאָרמאַלע פּאָסט־פאַרבינדונג מיט לאָנדאָן, האָבן מיר באַקומען בריוו פון אונדזער קינד. מיט דער דייטשער אָקו־פּאַציע איז דאָס שוין אויך געוואָרן אוממעגלעך. עס האָט זיך איצט געשטעלט

די פראַגע וועגן באַקומען פון אים בריוו דורך אַ נייטראַל לאַנד, ווי למשל: פּאָרטוגאַל.

איך האָב באַגלייט מיין פרוי צו דער באַן מיטן געפיל, אַז ווער ווייס, ווען מיר וועלן זיך ווידער זעען און זיך אומגעקערט אַ פאַראייִנזאַמטער אין מיין צימער אויף רי מאַרקאַדע.

דאָס איינציקע קינד אין לאַנדאַן, מיין פרוי אין דער וויטער פראַנצויזישער פּראָווינץ, מיט די חברים שוין זיך געזעגנט. און איצט דאַרף איך זיך גרייטן אין וועג אַריין.

איך האָב זיך אומגעקוקט אין מיין צימער, כדי צו זען, וואָס איך זאָל מיט זיך מיטנעמען אין וועג אַריין. איך האָב נישט געהאַט די זאָרג, וואָס צו טון מיטן צירונג, אָדער מיט מיינע קאַפּיטאַלן; איך האָב מיר נישט געדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ, וואָס צו טון מיט מיינע מאַשינען אָדער געשעפט, ווי דאָס איז דעמאָלט געווען דער פאַל מיט גאַר אַ סך פאַריזער יידן. אפילו מיט מיין מעבל האָב איך אויך נישט געהאַט קיין שום קלאָפּאָט. איך האָב גאָרנישט פאַרמאָגט אין מיין דירה אַזוינס, וואָס זאָל ביי אימיצן וועקן דעם חשק עס צו וועלן ביי מיר צו־נעמען. איך האָב אויף מיין טיר קיינמאָל נישט געהאַט קיין שלאָס. מען האָט איר געגעבן אַ שטאַרקן שטויס האָט זי זיך אַליין געעפנט. און קיינמאָל האָט נישט פּאַסירט, אַז מען זאָל מיך באַגנבענען. גנבים ווייסן, וווהין זיי זאָלן גיין. איך האָב דעריבער נישט געהאַט קיין שום זאָרג מיט מיין פאַרמעגן. איין זאַך האָב איך יאָ פאַרמאָגט, וואָס האָט געהאַט פאַר מיר אַ גאָר גרויסן ווערט. איך האָב געהאַט ביכער און זשורנאַלן, קאָמפּלעטן צייטונגען אין פאַרשידענע שפּראַכן און אַ סך נאָטיצן, וואָס איך האָב געמאַכט פאַר פאַרשידענע אַרבעטן מיינע. וואָס טוט מען דערמיט? מיטנעמען דאָס אַלץ מיט זיך איז דאָך אוממעג־לעך, האָב איך פּרובירט צו מאַכן אַ סעלעקציע און אויסקלייבן די פאַר מיר וויכ־טיקסטע ביכער און נאָטיצן. האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז וויפיל איך האָב נישט פאַרבראַקירט, איז נאָך אַלץ געבליבן צו פיל. און עס האָט זיך מיר דערמאָנט אַן אַלט מעשהלע, דאַכט זיך, פון מולטאַטולי וועגן דעם גרויסן הערשער, וואָס האָט געוואָלט וויסן פאַרן טויט דעם סוד פון לעבן און די חכמים זיינע האָבן אים געברענגט אַ סך ביכער, כדי פון זיי זאָל ער באַקומען אַן ענטפער אויף זיין פראַגע. ער האָט אָבער פון זיי פאַרלאַנגט וואָס ווייניקער און ווייניקער בי־כער, ווייל פאַרן טויט וועט ער שוין נישט באַוויזן אַזויפיל איבערצולייענען. האָבן די חכמים רעדוצירט די צאָל ביכער, אָבער דער הערשער האָט נאָך אַלץ

געהאַלטן, אַז דאָס איז פּאַר אים צו פיל איבערצוליייענען. ביז מען האָט אים ענד־לעך שוין געבראַכט בלויז איין בוך, אָבער אויך דאָס איינציקע בוך איז געווען פּאַר אים צו פיל און ער האָט פאַרלאַנגט, אַז די חכמים זאָלן אים אין עטלעכע פּראָזן דערקלערן דעם זין פון לעבן.

ענדלעך איז איצט געווען מיין סיטואַציע. איך האָב אַלעמאָל פאַרקלענערט די צאָל ביכער און צייטשריפטן און עס איז נאָך אַלץ געווען צו־גרויס דער באַ־גאַזש אין אַזאַ וועג, וואָס איך האָב איצט געדאַרפט אַדורכמאַכן. האָב איך באַ־שלאָסן צו רעדוצירן די ביכער בלויז צו עטלעכע: צו אַ קליין תנ״ך, אַן אַלטן סידור, אַ באַנד פון פרצן, אַ קיצור פון דובנאָווס געשיכטע און עטלעכע ווערק פון די קלאַסיקער פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור (שעקספּיר, וויקטאָר הוגאָ און טאָלסטאָי). סאָציאַליסטישע ליטעראַטור האָב איך אויסגעמיטן מיט זיך צו נעמען אין וועג אַריין. איך האָב געטראַכט ביי זיך: ווען די היינטיקע ציוויליזאַציע זאָל חלילה אונטערגיין און נאָר די פּאָר ביכער מיינע זאָלן בלייבן, וועט מען ווידער קענען רעקאָנסטרויִרן די מענטשלעכע ציוויליזאַציע און די גייסטיקע ווערטן פון יידישן פאָלק.

איצטער האָב איך שוין אָנגעהאַנגען אַ שלעסל אויף דער טיר און דאָס שליסעלע האָב איך באַשלאָסן צו לאָזן ביי דער קאָנסיערזשקע, דער סימפּאַטישער פרוי לאַראָש.

עס איז געווען אַ פּרעכטיקער פרילינג־טאָג. אין די גאַסן און אויף די בולוואַרן האָבן שוין דיביימער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זייער בלעכץ און די יונגע טונקל־גרינע בלעטער האָבן שוין ערטערווייז פאַרדעקט דעם פרישן פרי־לינג־הימל איבער די קעפּ פון די דורכגייערס. די סקווערן און גערטנער זענען דאָס יאָר געווען ווייניקער באַזוכט ווי אין די פריִערדיקע צייטן און אויך זעל־טענער זענען געווען צו זען די פאַרקויפעריננס פון פאַרשידענע זיסקייטן און געטראַנקען. נאָר די טויבן, די גרויע פּאַריזער טויבן, וואָס זענען אַזוי רירעווודיק און אַרבעטסזאַם, האָבן ווייטער, ווי תמיד, שפּאַצירט איבער די אַלעען אין די גערטנער און געזוכט צו פאַרטשעפּען אַ באַזוכער. עס האָט זיך זיי געוואָלט באַ־קומען אַ ביסל מאַיִס, אָדער ירושלים־ניסלעך פון די שטענדיקע נאָכמיטיק־געסט. מען האָט אָבער צו זיי היינט שוין נישט געהאַט מער דעם קאָפּ.

איך האָב פאַרלענגערט מיין לעצטן שפּאַציר אין פּאַריז איבער די גאַסן פון מאָנמאַרטער און ווידער פון דער הייך פון דער „סאַקרע־קער“ קירך אָבסערווירט די אייביק־לעבעדיקע און רוישיקע שטאָט פּאַריז.

איצט האָב איך נישט געזען פּאַריז איינגעהילט אין אַ דינעם בלוי, וואָס הענגט איבער די דעכער אין אַ פרילינג־טאָג. איצט האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אויף די גאַסן און הייזער, אַז אויף די מענטשן אין זייערע פרילינג־מלבושים, אַז אויף אַלץ, וואָס באַוועגט זיך אין אַזאַ גיכן ריטעם אויף די גאַסן פון מאָנ־מאַרטער, פאַלן לאַנגע, טונקל־גרויע שאָטנס.

אַמאָל, אין די אוראַלטע צייטן האָבן די פּרימיטיווע מענטשן געגלייבט, אַז חיות, פלאַנצן און קעגנשטאַנדן האָבן נשמות. עס וואָלט געווען ריכטיקער צו זאָגן, אַז דער מענטש מיט זיין נשמה און מיט זיין געמיט באַלעבט דעם אַרום און די נאַטור. עס האָט זיך זיכער גאָרנישט געענדערט אויפן מאָנמאַרטער. דער פרילינג פון יאָר 1940 איז געווען מסתמא דער זעלביקער, ווי מיט צען, צוואַנ־ציק און אַפילו פופציק יאָר צוריק. פאַר די מענטשן פון פרילינג 1940, בשעת היטלער מיט זיינע האָרדעס האָט מאַרשירט אויף פּאַריז, האָט אָבער דער מאָנט־מאַרטער אויסגעזען אַנדערש.

אין איין פאַל קען דער מאָנמאַרטער ווירקלעך ווערן אַנדערש, ווי מיט 20 אָדער 50 יאָר צוריק. פּשוט נישט צו דערקענען: ווען די דייטשן זאָלן באַהערשט ווערן פון אַ משוגעת און באָמבאַרדירן פּאַריז. מעגלעך איז דאָס. זענען דאָך שוין צו אונדז דערגאַנגען די שרעקלעכע ידיעות וועגן דעם מערדערלעכן פייער פון די דייטשן אויף פּוילישע שטעט און שטעטלעך.

איז וואָס זאָל מען מער באַדויערן: די לעבעדיקע מענטשן, וואָס קענען אומ־קומען פון די שרעקלעכע אויפרייסן, אָדער די שיינע גאַסן מיט זייערע פּרעכ־טיקע היסטאָרישע געביידעס און ראָמאַנטישע ווינקלען, וואָס קענען אָפּגעווישט ווערן? האָב איך זיך געפרעגט, קוקנדיק אויף פּאַריז פון די הויכקייטן פון דער „סאַקרע־קער" קירכע. און איך האָב זיך אַליין געענטפערט: לעבעדיקע מענטשן קענען ווידער בויען שיינע פּאַלאַצן, אפשר נאָך שענערע פון די, וואָס זענען צעשטערט געוואָרן, אָבער אָפּגעראַטעוועטע שיינע הייזער אָן מענטשן, — וועמען וועלן זיי נוצן, ווער וועט באַוווּנדערן זייער אַרכיטעקטור?

דער מענטש איז אַלץ. ער איז דער אָנהייב און ער איז דער סוף. אַלע תורהס און לערעס זענען גוט און נוצלעך, מאָראַליש און דערהויבן, ווען זיי דינען דעם מענטש און זיין גליק, ווען זיי סטימולירן דעם פּראָגרעס פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. און פאַרקערט, ווען מען מאַכט פון מענטש אַ מיטל און פון דער תורה אַ זעלבסט־ציל, טויג דאָס נישט. דאָס גאַנצע אומגליק פון אונדזער מאָדערנער ציוויליזאַציע באַשטייט אין אַ גאָר גרויסער מאָס אין דעם,

וואָס נישט די מענטשן הערשן איבער די זאַכן, נאָר פאַרקערט, די זאַכן איבער די מענטשן.

און דאָס האָט זיך באַשטעטיקט אַפילו אין די טראַגישסטע מאָמענטן פון אונדזער גרויסן נאַציאָנאַלן אומגליק.

ווען די דייטשע שטיוול האָבן שוין חוצפּהדיק אָפּגעהילכט אויפן אַספאַלט פון די פּאַריזער בולוואַרן, איז אַ ייִדישע פרוי נאָך אַלץ געשטאַנען מיט אַ שטשערקע אין האַנט אין איר עס־צימער, ווען וועמענס פענצטער עס זענען אַרויס־געגאַנגען צו די גרויסע בולוואַרן, און געווישט מיט גרויס התמדה איר מעבל פון שטויב...

ווען דאָס געבאָט פון דער שעה פאַר די פּאַריזער ייִדן איז געווען נישט צו בלייבן אין פּאַריז, האָט מען זיך נישט געוואָלט שיידן מיט דער שיינער דירה, מיט די געשעפטן און פאַבריקן און געבליבן אויפן פּלאַץ. די זאַכן האָבן געהערשט איבער די מענטשן. אין אַזאַ צושטאַנד זעט מען שוין אַלץ אַנדערש, ווייל מען איז פאַרבלענדט.

האָט אַ טייל ייִדן בײַ זיך געטראַכט: אפשר איז דער טייוול גאָרנישט אַזוי שרעקלעך? און די קאָמוניסטן האָבן צוגעגאָסן בוימל צום פייער: „מען טרייבט איבער, האָבן זיי געטענהט, דער דייטש איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. מען דאַרף וואָס גיכער אָפּשטעלן די מלחמה. די ענגלענדער און די אַנדערע מערב־אימ־פּעריאַליסטן זענען נישט בעסער. שלום דאַרפן מיר האָבן. זאָל זיין שלום", האָבן זיי געשריבן. (נאָכדעם, ווי רוסלאַנד בשותפות מיט דייטשלאַנד האָבן זיך שוין צעטיילט מיט אַ ריי לענדער און טראַכטן צו פאַרכאַפּן נייע).

איך האָב זיך אומגעקערט פון גאַס מיט מיינע מטלטלים, וואָס איך האָב מיר איינגעשאַפט צו מיין רייזע און מיט אַ שווער געמיט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

# דער וואַפנשטילשטאַנד מיט די דייטשן

דעם 10טן מאַי האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זייער גרויסע אָפענסיווע און נאָך 10 טעג איז דער פראַנצויזישער פראָנט אַדורכגעריסן געוואָרן אין עטלעכע פונקטן. די דייטשע פּאַנצער־דיוויזיעס קענען שוין איצט פריי לויפן און די פראַנצויזישע אַרמיי אין צפון־פראַנקרייך איז אַרומגערינגלט ביי דונקערק און אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער פראַנצויזישער אַרמיי. די בעלגישע אַרמיי האָט שוין פריִער קאַפּיטולירט. גענעראַל ווייגאַן, וואָס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון גאַמלענען קען שוין גאָרנישט ענדערן. די שלאַכט ביי דעם טייך סאָם, דעם 5טן יוני, איז שוין די לעצטע, וואָס פאַלט אַדורך און דעם 12טן יוני איז שוין דער פראָנט אין גאָר אַ סך פונקטן אַדורכגעריסן געוואָרן און די דייטשע דיוויזיעס מאַרשירן פאָרויס, אָקופּירנדיק איין שטאָט נאָך דער אַנדערער. די שלאַכט פאַר פראַנקרייך איז דערוויילי פאַרלוירן. לויט ווייגאַנס אינפאָרמאַציעס האָט די פראַנ־צויזישע אַרמיי אין משך פון מאַי ביז יוני געליטן אַ שרעקלעכע מפּלה, פאַר־לירנדיק איבער הונדערט טויזנט סאָלדאַטן און אָפיצירן. ווייגאַן האָט נאָך עפּעס דערקלערט דערביי: עס איז נישטאָ קיין אַנדערער אויסוועג, ווי שליסן מיט די דייטשן אַ וואָפנשטילשטאַנד.

מיטן פאָרויסמאַרש פון די דייטשע חיילות, שוין אויף דער פראַנצויזישער טעריטאָריע, האָט זיך פאַרשטאַרקט די כוואַליע פון פליטים, וואָס זענען אַנט־לאָפן פאַר די דייטשן. גאַנצע פראַנצויזישע שטעט און דערפער זענען פאַר־פלייצט געוואָרן פון די דאָזיקע „רעפיזשעס", צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפינען אַ סך מיליטערלייט.

אין דער פראַנצויזישער רעגירונג, וואָס האָט זיך נאָך פריִער אַריבערגע־טראָגן פון פאַריז קיין באָרדאָ, קומען איצט פאָר שטאַרקע רייבונגען. עס האָבן

זיך געשאַפן צוויי לאַגערן: פּעטען, ווייגאַן און לאַוואַל, וואָס זענען פאַר אַ סעפּאַראַטן שלום מיט היטלערן און אַ צווייטער לאַגער מיטן פּרעמיער־מיניסטער פּאָל רעינאָ, לעאָן בלום, עדואַרד הערִיאָ און זשאָרזש מאַנדעל און די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן. די לעצטע האָבן געהאַלטן, אַז די מלחמה איז נישט קיין פאַרשפּילטע, אַז מען דאַרף זיך ווייטער שלאָגן, אַפילו ווען מען זאָל מוזן פאַרזעצן דעם קאַמף אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס. מען דאַרף קעמפן צוזאַמען מיט ענגלאַנד, וואָס וועט קיינמאָל נישט קאַפּיטולירן און מיט אַמעריקע, וואָס וועט קומען צו הילף און היטלער־דייטשלאַנד וועט באַזיגט ווערן. כדי אונטערצושטיצן די דאָזיקע פּאָזיציע אין דער רעגירונג, האָט דער ענגלישער פּרעמיער־מיניסטער ווינסטאָן טשערטשיל און לאָרד האַליפאַקס זיך געזען מיט פּאָל רעינאָ אין דער פראַנצויזישער שטאָט טור און דאָרט דערקלערט, אַז ענגלאַנד וועט זיך ווייטער שלאָגן; אַז פראַנקרייך וועט תמיד טייער בלייבן ענגלאַנד, און אַז ענגלאַנד וועט העלפן פראַנקרייך צוריקאויפבויען איר קראַפט און ווערדע. טשערטשיל איז געגאַנגען אַפילו נאָך ווייטער און פאָרגעשלאָגן, אַז ביידע לענדער זאָלן זיך פאַראייניקן: אַ פראַנצויז זאָל ווערן אַן ענגלישער בירגער און אַן ענגלענדער זאָל ווערן אַ פראַנצויזישער בירגער, עס זאָל געשאַפן ווערן אַ געמיינזאַמער ענגליש־פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט און רעגירונג.

דאָס אַלץ האָט שוין אָבער נישט געהאָלפן. מאַרשאַל פּעטען און לאַוואַל האָבן וואָס אַמאָל געוווּנען אַ גרעסערע השפּעה אויף דער רעגירונג. פּעטען האָט פאַרביטן פּאָל רעינאָ און זשאָרזש מאַנדעל (וואָס איז געווען אינערן־מיניסטער און אַ פאַרביסענער קעגנער פון די דייטשן) און די לאַוואַל־קליקע האָט אים אַפילו געלאָזט אַרעסטירן. אַ ביסל שפּעטער האָט מען אים באַפרייט. (ער איז פון די דייטשן דעפּאָרטירט געוואָרן, צוזאַמען מיט לעאָן בלום, פּאָל רעינאָ, דאַלאַדיע א״אַנד. און דערמאָרדעט געוואָרן פון דער פראַנצויזישער מיליץ).

דער וואָפנשטילשטאַנד מיט די דייטשע אָקופּאַנטן איז פאַר פּעטענען און לאַוואַלן אויך געווען אַ מיטל אָפּצושאַפן די אַלטע דעמאָקראַטישע אָרדענונג אין לאַנד און אויף איר אָרט איינצושטעלן די „נייע אָרדענונג" אין איינקלאַנג מיט די טאָטאַליטאַרע סיסטעמען פון דייטשלאַנד און איטאַליע.

לאַוואַל איז געווען זיכער, אַז היטלער וועט זיגן אין איראָפּע און אַז אַ דויערהאַפטער בונד מיט היטלער־דייטשלאַנד קען אַנטשטיין נאָר דעמאָלט, ווען אויך אין פראַנקרייך וועט הערשן אַ טאָטאַליטאַרער רעזשים.

דעם 22סטן יוני קומט פאַר די קאַפּיטולאַציע. די שליחים פון פּעטענען

שרייבן אונטער די קאַפּיטולאַציע־באַדינגונגען, וואָס היטלער מיט זיינע גענע־ראַלן דיקטירן. היטלער טוט דאָס אויף דעם זעלביקן אָרט, ווו מאַרשאַל פאָש האָט מיט 22 יאָר צוריק דיקטירט די קאַפּיטולאַציע־באַדינגונגען פון די דייטשן. די קאַפּיטולאַציע איז אונטערגעשריבן געוואָרן נישט נאָר אויף דעם זעלביקן אָרט, נאָר אפילו אין דעם זעלביקן וואַגאָן אין וועלכן די דייטשן האָבן אונטער־געשריבן די קאַפּיטולאַציע פון יאָר 1918.

פּעטען מיט זיין קליקע טראָגן זיך אַריבער פון באָרדאָ קיין ווישי און עס הייבט זיך אָן די הערשאַפט פון ווישי־רעזשים אין פראַנקרייך, פון וועלכן דאָס לאַנד וועט נאָך האָבן פיל אויסצושטיין און באַזונדערס — דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך.

יאָ, דעם פראַנצויזישן פלאָט און דער אַוויאַציע געלונגט אויסצומיידן די געפאַר פון אַריינפאַלן אין דייטשע הענט. אויך אַ גרויסע צאָל דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געשטימט אין פּאַרלאַמענט קעגן דעם וואָפנשטילשטאַנד מיט דייטשלאַנד, געלונגט זיך אַרויסצוקריגן קיין צפון־אַפריקע, אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

ווי אַזוי דאָס אַנדערע פראַנקרייך, דאָס פּאַטריאָטישע, דאָס פרייהייט־ליבנדע, האָט געקוקט אויף טשערטשילס אַפּעל אין יענע טעג פון פּעטענס קאַפּיטולאַציע, קאָן באַווייזן דער פאַקט, וואָס נישט קיין אַנדערע, ווי די פראַנצויזישע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי, האָט געהאַלטן פאַר נויטיק אָנצונעמען אויף איר אויסערגע־וויינלעכן פּאַרטיי־קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1944, ד"ה, ווען אַ טייל פון די פראַנצויזישע טעריטאָריעס זענען נאָך געווען באַזעצט פון די דייטשן, אַ ספּעציעלע באַגריסונג פאַר טשערטשילן אין שייכות מיט זיין באַזוך אין פראַנקרייך אין 1940.

אין דער דאָזיקער באַגריסונג, וואָס דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס האָט איינשטימיק אָנגענומען מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן, האָט זיך געזאָגט, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי באַגריסט דעם שעף פון דער ענגלישער רעגירונג און דריקט אים אויס איר באַוואונדערונג און אָנערקענונג, אַז די פּאַרטיי וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן טשערטשילן, וועלכער האָט אין די סאַמע טראַגישסטע מאָמענטן נישט פאַרגלייכט דאָס פראַנצויזישע פאָלק מיט די קרימינעלע פאַרברעכער פון באָרדאָ און ווישי. די פּאַרטיי וועט אויך נישט פאַרגעסן, אַז טשערטשיל איז גע־ווען דער סימבאָל פון ווידערשטאַנד קעגן היטלערן און האָט אומדערמידלעך געאַרבעט פאַר דעם זיג; אַז טשערטשיל איז געווען דער געטרייער פריינט פון

פראַנקרייך, וועלכער ער האָט צוגעזאָגט אין 1940, אַז זי וועט צוריק אויפגעבויט ווערן אין איר גרויסקייט און גאַנצקייט.

ווען מיר וואָלטן נישט געקענט טשערטשילן פאַר דעם פירער פון די ענג־לישע קאָנסערוואַטאָרן, וואָלט מען געקענט אָננעמען, אַז די פראַנצויזישע סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטיי באַגריסט אַ פירער פון דער ענגלישער לייבאָר־פּאַרטיי. און טשערטשיל האָט זיך גאַנץ כשר פאַרדינט דעם דאַזיקן לויב פון די פראַנ־צויזישע סאָציאַליסטן און נישט בלויז פון זיי. אומפאַרגעסלעך וועט בלייבן אין זכרון טשערטשילס רעדע אין פּאַרלאַמענט, ווען ער האָט גערעדט וועגן קריג קעגן היטלער־דייטשלאַנד. זי האָט אונדז אַלעמען דעמאָלט געמוטיקט און מיר האָבן געוווּסט, אַז ענגלאַנד וועט נישט קאַפּיטולירן.

מיט עטלעכע טעג פריִער, פאַרן שליסן דעם וואָפנשטילשטאַנד מיט היט־לערן, האָט זיך דערהערט פון לאָנדאָן אַן אַנדערע פראַנצויזישע שטים: גענעראַל דע גאָל האָט אין פּלאַמיקע ווערטער גערופן דאָס פראַנצויזישע פאָלק צו אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד און צו דער ווייטערדיקער מלחמה פון די פראַנצויזן אויף דער זייט פון די אַליִירטע. דער דאָזיקער אַפּעל האָט געהאַט מער אַ מאָראַלישע באַדייטונג, ווי אַ פּראַקטישן ווערט. אין יענעם מאָמענט איז פראַנקרייך געווען אונטערן איינדרוק פון דער מיליטערישער מפּלה. אין לאַנד האָט געהערשט אַ גרויסער כאַאָס און יעדער איז געווען אַרומגענומען מיט גרויס אומרו וועגן דער צוקונפט. דער דאָזיקער צושטאַנד האָט זיך אויך זייער בולט אָפּגעשפּיגלט אין טולוז, ווו איך בין אָנגעקומען אין די ערשטע טעג פון יוני 1940.

דער מענטשן־אָנגעלויף אין טולוז איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג און דער אומרו אין דער שטאָט האָט זיך פאַרשטאַרקט בעת די דייטשע אַרמייען זענען אַלץ טיפער אַריינגעדרונגען אין לאַנד.

עס איז שוין געווען זייער שווער צו באַקומען אַ צימער אין אַ האָטעל, פּענסיאָן אָדער ביי אַ פּריוואַטער פאַמיליע, כאָטש טולוז איז געווען אַן אוני־ווערזיטעט־שטאָט און עס האָבן געדאַרפט זיין פרייע צימערן ביי פּריוואַטע פאַ־מיליעס אָדער אין פּענסיאָנען. איינער אַליין איז מיר נאָך געווען לייכטער צו געפינען אַ פּלאַץ. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אין די קאַפעען אין צענטער פון דער שטאָט די פאַריזער יידישע פּליטים, צווישן זיי: באַקאַנטע שרייבער, זשורנאַליסטן, געזעלשאַפטלעכע טוער און אַנדערע אינטעלעקטואַלן און פּאָליטישע עמיגראַנטן פון פאַרשיידענע לענדער, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג געלעבט אין פּאַריז. געווען צווישן זיי: אַרטור זיגלבוים, דוד איינהאָרן, עסטערא

איווינסקאַ, פראַנץ קורסקי א״אַ פון „בונד״, ר. אַבראַמאָוויטש און מיט אים אַ גאַנצע גרופּע מענשעוויקעס, געווען פון דער יִדישער ענציקלאָפּעדיע, בן־אדיר און א. קין. טולוז איז געוואָרן אַ צענטער פון דער פּוילישער עמיגראַציע, סיי פון דער אַלטער און סיי פון דער נייער, וואָס האָט זיך אָקאָרשט אַרויסגעריסן פון דעם צעשטערטן פּוילן. זייער טרעף־פּונקט איז געווען דער פּוילישער קאָנסולאַט אין טולוז. דאָרט האָט מען געקענט זען די אָנגעזעענסטע פּוילישע געזעלשאַפט־לעכע טוער פון די סאַמע רעכטסטע ביז דער פּ. פּ. ס.

ביי די יִדישע פּליטים פון פּאַריז און ביי די מענשעוויקעס איז געווען אַ שטאַרקער ווילן זיך צו ראַטעווען קיין צפון־אַמעריקע. אַבראַמאָוויטש האָט אין דעם פּרט אַ סך געטון פאַר זיינע חברים און פאַר אונדזערע חברים — פּ. קורסקי. ביי די פּאָליאַקן איז געווען אַ שטאַרקע טענדענץ צו פאָרן קיין לאָנדאָן, כדי פון דאָרט ווייטער צו פירן דעם ווידערשטאַנד־קאַמף קעגן דער קאָמונאַצישער אָקו־פּאַציע פון פּוילן.

זענען דעריבער די קאָנסולאַטן פון אַמעריקע און פּוילן געווען די ערטער אין טולוז, פון וואַנען אַ סך האָבן דערוואַרט פאַר זיך אַ ישועה און אַ וואָס גי־כערע, מחמת מיט יעדן טאָג איז די לאַגע געוואָרן ערגער.

עס דערמאָנט זיך מיר אָן עפּיזאָד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בהלה־שטימונג, וואָס האָט דעמאָלט באַהערשט די יִדישע שרייבער, פּובליציסטן און געזעלשאַפטלעכע טוער.

עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אין די קאַפעען, אַז דער פּאָרטוגעזישער קאָנסולאַט גיט־אַרויס טראַנזיט־וויזעס, אויף וועלכע מען קען אַרויספאָרן פון פראַנקרייך. האָבן זיך אַלע אָנגעכאַפּט אין דער דאָזיקער ידיעה און זענען אָפּ־געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג פאַרן פּאָרטוגעזישן קאָנסולאַט. די גאַנצע זאַך איז אָבער געווען אַן אויסגעטראַכטע. מיר האָט זיך דאָס באַלד אויסגעוויזן פאַר אַ ליגן און איך האָב נישט געראָטן קיינעם דאָרט צו גיין.

אין די קאַפעען האָט מען דעמאָלט גערעדט נאָר וועגן איין זאַך: ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון לאַנד. די מורא פאַרן היטלעריזם איז, זעלבסטפאַרשטענד־לעך, געווען אַ גרויסע ביי אַלעמען און באַזונדערס טאַקע ביי יִדן.

צווישן דער פראַנצויזישער וואַנדערנדיקער מאַסע און די פּליטים פון בעל־גיע, וואָס האָבן דערגרייכט טולוז, האָט זיך אויך געפינען לוּיס דע ברוקער, דער געוועזענער פּאַרזיצער פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און דער אָנער־קענטער פירער פון דער בעלגישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. מיט זיין הוי־

בער, מאַיעסטעטישער פיגור און לאַנגער גרויער, פּאַטריאַרכאַלער באָרד, האָט ער געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די דורכגייער בעת ער האָט מיט זיין טאַכטער שפּאַצירט איבער די גאַסן פון דער שטאָט. ער איז געווען אַ גרויסער פריינט פון „בונד" און אין די געשפּרעכן מיט אים, האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס פאַרשטענדעניש פאַר דער טראַגישער לאַגע פון יידישן פאָלק און מיטגעוויטיקט מיטן שרעקלעכן גורל פון פּוילישן יידנטום.

אין די קאַפּעען האָט מען גערעדט וועגן די רייזע־מעגלעכקייטן פאַר דעם אָדער יענעם שרייבער און געזעלשאַפטלעכן טוער, אָבער ווייניק געטראַכט וועגן דעם, וואָס וועט ווערן פון די יידן, וואָס קענען נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווייל דער אַמעריקאַנער קאָנסול וועט דאָך נישט געבן קיין וויזעס פאַר צענדליקער טויזנטער יידישע מענער, פרויען און קינדער, וואָס לעבן אין לאַנד, און וואָס זענען אויך אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר פון אומקום.

איך האָב מיר דערקלערט די דאָזיקע באַציונג צום יידישן ישוב און זיינע נויטן דערמיט, וואָס די יידישע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוער, זענען געווען אָפּגעריסן פון יידישן לעבן אין פראַנקרייך און געקוקט אויף זיך ווי אויף פּאָליטישע עמיגראַנטן, וואָס זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד, ווען עס איז דאָרט געקומען צו דער מאַכט דער היטלעריזם און איצט ווילן זיי ווייטער פון אים אַנטלויפן. אויך אין ווייימאַר־דייטשלאַנד זענען זיי יאָרנלאַנג געווען אָפּגעריסן פון אַ פולסירנדיק יידיש לעבן.

דאַקעגן האָט אַרטור זיגלבוים, וואָס האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אַרויסגעראַטעוועט פון היטלעריסטישן פּוילן, געטראַכט צו פאָרן קיין לאָנדאָן, ווו עס האָט זיך פאַרמירט די פּוילישע גלות־רעגירונג און ביי וועלכער ער וועט האָבן אויסצופירן אַלס רעפּרעזענטאַנט פון „בונד" אַ ביז גאָר וויכטיקע שליחות.

מיר האָבן זיך אָפּט געטראָפן אין טולוז אין דרייען מיט עסטעראַ איווינסקאַ און געשמועסט וועגן דער אַלגעמיינער און יידישער לאַגע.

איווינסקאַ איז געווען פעסימיסטיש געשטימט בנוגע דער צוקונפט אין געהאַלטן, אַז היטלער וועט באַהערשן גאַנץ אייראָפּע, אויב נישט נאָך מער. דאַקעגן איז אַרטור נישט באַהערשט געווען פון אַזעלכע שטימונגען. שוין צוליב דעם אַליין, וואָס ער איז פון דער נאַטור געווען אַן ענערגישער מענטש מיט אַ סך פּאָליטישן טעמפּעראַמענט. זיין רייזע פון פּוילן קיין פּאַריז איבער היטלער־דייטשלאַנד, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַזוי פיל געפאַרן, האָט באַוויזן, אַז

ער איז געווען פול מיט האָפענונגען וועגן דער צוקונפט. אַלנפאַלס אין יוני 1940 האָט ער אויף מיר געמאַכט אַזאַ איינדרוק.

איז דעריבער נישט אָנצונעמען, אַז דער זעלבסטמאָרד זיינער איז געווען אַן אויסדרוק פון פאַרצווייפלונג, וואָס האָט אים באַהערשט. דאָס איז גיכער גע־ווען אַ באַוווּסטזיניקע, גוט־דורכגעטראַכטע האַנדלונג, וואָס האָט געצילט צו העלפן אויף אַזאַ אופן די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ און זיך מיט זיי מאָ־ראַליש און פּאָליטיש צו אידענטיפיצירן. זיין זעלבסטמאָרד איז געווען אַן אַקט פון זעלבסטאָפּפערונג פאַר אַ גרויסער מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער טאַט, ווי דאָס איז געווען דער העראָאישער געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע.

אַ טייל פון מיינע פּוילישע פריינט האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן טולוז און געפאָרן קיין לאָנדאָן. איך פלעג זיי באַגלייטן צו דער באַן און אין דער האַלב־פינצטערניש, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אויף די וואָקזאַלן, פלעגן מיר אַזוי שטיין און וואַרטן אויפן צוג, יעדער מיט זיינע געדאַנקען און אַלע מיט דער איינציקער גרויסער אומרו וועגן מאָרגנדיקן טאָג. מען איז נישט געווען זיכער, צי מען דאַרף טאַקע פאַרלאָזן פראַנקרייך און צי אין לאָנדאָן וועט שוין זיין בעסער.

דער צוג האָט זיך אָנגעפילט מיט מיליטער־לייט און מיט מענטשן פון פאַר־שיידענע לענדער און פעלקער, מיט פרויען און קינדער. מיט אַ שווער געמיט האָב איך זיך אָנגעהויבן געזעגענען מיט מיינע פריינט פון פּוילן. ווער ווייס, ווען מיר וועלן זיך זען? נאָך עטלעכע מינוט און דער צוג הייבט אָן רירן פון אָרט. נאָך אַ מינוט און עס זענען שוין אויך פאַרלוירן געגאַנגען פונעם אויג די לעצטע צוויי רויטע ליכט־צייכנס, וואָס שלעפּן זיך נאָך נאָכן צוג. און ער איז מיט די מענטשן ווי אין אַ תהום פאַרשוווּנדן.

די געזעגענישן האָבן זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. צווישן די, וואָס איך האָב באַגלייט, האָט זיך געפונען מיין אַלטער פריינט וואַצלאַוו סאָלסקי, אַ זשור־נאַליסט און ליטעראַט. איצט איז ער געשטאַנען נאָענט צו דער פּ. פּ. ס. אין טולוז האָב איך מיט אים געוווינט אין איין צימער און איצט, נאָך זיין פאַרלאָזן טולוז, האָב איך זיך נישט געאיילט אומצוקערן אין מיין האָטעל־צימער.

מען מוז עפּעס באַשליסן, האָב איך ביי זיך געטראַכט און מיט דעם גע־דאַנק האָב איך געוואַנדערט איבער די אויסגעליידיקטע גאַסן פון טולוז. אַ טייל פון די פּאַריזער פריינט און באַקאַנטע טראָגן זיך אַריבער קיין מאַרסעל אין דער

האָפענונג פון דאָרט ווייטער צו פאָרן קיין צפון־אַמעריקע. פאַליאַקן פאָרן קיין לאָנדאָן.

צווישן די פּאַריזער יידישע פליטים האָט זיך געשאַפן אַ שטימונג צוריק־צופאָרן קיין פּאַריז. עס איז שוין געשלאָסן געוואָרן דער וואָפנשטילשטאַנד צווישן דער ווישי־רעגירונג און די דייטשן און דאָס לעבן אין פּאַריז וועט זיך אָנהייבן צו נאָרמאַליזירן, האָט מען ביי זיך געטראַכט און סוחרים און באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין פּאַריז זייערע געשעפטן און אַרבעטס־וואַרשטאַטן, האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן „אַהיים".

מיט יעדן טאָג האָט זיך פאַרקלענערט די צאָל פּאַריזער פליטים און אין די קאַפעען, ווו עס איז פריער פול געווען און באַזונדערס אין קאַפע „דע לאַ פּע", ביים „קאַפּיטאָל", זעט מען שוין איצט זעלטענער אַ יידישן מענטש. דער עולם איז זיך צעפאָרן. איך בין געווען אַזוי ווי יענער אורח, וואָס וואַרט, אַז אימיצער זאָל אים רופן צו זיך אויף שבת און שטייט און שטייט ביים אַרויסגאַנג פון דעם שולעכל, ביז דער עולם צעגייט זיך און עס ווערט שוין פוסט אַרום. די שולד איז אָבער אין אַ גרויסער מאָס געלעגן אין מיר גופא. איך האָב נישט געהאַט קיין חשק צו פאַרלאָזן פראַנקרייך, כאָטש אין פאַרגלייך צו אַנדערע עמיגראַנטן האָב איך נאָך געהייסן אַ „גרינבער", ווייל כ'בין געווען אַ וועלכע צוויי יאָר ערשט אין לאַנד. וואָלט מען מיך גאָר שטאַרק צוגערעדט און באַאיינפלוסט, אַז איך זאָל פאַרלאָזן פראַנקרייך, אפשר וואָלט איך מיך דערויף דעצידירט. וואָלט מען מיר אָנגעבאָטן אַ פאַרטיקע וויזע, קאָן זיין, אַז איך וואָלט נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און וואָלט מיט מיין פרוי אַוועקגעפאָרן. קיינער האָט זיך אָבער נישט געדאגהט וועגן מיין גורל. יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיך, מיט די אייגענע צרות און דאגות. ווער עס איז געלאָפן צו די קאָנסולן, ווער עס האָט געדאַרפט אַראָפּנעמען זיין פרוי און קינד פון פּאַריז, אאַ"וו.

מיין געלט האָט זיך אויך שוין געהאַט אויסגעלאָזט און לעבן פון אונטער־שטיצונג איז מיר נישט געווען ניחא.

שמועסנדיק איינמאָל מיט אברהם קין, דעם פאַרוואַלטער פון דער יידישער ענציקלאָפּעדיע, וואָס האָט זיך דעמאָלט אויך געפונען מיט זיין זייער סימפּאַטישער פרוי אין טולוז, האָט ער מיר געזאָגט, אַז דער פּאַריזער „אָרט" (געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן מלאכה צווישן יידן), האָט אַן אייגענע פאַרם אין דער פּראָווינציזשער פּראָווינץ, אין דעם דעפּאַרטאַמענט לאָט־ע־גאַראָן, און דאָרט וואָלט איך מיך געקענט איינאָרדענען, ווייל דער גוט פוסטעוועט. א. קין, אַ

זייער פריינטלעכער מענטש, וועלכן איך האָב געקענט פון דער ענציקלאָפּעדיע, ביי וועלכער איך האָב געהאַט אַ שטיקל באַשעפטיקונג פאַר דער מלחמה, איז מיט מיר געגאַנגען אויפזוכן דעם אַגראָנאָם פון „אָרט", וואָס האָט געוווּסט אַלע פּרטים וועגן דער דאָזיקער פאַרם.

דער אַגראָנאָם האָט מיר דערקלערט, אַז אויב איך בין גרייט זיך איינצו־אָרדענען אויף דער פאַרם, קען דאָס אַפילו זיין פון גרויס נוצן פאַר מיר, ווייל די ווישי־רעגירונג וועט נישט טשעפּען קיין יידן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ערד־אַרבעט... דער „אָרט" וועט אויך גאַרנישט האָבן קעגן דעם, אַז איך זאָל זיך באַ־זעצן אויף זיין פאַרם, וואָס פּוסטעוועט.

קיין פעסטן באַשלוס האָב איך נישט אָנגענומען וועגן מיין איינאָרדענען זיך אויף דער פאַרם, אָבער אין זכרון האָב איך מיר דאָך אויף יעדן פאַל פאַרשריבן דעם אַדרעס פון דער פאַרם און דערווייל באַשלאָסן צו פאָרן צו מיין פרוי אין דעם שטעטעלע קראַ, ווו זי האָט געאַרבעט אין אַ יידישן קינדער־אַנשטאַלט. לאָמיך זען, צי מען קען זיך נישט דאָרט ביי איר איינאָרדענען און לאָמיך אויך הערן איר מיינונג וועגן באַזעצן זיך אין דער פאַרם פון „אָרט".

ביי דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג איז די שטימונג געווען אַ געדריקטע. דאָס האָב איך באַמערקט ביי מיינע האָטעל־שכנים. אַ גאַנצן טאָג האָט געהילכט דער ראַדיאָ אין מיין שכנותדיקן צימער, וועלכן ס'האָט אויך באַוווינט אַ פּליט. די פראַנצויזן האָבן מיט זיך מיטגענומען אין וועג אַריין די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן (עס איז געווען דער אָפיציעלער ראַדיאָ־פּראָגראַם פון דער נייער רעזידענץ פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, פון דער שטאָט ווישי, וואָס איז באַקאַנט אין דער וועלט מיט אירע הייל־וואַסערן).

מאַרשאַל פּעטען האָט שוין געהאַט באַקומען די ברייטסטע פולמאַכטן פון פּאַרלאַמענט און לאַוואַל איז שוין געווען דעמאָלט אויפן פערד. אמת איז, אַז לאַוואַל האָט נאָך ניט געהאַט דערגרייכט זיין ציל: פראַנקרייך זאָל זיך שלאָגן צוזאַמען מיט דייטשלאַנד און איטאַליע קעגן די אַליירטע. דערפאַר אָבער איז אים שוין אין אַ גאָר גרויסער מאָס געלונגען צו ליקווידירן די דריטע רעפּובליק און איינצושטעלן די „נייע אָרדענונג". אין אַלע זיינע ראַדיאָ־רעדעס האָט דע־מאָלט לאַוואַל אַרויסגעוויזן ממש אַ פּאַטאָלאָגישע שנאה צו דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און זיך געמיט צו געווינען די עפנטלעכע מיינונג פאַר דעם בונד מיט היטלער־דייטשלאַנד.

לאַוואַלס פּלאַן איז געווען: צוזאַמען מיט היטלער־דייטשלאַנד און דעם פאַ־

שיסטישן איטאַליע צו באַהערשן איראָפּע. צי ער האָט יאָ געגלייבט אין זיג פון נאַציזם איבער איראָפּע אָדער נישט, איין זאַך איז לאַוואַל געווען זיכער: אַ בונד מיט היטלער־דייטשלאַנד קען נאָר צושטאַנד־קומען, ווען אויך פראַנקרייך. וועט זיין אַ טאָטאַליטאַר לאַנד, פאַרשטייט זיך, מיט אַן אַנטיסעמיטישן קורס קעגן יידן.

איבער פראַנקרייך האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן די שוואַרצע פליגלען פון דער דייטשער הערשאַפט. אמת, לויטן געשלאָסענעם וואָפנשטילשטאַנד איז אַ טייל פון דער פראַנצויזישער טעריטאָריע געבליבן פריי פון דער דייטשער אָדער איטאַליענישער אָקופּאַציע און געדאַרפט אָנגעפירט ווערן פון דער פּעטען־לאַוואַל רעגירונג אין ווישי. די דייטשן האָלטן אָבער קיינמאָל נישט קיין וואָרט און שוין עטלעכע טעג נאָכן וואָפנשטילשטאַנד האָבן זיי אָנגעהויבן צו פאַרגוואַלדיקן זייער אייגענעם אָפּמאַך און זיך באַמיט ביידע זאָנעס אַריינצונעמען אין אייזערנע צוואַנגען. אין דער ערשטער ריי, פאַרשטייט זיך די יידישע באַפעלקערונג. און עס האָט זיך נאָכאַמאָל זייער בולט מאַניפעסטירט דער אַלטער אמת, אַז דאָרט ווי די מערכה פון דער דעמאָקראַטיע איז אַ שלעכטע, דאָרט איז אויך די לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אַ שלעכטע, אָדער: דאָרט ווו מען רודפט יידן — דאָרט איז אויך באַדראָט די עקזיסטענץ פון דעמאָקראַטישן רעזשים. די ווישי־רעגירונג האָט אָנגעהויבן איר הערשאַפט אין לאַנד מיט געזעצן קעגן אויסלענדער און קעגן יידן און מיט דער ליקווידאַציע פון דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. די באַגלייט־מוזיק דערצו איז געווען דער אַנטיסעמיטיזם, פון וועלכן עס איז אַנטשטאַנען דער שפּעטערדיקער ספּעציעלער קאָמיסאַריאַט פאַר יידישע ענינים מיטן צורר היהודים קסאַוויע וואַלאַ אין דער שפּיץ.

דעם 14טן יולי 1940, עטלעכע וואָכן נאָך דער קאַפּיטולאַציע פאַר די דייטשן, האָבן די ווישי־לייט געפייערט דעם גרויסן נאַציאָנאַלן יום־טוב פון דעראָבערן די באַסטיליע. געקומען זענען אין צענטער פון דער שטאָט עטלעכע הונדערט מענטשן בסך־הכל און ווי, משטיינס־געזאָגט, האָט געקענט אויסזען אַזאַ יום־טוב, וואָס ווערט אַראַנזשירט פון דעם פאָלקס־פאַרעטער לאַוואַל?

אין דעם זעלביקן טאָג אָבער איז אין לאָנדאָן אויך פאָרגעקומען אַ גרויסער יום־טוב, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל דע גאָל און ביי דער באַטייליקונג פון אַ גרויסער צאָל פראַנצויזישע ווידערשטענדלער, וואָס זענען געקומען פון פראַנקרייך. צווישן זיי אויך אַ רייע אָנגעזעענע סאָציאַליסטישע טוער.

בכלל אָבער האָט די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איבערגעלעבט דעמאָלט אַן אינערלעכע אויפטרייסלונג. אַ גרויסער טייל פון אירע דעפּוטאַטן פון פּאַרלאַמענט האָבן צום באַדויערן געשטימט פאַר געבן פּעטענען די ברייטסטע פולמאַכטן און איין סאָציאַליסטישער דעפּוטאַט האָט אַפילו דערקלערט פון דער פּאַרלאַמענט־טריבונע, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די פּאַרטייען (ער און אַלע אַנדערע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן געשטימט פאַר פּעטענען זענען שפּעטער אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּאַרטיי).

פאַר די שטימונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אין לאַנד און אין וועלכער מאָס די באַפּעלקערונג איז געווען טעראָריזירט, באַווייזט אויך דער פאַקט, וואָס לעאָן בלום, איינער פון די נאָבלסטע פראַנצויזישע פּערזענלעכקייטן, האָט דעמאָלט נישט געקענט באַקומען קיין האָטעל־צימער אין באָרדאָ. ער איז טריף געווען פאַר די פראַנצויזישע האָטעל־אייגנטימער, סיי אַלס סאָציאַליסט און סיי אַלס ייִד (מיט וואָס לעאָן בלום האָט זיך קיינמאָל נישט אויסבאַהאַלטן). בלום האָט געשטימט קעגן דעם וואָפנשטילשטאַנד מיט די דייטשן און קעגן די פולמאַכטן פאַר פּעטענען, טאָ וועלכער האָטעל וועט וועלן ריזיקירן צו האָבן ביי זיך אַזאַ לאָקאַטאָר! איז לעאָן בלום געגאַנגען ווינען צו אַ סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט. דאָס איז אָבער געווען ערשט דער אָנהייב. עס וועלן גאָר גיך קומען פאַר בלומען שווערע צייטן. לעאָן בלום, דער געוועזענער פראַנצויזישער פּרעמיער־מיניסטער, מיט ריזיקע פאַרדינסטן פאַרן דעמאָקראַטישן פראַנקרייך, אין די צייטן פון דער פאָלקס־פראָנט־רעגירונג, מיט אירע גרויסע סאָציאַלע רעפאָרמען; לעאָן בלום, איינער פון די גרעסטע פּערזענלעכקייטן אין לאַנד און אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע, וועט געשטעלט ווערן פאַר אַ פראַנצויזיש געריכט און שפּעטער דעפּאָרטירט ווערן קיין דייטשלאַנד.

# די פראַנצויזישע קאָמוניסטן און זייער ראָל

איידער מיר וועלן ווייטער דערציילן וועגן די געשעענישן פון יענער צייט (יולי־אויגוסט 1940), וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף דער ראָל פון די קאָמוניסטן און זיך דערמאָנען וואָס האָבן זיי דעמאָלט געטון. ווייל מען דאַרף געדענקען, אַז די פראַנצויזישע קאָמוניסטן געהערן צו די גאָר ווייניקע קאָמוניסטישע פּאַרטייען אין אייראָפּע און אין דער גאָרער וועלט, וואָס האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקע השפּעה אויף די פראַנצויזישע אַרבעטער, באַזונדערס אין פּאַריז און אין פּאַריזער אומגעגנט.

ביזן יאָר 1935 זענען די פראַנצויזישע קאָמוניסטן געווען דעפּעטיסטן, דאָס מיינט, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה מיט פראַנקרייך דאַרפן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן פאַרוואַנדלען די דאָזיקע מלחמה אין אַ בירגער־קריג מיטן ציל צו דעראָבערן די רעגירונגס־מאַכט אין לאַנד. אויסנוצן דאָס געווער, וואָס די אַרבעטער באַקומען אין דער האַנט אַריין, כדי עס אומצודרייען קעגן דער אייגענער בורזשואַזיע, ווייל דער הויפּט־שונא געפינט זיך אין אייגענעם לאַנד.

אַרויסגייענדיק פון דער דאָזיקער הנחה, האָבן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן נישט געשטימט אין פּאַרלאַמענט פאַר די מיליטערישע בודזשעטן און זיי האָבן געפירט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי אַן אונטערגראָבונגס־אַרבעט, וואָס האָט געצילט זי צו צעלייגן פון אינעווייניק און צו דעמאָראַליזירן די סאָלדאַטן.

אין זייער אַגיטאַציע־ליטעראַטור האָבן די קאָמוניסטן געטענהט, אַז די פראַנצויזישע בורזשואַזיע וויל אַריינציִען די פראַנצויזישע מאַסן אין אַ מלחמה קעגן דער דייטשער „באַרבאַריע" (זייערע גענזנפיסלעך) און מיר טאָרן נישט דערלאָזן דערצו, אַז דער דאָזיקער מאַנעוור זאָל געלונגען דער פראַנצויזישער בורזשואַזיע, ווי דאָס איז געווען אין 1914...

די קאָמוניסטן האָבן די גאַנצע צייט באַקעמפט דעם געדאַנק פון די סאָ־ציאַליסטן, אַז אויב עס וועט דערגיין צו אַ מלחמה צווישן די מערב־דעמאָקראַ־טיעס און היטלער־דייטשלאַנד וועט דאָס זיין אַ מלחמה צווישן דער דעמאָקראַטיע און פאַשיזם. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס וועט זיין אַ מלחמה צווישן צוויי אימ־פעריאַליזמען און עס איז די אויפגאַבע פון אַרבעטער־קלאַס זיי ביידע צו באַ־קעמפן (וועגן דעם סאָוועטישן אימפעריאַליזם האָבן זיי גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן).

אַזוי איז דאָס געווען ביז מאַי 1935.

אין מאַי 1935 פאָרט לאַוואַל קיין מאָסקווע אין שייכות מיט דער אַליאַנס, וואָס איז געשאַפן געוואָרן צווישן די ביידע לענדער, און סטאַלין דערקלערט דעמאָלט פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז די ערשטע אויפגאַבע באַשטייט אין דעם, אַז עס זאָל נישט דערלאָזט ווערן דערצו, אַז די מיטלען פון דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג זאָלן אָפּגעשוואַכט ווערן און ער אַקצעפּטירט פולשטענדיק די פּאָליטיק פון דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, וואָס פראַנקרייך פירט, כדי איינצוהאַלטן איר מי־ליטערישע קראַפט אויף דעם ניוואָ פון איר זיכערקייט.

ווי מיר זעען, אַ פולקאָם קאַפּיטולירנדיקע שטעלונג וועגן פראַנצויזישן מילי־טאַריזם און אימפעריאַליזם, וואָס די פראַנצויזישע קאָמוניסטן האָבן ביז איצט פאַרנומען. אויף אַ באַפעל פון מאָסקווע ווערן שוין איצט די פראַנצויזישע סטאַ־ליניסטן היפּער־פּאַטריאָטיש און דעמאָקראַטיש.

נאָכן שענדלעכן אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן טשעמבערליין און היטלערן אין מינכען, טרעטן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן אַרויס קעגן דער פראַנצויזישער רעגירונג, פאַרוואָס זי האָט נישט דערקלערט מלחמה היטלער־דייטשלאַנד. דער פירער פון די פראַנצויזישע קאָמוניסטן, מאָריס טאָרעז, דער־קלערט, אַז די געשיכטע וועט באַטראַכטן די דאַטע פון 29סטן נאָוועמבער 1938, אַלס טאָג פון דעם גרעסטן פאַראַט, וואָס אַ רעפּובליקאַנער רעגירונג איז אַמאָל באַגאַנגען קעגן פראַנקרייך און קעגן שלום. „מען קערט זיך איצט אָפּ פון אונדז מיט עקל און אומצופרידנקייט״, האָט מאָריס טאָרעז געדונערט פון דער קאָמוניס־טישער טריבונע.

די מעשה איז געווען אַ פּשוטע. מאָסקווע איז אויך דעמאָלט געווען קעגן דעם מינכענער אָפּמאַך, פּונקט אַזוי ווי די סאָציאַליסטן און אַלע אַנדערע אַנטי־פאַשיסטן, אָבער צוליב גאָר אַנדערע מאָטיוון. מאָסקווע האָט געשטרעבט דערצו, אַז עס זאָל אויסברעכן אַ מלחמה צווישן היטלער־דייטשלאַנד און די מערב־

מלוכות, מיט דער צינישער אויסרעכענונג, אַז פון אַזאַ מלחמה וועט זי זיין דער דריטער, וואָס וועט געווינען. דערמיט דערקלערט זיך די דעמאָלטיקע קאָמוניסטישע אַגיטאַציע קעגן די מערב־מלוכות. די קאָמוניסטן האָבן אין זייער פראָפּאַגאַנדע־ליטעראַטור געהאַלטן אין איין אונטערשטרייכן, אַז היטלער־דייטשלאַנד איז עקאָנאָמיש און מיליטעריש זייער שוואַך און זיי האָבן געוואָלט איינשמועסן דעם עולם, אַז עס וועט זיין גאָר לייכט צו באַזיגן היטלערן.

אין קרעמל האָט מען געחלומט וועגן אַ מלחמה צווישן די צוויי אימפּעריאַליזמען, דעם דעמאָקראַטישן און פאַשיסטישן און מען האָט געהאָפט, אַז אין רעזולטאַט פון די קעגנזייטיקע פאַרוויסטונגען און חורבנות, וואָס אַזאַ וועלט־קאַטאַסטראָפע וועט מיט זיך ברענגען, וועט סאָוועט־רוסלאַנד גאַנץ לייכט באַהערשן גאַנץ אייראָפּע. האָט דאָך שוין בוכאַרין מיט יאָרן צוריק פאָרמולירט פאַרן קאָמינטערן דעם ענגן שייכות צווישן אַ נייער וועלט־מלחמה און דעם זיג פון קאָמוניזם. איצט איז רייף געוואָרן אַזאַ סיטואַציע.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז סטאַלינען האָט נישט געקענט געפעלן ווערן דער מינכענער אָפּמאַך. ער האָט אין אים געזען אַ געפאַר פאַר זיינע סטראַטעגישע אויסרעכענונגען.

די קאַפּיטולאַנטישע אָפּמאַכן אין מינכען האָבן אויך אַרויסגערופן אַ קעגנערשאַפט אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, אָבער צוליב גאָר אַנדערע מאָטיוון. מען האָט נישט געגלויבט, אַז היטלער וועט זיך אָפּזאָגן פון ווייטערדיקע טעריטאָריעלע אַנעקסיעס און מען איז געווען זיכער, אַז ער וויל באַהערשן און פאַרשקלאַפן גאַנץ אייראָפּע. די קאָמוניסטן זענען, ווי געזאָגט, דעמאָלט געווען די שטאַרקסטע קעגנער פון די מינכענער אָפּמאַכן צווישן טשעמבערליינען און היטלערן. און אַז די קאָמוניסטן באַקומען אַ באַפעל צו זיין קעגן — ווערלן זיי שוין שרייען העכער פון אַלע אַנדערע.

ווען ריבנטראָפּ האָט באַזוכט פּאַריז, אין 1938, האָט די קאָמוניסטישע „הומאַניטע" געשריבן, אַז עס וועט זיין דער גאַסט פון פּאַריז, דער וועמענס הענט עס זענען רויט פון בלוט פון ייִדישע מענער, פרויען און קינדער; ריבענטראָפּ וועט זיין דער גאַסט פון פּאַריז, פון דער שטאָט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און פון דער פּאַריזער קאָמונע. און די קאָמוניסטן האָבן פאַרגעוואָרפן דעם דעמאָלטיקן מיניסטער דאַלאַדיע, אַז ער נעמט אויף זיך די מיסיע ריינצוּוואַשן די מערדער און צו רעהאַביליטירן די אונטערצינדער.

אַזוי האָט אָנגעהאַלטן די קאָמוניסטישע אַגיטאַציע לאַנגע חדשים. נאָך אין

יאָר 1939 האָבן די קאָמוניסטן געפּאָדערט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אַ שטאַרקע האַנט בנוגע דייטשלאַנד און ווער עס האָט נישט מיטגעשריגן מיט זיי אין איין כאָר, איז פון זיי באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אַגענט פון דייטשן פאַשיזם, ווי אַ מענטש פון דער פינפטער קאָלומנע.

ווען דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר נעוויל הענדערסאָן פאָרט קיין זאַלצבורג, דעם 21סטן אויגוסט 1939, פרעגט זיך די „הומאַניטע", וואָסערע מיסיע האָט ער אויף זיך גענומען אויסצופירן און דערקלערט, אַז די קאָמוניסטן ווילן נישט קיין צווייטן מינכענער אָפּמאַך.

אָבער שוין מיט איין איינציקן טאָג שפּעטער, דעם 22סטן אויגוסט פאַרעפנט־לעכט די זעלביקע „הומאַניטע" די נייעס וועגן אַ סאָוועטיש־דייטשן האַנדלס־אָפּמאַך און אויף צומאָרגנס די ידיעה וועגן דעם טרויעריק־באַרימטן פּאַקט, וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין מאָסקווע, צווישן דעם בלוטיקן ריבנטראָפּ און מאָלאָטאָוון.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די קאָמוניסטישע מעטאָדן פאָלגנדיקער פאַקט, וואָס האָט דעמאָלט אַרויסגערופן גרויס פאַרביטערונג אַפילו צווישן די אַלע, וואָס האָבן שטענדיק פאַרטיידיקט די סאָוועטישע אויסערן־פּאָליטיק.

ווי באַקאַנט, האָבן זיך, אין דער זעלביקער צייט, ווען עס איז געווען די היטלעריסטישע דעלעגאַציע אין מאָסקווע, אויך געפינען דאָרט דעלעגאַציעס פון דער ענגלישער און פראַנצויזישער רעגירונג. דער קרעמל האָט גלייכצייטיק מיטביידע דעלעגאַציעס געפירט די אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ נישט־אָנגריף־פּאַקט.

מאַרשאַל וואָראָשילאָוו, וואָס איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַט די אַלע דעלעגאַציעס, האָט בכיוון פאַרשלעפּט די אונטערהאַנדלונגען מיט די מערבֿ־דעלעגאַציעס. דעם 17טן אויגוסט שלאָגט ער זיי פאָר זיך צו טרעפן דעם 21סטן אויגוסט און ווען עס קומט שוין אָן דער טאָג, לייגט ער ווידער אָפּ דעם צוזאַ־מענטרעף מיט זיי. דערביי גיט שוין נישט אָן וואָראָשילאָוו קיין דאַטע, ווען ער האָט בדעה זיך מיט זיי אויפסניי צו טרעפן.

אָבער היגטער די פּלייצעס פון דער ענגליש־פראַנצויזישער דעלעגאַציע איז שוין אַלץ געווען צוגעגרייט, כדי אָפּצושליסן אַן אָפּמאַך מיט היטלער־דייטש־לאַנד. ריבענטראָפּ קומט מיט אַ צאַלרייכער דעלעגאַציע קיין מאָסקווע און דער שוין פון פריִער צוגעגרייטער אָפּמאַך, ווערט איצט פייערלעך אונטערגעשריבן פון ריבנטראָפּן און מאָלאָטאָוון.

די מערב־דעלעגאַציעס פאַרלאַנגען אַן אודיענץ ביי וואָראָשילאָוון, אָבער ער איילט זיך גארנישט זיי אויפצונעמען. מיט עטלעכע טעג שפּעטער דער־קלערט זיי וואָראָשילאָוו, אַז די אַלגעמיינע פּאָליטישע באַדינגונגען האָבן זיך געענדערט און אין רעזולטאַט דערפון איז געקומען דער אָפּמאַך מיט היטלער־דייטשלאַנד.

דער געוועזענער ג. פּ. או.־אַגענט וואַלטער קריוויצקי, וואָס האָט פאַר דער מלחמה איבערגעריסן מיט מאָסקווע און שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן פון זיינע געוועזענע חברים פון דער ג. פּ. או., אין אַ האָטעל אין ניו־יאָרק, האָט נאָך אַ סך פריִער, ווי אין יאָר 1939 דערקלערט, אַז מאָסקווע האָט די גאַנצע צייט גע־זוכט אַ וועג צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט היטלער־דייטשלאַנד.

ריבנטראָפּ האָט אויף דעם נירנבערגער פּראָצעס אויך דערקלערט, אַז נאָך אין מערץ 1939 האָט ער זאָנדירט דעם באָדן אין מאָסקווע וועגן אַ פאַרשטענ־דיקונג מיטן דריטן רייך.

די פראַנצויזישע קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט באַגריסט דעם דאָזיקן פּאַקט און אים אויסגעטייטשט אַלס אַ זיג פון די שלום־ליבנדיקע כוחות איבער די אימפּעריאַליסטישע מלחמה־צינדער און אָנגעוויזן, אַז דער דאָזיקער פריינט־שאַפט־פּאַקט באַזייטיקט די מלחמה־געפאַר...

וויפיל אין דער דאָזיקער פעסשטעלונג עס איז געווען אמת, וועגן דעם האָט מען זיך דערוווּסט פון נירנבערגער פּראָצעס.

אין דער נאַכט פון 22סטן אויפן 23סטן אויגוסט 1939 איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג אין אָבערזאַלצבערג פון די העכסטע דייטשע מיליטערישע פירער מיט היטלערן אין דער שפּיץ. היטלער האָט דערקלערט, אַז נאָך אין פרילינג האָט ער אָנגענומען דעם באַשלוס צו צעשטערן פוילן און אַז ער, היטלער, האָט נישט קיין מורא פאַר קיין בלאָקאַדע. דער מזרח וועט אונדז באַשפייזן, האָט ער צוגעגעבן. דער איינדרוק, פון דייטש־סאָוועטישן אָפּמאַך, וואָס וועט היינט פאַר־עפנטלעכט ווערן, וועט זיין אַ שרעקלעכער, האָט ער זיך באַרימט פאַר דער העכסטער דייטשער מיליטערישער אָנפירונג.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, נאָך דער פאַרזאַמלונג אין אָבערזאַלצבערג — דעם 31סטן אויגוסט, 11 אַזייגער אינאָוונט, איז דער היטלער־סטאַלין פּאַקט ראַטיפיצירט געוואָרן אין בערלין און אין מאָסקווע און בלויז עטלעכע שעה שפּע־טער, דעם 1טן סעפּטעמבער גאַנץ פרי, האָבן זיך די נאַציסטישע האָרדעס אַ

לאַז־געטון אויף פוילן. אַזוי האָט אויסגעזען די שלום־ראַל פון מאָסקווע אין יענע קריטישע טעג פאַר דער מענטשהייט און באַזונדערס פאַר אונדזער פאָלק.

דער קרעמל האָט דערגרייכט דאָס, צו וואָס ער האָט געשטרעבט זינט יאָרן און סטאַלין האָט איצט געהאָפט צו זיין דער דריטער צד, וואָס וועט געניסן פון דער נייער וועלט־קאַטאַסטראָפע.

ווען עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן בלוטיקן מאַרש פון די פאַשיסטישע באַנדעס אויף פוילן, האָבן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן, אין ערשטן מאָמענט, נישט געוווּסט ווי אַזוי צו רעאַגירן. יאָרן־לאַנג האָבן זיי געשפּילט די ראָל פון די אמתע אַנטיפאַשיסטן און אַנדערע געשטעמפּלט אַלס סאָציאַל־פאַשיסטן. און דאָ, מיטאָמאָל, אַ פריינטשאַפט־פאַקט מיט היטלערן. איז זיי שווער געווען אין ערשטן מאָמענט איבערצודרייען דעם פעלץ. אַ חוץ דעם האָבן זיי די ערשטע טעג נאָך נישט געהאַט דערהאַלטן קיין שום אינסטרוקציעס פון מאָסקווע. בכלל איז פאַר זיי נישט געווען קלאָר אין די ערשטע חדשים פון מלחמה־אויסברוך די האַלטונג פון מאָסקווע. דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט מיט זיי, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין 1933. אַ לענגערע צייט האָבן זיי דעמאָלט איבערגעחזרט די פריערדיקע אַבסורדאַלע קאָמוניסטישע באַהויפּטונג, אַז היטלער וועט גאָר גיך דורכפאַלן און זיי וועלן קומען נאָך אים צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד. ערשט שפּעטער איז געקומען אַן אָנווייזונג פון מאָסקווע, אַז מען דאַרף ענדערן די ליניע.

דער פירער פון די פראַנצויזישע קאָמוניסטן, מאָריס טאָרעז, האָט דעמאָלט נאָך דערקלערט, אַז אויב היטלער וועט אָנהייבן אַ מלחמה, טאָ זאָל ער וויסן, אַז ער וועט האָבן קעגן זיך דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק. נאָך מער: די פראַנצויזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט פאַרעפנטלעכט אַ דערקלערונג, אין וועלכער זי שטעלט פעסט, אַז דער היטלעריסטישער אָנפאַל אויף פוילן דאַרף באַטראַכט ווערן ווי אַן אָנפאַל אויף אַלע פרייע פעלקער. דער אַלטער קאָמוניסטישער פירער, מאַרסעל קאַשען, שרייבט אין אַ בריוו צו לעאָן בלום, אַז די קאָמפּאַרטיי איז איצט פאַר נאַציאָנאַלער איינהייט, כדי אַזוי אַרום גורם צו זיין אַ מפּלה פאַר די פאַשיסטישע קריגס־פאַרשווערער. אַן ענלעכע שטעלונג פאַרנעמט אויך די קאָמוניסטישע פאַרלאַמענטאַרישע פראַקציע. דעם 2טן סעפּטעמבער 1939 שטימט די פראַקציע אין פאַרלאַמענט פאַר די פראַנצויזישע קריגס־קרעדיטן אויף דער סומע פון 96 מיליאַרד פראַנק. קאַשען דערקלערט מיט שטאָלץ, אַז די קאָמוניסטן וועלן זיך געפינען אין דער ערשטער ריי, כדי צו

צעשמעטערן דעם קרימינעלן אַטענטאַט אויפן שלום. די קאָמוניסטישע דעפּר־טאַטן מיט טאַרעזן אין דער שפּיץ, וואָס האָבן געדאַרפט מאָביליזירט ווערן אין דער אַרמיי, זענען אַוועק אין זייערע מיליטערישע פאָרמאַציעס. „די פראַנצויזישע קאָמוניסטן וועלן אויספירן זייער טאָפּלטע אויפגאַבע: זיי וועלן שלאָגן דעם פאַ־שיזם און ראַטעווען די פרייהייט פון לאַנד" — האָבן זיי געטענהט. נאָך בולטער איז געקומען צום אויסדרוק די פּאַטריאָטישע שטעלונג פון די פראַנצויזישע קאָ־מוניסטן, אין יענע טעג, אין דער רעזאָלוציע, וואָס איז פון זיי אָנגענומען גע־וואָרן דעם 19טן סעפּטעמבער און אין וועלכער עס האָט זיך געזאָגט, אַז נאָך 15 טעג מלחמה איז שוין אייראָפּע פאַרפלייצט מיט בלוט און אַז אויף יענער זייט פון דער „מאַזשינאָ־ליניע" דערפילן אונדזערע סאָלדאַטן זייער אויפגאַבע פון היטער פון דער פראַנצויזישער זיכערקייט און נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. און ווייטער האָבן די קאָמוניסטן פעסטגעשטעלט, אַז 22 דעפּוטאַטן זייערע האָבן זיך שוין געמאָלדן אויף זייערע מיליטערישע פּאָסטנס און אַז אויפן שלאַכט־פעלד האָט זיך שוין געגאָסן דאָס בלוט פון קאָמוניסטישע סאָלדאַטן. און וואָס זאָגן דעמאָלט וועגן פּוילן די קאָמוניסטן? — „אויפן מזרח־פראָנט מאַניפעסטירט זיך די העלדישקייט פון פּוילישן פאָלק, אָבער די העלדישקייט פון די אַרבעטער־באַטאַליאָנען אין וואַרשע האָבן ניט געקענט שטערן דעם פאַרלוסט פון די וויכ־טיקע שטעט און אינדוסטריע און קולטור־צענטערן פון דעם אומגליקלעכן לאַנד".

כדי נאָך מער אונטערצושטרייכן דעם פּאַטריאָטיזם פון דער פראַנצויזישער קאָמ־פּאַרטיי, פאַרופט זיך דער צענטראַל־קאָמיטעט אויף אַ דעקלאַראַציע וואָס דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, מאָריס טאָרעז, האָט געמאַכט נאָך מיט דריי יאָר צוריק, אין וועלכער ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז נישט פון רוים, נישט פון בערלין, נישט פון לאָנדאָן און אַפילו נישט פון מאָסקווע וועט באַשטימט ווערן דער גורל פון פראַנקרייך, נאָר אין פּאַריז...

דאָס אַלץ איז געווען אין סעפּטעמבער 1939. די דאָזיקע אַנטי־נאַצישע און פּראָ־פראַנצויזישע שטעלונג וועט קוים הערציען ביזן סוף חודש.

דעם 27סטן סעפּטעמבער קומט ווידער ריבנטראָפּ קיין מאָסקווע. דאָס איז שוין געווען נאָכדעם, ווי די נאַצישע אַרמייען האָבן דערטרונקען דאָס אומגליק־לעכע פּוילישע לאַנד אין בלוט און די רויטע אַרמיי האָט צוגעהאָלפן די נאַ־ציסטישע האָרדעס אין זייערע שחיטות איבער דער אומבאַוואָפנטער באַפעלקע־רונג און אין דער ערשטער ריי איבער דער אומגליקלעכער יידישער באַפעל־קערונג.

ריבנטראָפּ ווערט מיט גרויס פּאַראַד אויפגענומען אין מאָסקווע און מען שפּילט אים אויף דאָס האָסט־וועסעל ליד (ווען יידיש בלוט פון מעסער רינט...). אַ טאָג שפּעטער ווערט דער נאַציסטישער הענקער אויפגענומען פון סטאַלינען אויף אַ גאַלאַ־מיטיק. עס שימערירן די באָקאַלן מיט די קאַווקאַזער ווײַנען און עס ברעכן זיך די טישן מיט קאַוויאַר, בעת פּוילן גייט אָפּ אין בלוט און הונ־דערטער טויזנטער יידן לויפן אין פּאַניק צו די סאָוועטישע גרענעצן און פאַלן אויף די וועגן פון די היטלעריסטישע מאָרד־אַוויאָנען.

אין קרעמל איז מען אין אַ גוטער שטימונג. מאָלאָטאָוס פרוי (אַ יידישקע) טאַנצט שוין ווידער מיט פאָן ריבענטראָפּן.

איצט בייטן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן די ליניע און מען ווערט שוין דעפּעטיסטן. זיי דערקלערן זיך גרייט צו אונטערשטיצן די סאָוועטישע פּאָליטיק אָן שום רעזערוון. באַפעל איז באַפעל.

דאָס מאָל איז אָבער די זאַך נישט אַריבער אַזוי גלאַטיק. די קאָמוניסטישע אָנפירונג האָט געמוזט פאַר דעם שפּרונג באַצאָלן אַ טייערן פּרייז.

24 קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן (אויף 74) ווילן שוין מער נישט מיטמאַכן די דאָזיקע שפּיל און דעמיסיאָנירן. 15 ראַטמענער פון פּאַריזער ראַיאָן (אויף אַ צאָל פון 35) פאַרלאָזן די קאָמפּאַרטיי. דער זעלביקער פּראָצעס קומט אויך פאָר אויף דער פּראָווינץ און אין די קאָמוניסטישע סינדיקאַטן. 4 גרויסע סינדיקאַטן (פּאָסט־אָנגעשטעלטע, קוילן־גרעבערס, לעדער־פאַראיין און באַקלייד־בראַנזשע) פאַרעפנטלעכן מאַניפעסטן אין וועלכע זיי רופן צום קאַמף קעגן דער מלחמה און פאַראורטיילן דעם היטלער־סטאַלין־פּאַקט. דער אָנערקענטער פירער פון דער פראַנצויזישער סינדיקאַלער באַוועגונג, לעאָן זשואָ, אויב ער האָט זיך נאָך אין אָנהייב געוואַקלט, וואָס שייך דער פאַרדאַמונג פון היטלער־סטאַלין־פּאַקט, האָט ער אָבער נאָכדעם, ווי די נאַציס האָבן אָנגעהויבן זייער בלוטיקן רויב־מאַרש אויף פּוילן, אָנגענומען אַ קלאָרע נעגאַטיווע שטעלונג צו דעם דאָזיקן פּאַקט און שוין דעם 18טן סעפּטעמבער נעמט אָן די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע פון דער ס. זש. ט. (די צענטראַלע פון די סינדיקאַטן) אַ באַשלוס, אַז אַלע אָנגעשלאָסענע סינדיקאַטן אין דער צענטראַלע און זייערע מיטגלידער, וואָס וועלן נישט עפנטלעך פאַראור־טיילן דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט, שטעלן זיך דערמיט אַליין אויסער די רייען פון דער ס. זש. ט. די אָנפירונג באַגרינדעט איר שטרענגן באַשלוס דערמיט, וואָס די אינוואַזיע פון דער סאָוועטישער אַרמיי אויף פּוילן באַדייט אַ הילף פאַרן נאַציס־טישן אַגרעסאָר. דערפאַר — האַלט די ס. זש. ט. — קען נישט זיין קיין מיטאַרבעט

מיט די, וואָס ווילן נישט אָדער קענען נישט פאַראורטיילן אַזאַ האַנדלונג מצד סאָוועט־רוסלאַנד.

אָן אומדירעקטער ענטפער אויף דעם באַשלוס פון דער ס. זש. ט. איז געווען דער ברוטאַלער אָנפאַל פון דימיטראָוו אין דער סאָוועטישער „פראַוודאַ" אויפן סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דימיטראָוו וואַרפט פאָר דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, אַז ער טרייבט צו מלחמה, פונקט אַזוי ווי דאָס איז געווען אין 1914 און ער זאָגט אָן אַ קאַמף די „אַגענטן פון דער בורזשואַזיע", רופנדיק צו איינהייט איבער די קעפּ פון די סאָציאַליסטישע פירער.

דער סאָוועטישער אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו האַלט אַ רעדע אויפן העכסטן סאָוועטישן ראַט אין מאָסקווע, סוף אָקטאָבער 1939, אין וועלכער ער שטעלט פעסט, אַז צווישן דייטשלאַנד און סאָוועט־רוסלאַנד האָבן זיך איינגעשטעלט פריינטלעכע באַציִונגען און ער ווייזט דערביי אָן אויף דער פאַרניכטנדיקער מפּלה, וואָס עס האָט געליטן די פּוילישע מלוכה „עס איז גענוג געווען איין גיכער קלאַפּ פון דער דייטשער אַרמיי און דערנאָך פון דער סאָוועטישער אַרמיי און גאָרנישט איז נישט געבליבן פון דער דאָזיקער עקלהאַפטער באַשעפעניש פון ווערסיילער שלום, וואָס האָט נאָר עקזיסטירט, כדי אונטערצודריקן נישט־פּוילישע פעלקער". וועגן דער היטלעריסטישער „אידעאָלאָגיע" האָט זיך מאָלאָטאָוו אויסגעדריקט אויף דער זעל־ביקער זיצונג פון העכסטן ראַט, אַז מען קען זי אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן. מען קען אָבער נישט צעשטערן אַן אידעאָלאָגיע מיט דער הילף פון מלחמה און אַז עס איז אַ קרימינעלער פאַרברעך דאָס וועלן ווייטער פירן מלחמה קעגן היטלע־ריזם. אַ שטאַרק דייטשלאַנד, זאָגט מאָלאָטאָוו, איז אַ באַדינג פאַרן שלום אין אייראָפּע.

אַזוי האָט מאָלאָטאָוו גערעדט וועגן דייטשן פאַשיזם אין אַ מאָמענט, ווען פּוילן איז שוין געלעגן אַ צעטראָטענע און די מיליאָנען ייִדן פון מזרח־אייראָפּע, געבונ־דענע גרייט צו דער שחיטה.

די קאָמוניסטישע פּרעסע אין פראַנקרייך האָט שוין געברענגט מאָלאָטאָווס רעדע און האָט, פאַרשטייט זיך, מיט איר אינגאַנצן מסכים געווען. מען האָט שוין פאַרגעסן וועגן דעם, וואָס מען האָט מיט עטלעכע וואָכן פריִער געשריבן וועגן היטלערן און וועגן פּוילן. אָבער נישט בלויז די קאָמוניסטישע פּרעסע האָט איצט פאַרשפּרייט מאָלאָטאָווס רעדע, אין וועלכער ער פאָדערט אַ שלום מיט דייטש־לאַנד און פאַרדאַמט די אַליִירטע, וואָס ווילן ווייטער פירן קריג, נאָר אויך היט־לערס פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער, געבעלס, האָט פאַרשפּרייט די דאָזיקע רעדע. דיי־

מישע אַוויאַנען האָבן אַראָפּגעוואָרפן איבער פּאַריז און איר אומגעגנט פלוג־בלעט־לעך מיט דער דאָזיקער רעדע.

אָבער נישט בלויז די רעדע פון מאַלאָטאָוון האָבן די נאַציסטן פאַרשפּרייט אין פראַנקרייך. זיי האָבן דערלויבט די פראַנצויזישע קאָמוניסטן צו אינסטאַלירן אַ ראַדיאָ־סטאַציע אויף דער דייטשער טעריטאָריע: „די שטימע פון שלום", פון וועלכער זיי האָבן געפירט אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער פראַנצויזישער באַפעלקע־רונג פאַר אַ שלום.

יאָ, עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן נאַציסטן, די אָקופּאַנטן פון פראַנקרייך, און די קאָמוניסטן, די פראַנצויזישע פיליאַלע פון מאָסקווע. זיי האָבן זיך באַליידיקט, ווען מען האָט זיי באַצייכנט אַלס קאָמונאַציס. עס איז אָבער געווען אַ פאַקט, אַז די קאָמוניסטן האָבן זיך געווענדט צו דער דייט־שער אָקופּאַציע־מאַכט, אַז מען זאָל זיי דערלויבן אַרויסצוגעבן לעגאַל די „הו־מאַניטע", וואָס וועט פאַרטיידיקן דעם היטלער־סטאַלין־פּאַקט און באַקעמפן די אַגענטן פון בריטישן אימפּעריאַליזם. די דייטשן האָבן אָבער נישט געוואָלט דע־רויף איינגיין און די קאָמוניסטן, געטריי זייער איינשטעלונג, האָבן פונ־דעסטוועגן נישט אַטאַקירט אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע די נאַציסטישע הערשער. די דייטשן, וואָס האָבן נישט דערלויבט דאָס דערשיינען פון דער קאָמוניסטישער צייטונג „הומאַניטע", האָבן פון זייער זייט אויך געקוקט דורך די פינגער אויף דעם קאָלפּאָרטאַזש פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פּרעסע. דאָס מיינט, אַז די דייטשן האָבן זיך אין דער ערשטער צייט באַצויגן צו די קאָמוניסטן מיט אַ באַשטימטער טאָלעראַנץ. אַזאַ באַציִונג האָט אָבער נישט געקענט באַפרידיקן די פראַנצויזישע קאָמוניסטן. די קאָמוניסטישע יוגנט, למשל, האָט דעמאָלט דערקלערט, אַז פראַנקרייך איז זייער לאַנד, אָבער רוסלאַנד איז זייער פאָטערלאַנד. האָט מען געהאַט גאַר שטאַרק פאַראיבל אויף דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע־מאַכט, הלמאי זי באַהאַנדלט נישט די קאָמוניסטן אין גייסט פון גע־שלאָסענעם פריינטשאַפט־פּאַקט מיט מאָסקווע.

מען דאַרף אָבער קענען די קאָמוניסטן. זייער באַציִונג צו אַ קעגנער ווערט נישט באַשטימט דורך דעם, ווי אַזוי דער קעגנער באַציט זיך צו זיי, נאָר פון זייער אייגענער ציל־איינשטעלונג. מעג דער קעגנער זיי פאַרפאָלגן, מעג ער זיי באַשמוצן און דערנידעריקן, נאָר טאָמער דאַרפן זיי אים צוליב זייערע פּאַרטיי־בערגייענדיקע סטראַטעגישע אָדער טאַקטישע צילן, וועלן זיי אים דעמאָלט אַלץ מוחל זיין, פאַרשווייגן און פאַרקוקן. אַזוי איז דאָס אויך געווען אין דעם פאַל.

סטאַלין האָט געדאַרפט האָבן דעם פּאַקט מיט היטלערן און ער האָט געגלייבט אין זײַן דויערהאַפטיקייט און די פראַנצויזישע קאָמוניסטן פירן ווײַטער זייער אַגיטאַציע פאַר אַ שלום מיט היטלער־דייטשלאַנד. זיי גייען נאָך אַפילו ווײַטער. אין אָנהייב מאַי, ערב דער דייטשער אָפענסיווע, פּרוּוון די פראַנצויזישע קאָמוניסטן אַרויסרופן אַ גענעראַל־שטרייק אין דער שווער־אינדוסטריע פון פּאַריזער ראַיאָן. דער דאָזיקער פּרוּוו זייערער איז אָבער אַדורכגעפאַלן. אין זייער אַגיטאַציע פאַרלאַנגען די קאָמוניסטן, אַז מען זאָל שטעלן פאַר אַ געריכט די קריגס־פאַרברעכער (אָבער זיי פאַרשווייגן די נעמען פון די אמתע קריגס־פאַרברעכער: היטלער און סטאַלין) און זיי שטרעבן צו אַן אַליאַנס צווישן היטלער־דייטשלאַנד, סאָוועט־רוסלאַנד און פראַנקרייך. אַז זיי האָבן באמת געוואָלט דאָס דערגרייכן, באַווייזט דער פאַקט, וואָס די קאָמוניסטן האָבן גערופן די פראַנצויזישע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן זיך פאַרברידערן מיטן דייטשן מיליטער אין פראַנקרייך. זיי האָבן אויך זייער שאַרף באַקעמפט די פראַנצויזישע אינדוסטריעלער, וואָס נעמען זיך נישט אַזוי גיך ווידער צו לאָזן אין גאַנג זייערע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

די גוט־ברודערשאַפט מיט היטלערן וועט אָנהאַלטן ביזן סאַמע לעצטן מאָמענט.

אין יאַנואַר 1941, פינף חדשים פאַרן היטלעריסטישן פאַראַט, שליסט סטאַלין אַ נייעם האַנדלס־אָפּמאַך מיט היטלערן, לויט וועלכן די דייטשע קריגס־מאַשין וועט צושטעלן פאַר רוסלאַנד אַוויאָנען און מאָסקווע וועט דערפאַר באַצאָלן מיט אַ מיליאָן טאָן תבואה, 900 טויזנט טאָן נאַפט־פּראָדוקטן, 500 טויזנט טאָן פאָספאַט, 100 טויזנט טאָן ביינוול און פאַר צענדליקער מיליאָנען דאָלאַר האָלץ. מאָסקווע פאַרפליכטעט זיך פאַר דער דייטשער קריגס־אינדוסטריע צוצושטעלן קאַוטשוק, בליי א״אַ. דער דייטשער אַדמיראַל רעדער גיט איבער אין זײַנע מעמואַרן, אַז רוסלאַנד האָט דעמאָלט פאַרגעשלאָגן אָפּצוטרעטן די דייטשן די ים־באַזע אין מורמאַנסק און צו פאַרקויפן אַ געוויסע צאָל אונטערוואַסער־שיפן.

סטאַלין האָט נישט נאָר שטאַרק געגלויבט אין דער דויערהאַפטיקייט פון פריינטשאַפט־פאַקט מיט היטלערן, נאָר ער האָט געשטרעבט אים אויסצוברייטערן. איז טאַקע מאָלאָטאָוו צוליב דעם געפאָרן קיין בערלין מיט אַ רייע נייע פאָרשלאָגן. און וואָס האָט מאָלאָטאָוו פאָרגעשלאָגן היטלערן און ריבענטראָפּן? אַז היטלער זאָל אָנערקענען די רעכט פון סאָוועט־רוסלאַנד אויף דעם טייל פוילן,

וואָס געפינט זיך שוין אין אירע הענט, אַז ליטע, עסטאָניע, לעטלאַנד, קאַרעליע, בעסאַראַביע און בוקאָווינע זאָל איינגעגלידערט ווערן אין פאַרבאַנד פון די סאָ־וועטישע רעפּובליקן. לאָמיר דאָ, אגב־אורחא, באַמערקן, אַז צום שאַנד פון די אַליאירטע, האָט סטאַלין די אַלע אויבן־אָנגעוויזענע טעריטאָריעס שפּעטער באַ־קומען אין יאַלטאָ און טעהעראַן. סטאַלינס און מאָלאָטאָווס אַפּעטיטן זענען געווען נאָך גרעסערע. מאָלאָטאָוו פאַרלאַנגט פון היטלערן די פולקאָמע סאָוועטישע קאָנטראָל איבער די דאַרדאַנעלן (דער אַלטער טרוים פון אַלע רוסישע צאַרן) און אַ פרייע האַנט אין איראַן און איראַק און אַ גרויסן טייל פון סאַודי־אַראַ־ביע, כדי אַזוי אַרום צו קענען שטעלן אונטער דער קאָנטראָל פון מאָסקווע דעם פּערסישן גאָלף און העם גאָלף פון אַדען, וואָס שיצט דעם צוגאַנג צום רויטן ים. צי האָט זיך דאָס היינטיקע מאָסקווע שוין אָן סטאַלינען אָפּגעזאָגט פון די דאָזיקע אימפּעריאַליסטישע פּלענער, איז נאָך אַ גרויסע פראַגע. און וואָס האָט פּאַ־סירט אין בערלין? היטלער האָט נישט געוואָלט הערן פון דער דאָזיקער נייער חלוקה מיט פעלקער און לענדער, וואָס מאָלאָטאָוו האָט אים פאַרגעשלאָגן. עס איז אָפילו דערגאַנגען צו זייער אַ שאַרפן געשפּרעך. פאַרוואָס האָבן זיך דאָס מאָל די שותפים נישט געקאָנט אויסגלייכן? מיר האָבן זיך דעמאָלט געבראָכן די קעפּ און נישט געקענט געפינען קיין ענטפער אויף דער פראַגע.

עס האָט אָבער גאַרנישט לאַנג געדויערט און די זאַך איז קלאָר געוואָרן. היטלער האָט זיך שוין געגרייט צום איבערפאַל אויף רוסלאַנד און עס האָט פאַר אים נישט געהאַט קיין שום זין די נייע חלוקה, עס איז שוין געווען קורץ פאַרן 21סטן יוני 1941.

פון וואַשינגטאָן האָט מען געוואָרנט מאָסקווע וועגן היטלעריסטישן איבער־פאַל, אויך פון לאָנדאָן האָט מען דאָס געטון, אָבער סטאַלין האָט אין די וואָרע־נונגען געזען אַ כיטרע שפּיצל פון די אַליירטע. זיי ווילן צעשטערן די סאָוועַ־טיש־נאַציסטישע פריינטשאַפט, האָט מען אין קרעמל קאָמענטירט די וואָרע־נונגען מצד אַמעריקע און ענגלאַנד. במילא, האָט אויך נישט געקענט זיין קיין רייד דערפון, אַז די פראַנצויזישע קאָמוניסטן זאָלן ענדערן זייער אַגיטאַציע און ביזן היטלעריסטישן איבערפאַל, האָבן זיי נאָך אַלץ געפּאָדערט אַ שלום מיט היטלער־דייטשלאַנד.

# אויף דער פאָרם פון „אָרט״ – „לאַראַש״

איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן אויף דער פאָרם פון „אָרט״, וואָס האָט זיך געפינען אין אַן אַגראַר־געגנט פון לאַנד. צומערשט האָב איך אָבער זיך געוואָלט זעען מיט מיין פרוי און מיט איר זיך מיישב־זיין דערוועגן. זי האָט געאַרבעט אין גאָר אַן אַנדער טייל לאַנד, אין דעם מאַסיוו־צענטראַל, און די נסיעה פון טולוז ביז דאָרט האָט גענומען אַ סך צייט.

די רייזעס זענען שוין דעמאָלט געווען זייער באַשווערט. מען האָט געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע רייזע־דערלויבעניש. אין דער פּרעפעקטור פון טולוז האָט מען אַרויסגעגעבן אַזאַ פּאַפּיר. די באַנען זענען געווען איבערגעלאָדנט. אַ קליינינקייט, אַ וועלכע 8 מיליאָן פון דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג האָבן פאַרלאָזט זייערע היימען און געוואַנדערט איבערן לאַנד. דאָס איז געווען דער אַזוי־גערופענער „עקזאָדוס״. מיט גרויסע שוועריקייטן בין איך אָנגעקומען צו מיין פרוי, אין דעם שטעטעלע קראָ. די האָטעלן אין די קליינע שטעטלעך זענען געווען איבערפולט מיט פּליטים און עס איז אויך שווער געווען צו באַקומען אַ פּריוואַטן צימער. מיין פרוי האָט געהאַט אַ צימער אין האָטעל און אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט אין דעם קינדער־אַנשטאַלט. איז מיט אַ פּלאַץ, ווו צו זיין פאַר מיר שוין נישט געווען קיין פּראָבלעם. דער אייגנטימער פון האָטעל האָט מיר דערלויבט צו וווינען אין דעם צימער פון מיין פרוי. ערגער איז געווען מיט עסן. אין האָטעל איז דאָס עסן געווען זייער טייער, דערהויפּט פאַר אונדזער קעשענע. אין דער מערי האָט מען אַרויסגעגעבן עסן פאַר די אַנגעלאָפענע פּליטים, וואָס האָבן געשטאַמט פון די געביטן, וואָס זענען שוין געווען פאַרנומען פון די דייטשן. גאַנצע פאַמיליעס האָבן געגעסן אין דער קיך פון דער מערי. מיך האָט דאָס דערמאַנט אָן די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין לאָדזש. אויך דעמאָלט האָבן גאַנצע פאַ־מיליעס בעגעסן אין די אַרבעטער־קיכן, אָדער געקומען אַרויסנעמען פון דאָרט

די מיטיקן. אויך איצט האָט מען אויסגעטיילט עסן אויף באָנעס. מיט 25 יאָר צוריק איז דאָס געווען און איצט ווידער אַ מלחמה מיט די זעלביקע דייטשן.

מיין פרוי האָט זיך געקענט מיט דער פאַרוואַלטערין פון דער מערי און איך האָב באַקומען רעכט צו געניסן אומזיסט פון דער קיך, צוגלייך מיט אַלע אַנדערע פליטים.

אָט ביי די לאַנגע טישן אין דער מיטיק־שעה האָט מען געזען אַ פראַגמענט פון דער פראַנצויזישער טראַגעדיע. מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן, וואָס האָבן אָקאָרשט געלעבט אַ זאַט און רויק לעבן, זענען אין איין טאָג, אין געציילטע שעהן ממש, אַרויסגעריסן געוואָרן פון זייערע זינט־דורות פאַרוואָרצלטע היימען און זיי מוזן זיך איצט וואַלגערן אין דער פרעמד, אָן דער מינדסטער פאַרשטע־לונג וועגן דעם, וואָס דער מאָרגן קען זיי ברענגען.

געגעסן האָט מען אין דער מערי, אָבער געשלאָפן איז מען ווו עס האָט זיך געלאָזט: ביי אַ פויער, אין דער שולע און אין אַנדערע עפנטלעכע געביידעס און אויך ביי פריוואַטע פערזאָנען און אַזוי — מענער, פרויען, קינדער, זקנים און שוואַכע.

די יידישע פליטים אין דעם שטעטעלע האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער. געווען זענען דאָס רייכע יידן. אַ סך פון זיי זענען געקומען פון פּאַריז מיט אייגענע אויטאָס. געוווינט האָבן זיי אין שיינע האָטעלן און אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי פאַר־ברענגט אָדער אין די קאַפעען, אָדער זיך קאָנצענטרירט אויף דער איינציקער באַלעבעטער גאַס פון שטעטל. מען האָט געלייענט די אָפיציעלע קאָמוניקאַטן וועגן די געשעענישן און מען האָט זיי קאָמענטירט. איך האָב זיך, פאַרשטענדלעך, נישט אַריינגעפּאַסט אין דער סביבה פון די רייכע פּאַריזער פוטער־סוחרים און ביזשו־טעריע־הענדלער. בין איך מיר געגאַנגען באַזונדער און געמאַכט לאַנגע שפּאַצירן אין דער באַרגיקער אומגעגנט, וואָס איז געווען געדיכטע באַוועלדערט, אָדער איך בין געבליבן אין מיין פרויס האָטעל־צימער. עס איז געווען וועגן וואָס צו טראַכטן, ווייל מען האָט געפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ שרעקלעכע צייט פאַר דער גאַנ־צער מענטשהייט און באַזונדער פאַר אונדז יידן.

דער פרימיטיווער זעלבסטדערהאַלטונג־אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז דאָ לאַנג בלייבן האָט נישט קיין שום זין. עס איז נישט גוט צו לעבן אין אַ גרעסערן יידישן קיבוץ, וואָס וואַרפט זיך אַזוי בולט אין די אויגן.

האָבן מיר צווישן זיך באַשלאָסן, אַז איך פאָר אויף דער פאַרם פון „אָרט״.

וואָסערע פאָרם דאָס איז, האָב איך נישט געוווּסט. איך האָב אפילו נישט געהאַט דעם געגויען אַדרעס, ווו זי געפינט זיך.

געפאָרן בין איך זייער לאַנג און אויפן וועג — ווידער דאָס זעלביקע בילד פון דער וואַנדערנדיקער פראַנצויזישער באַפעלקערונג. אַ גליק נאָך, וואָס פראַנצויזן זענען אַ פריילעך פאָלק און אין יעדער סיטואַציע, פאַרלאָזט זיי נישט זייער פיינער הומאָר. איך בין אָנגעקומען אין דעם שטעטל ווילנעוו, וואָס געהער צום דעפּאַרטאַמענט לאָט ע־גאַראָן, ווו אין שכנות פון דעם שטעטל האָט זיך געדאַרפט געפינען מיין נייע רעזידענץ.

עס איז שוין געווען שפּעט־זומער און דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט פוסטע פעלדער פון די אַראָפּגענומענע תבואות. נאָר די אויבסט־ביימער און די נידעריקע ווינשל־ביימלעך מיט זייערע שווער־באַלאָדענע בלויע און ווייסע טרויבן, האָבן נאָך אַנטפּלעקט פאַר אונדז אַ שטיק שפע פון דער פרוכטבאַרער פראַנצויזישער ערד. דער אויטאָבוס האָט אונדז פּאַסאַזשירן אָפּגעשטעלט אין צענטער פון דער שטאָט, אויפן הויפּט־פּלאַץ. ביים אויסשטייגן האָט מען זיך נישט געשטופּט, כאָטש מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט געזעסן צונויפגעפּרעסט. פראַנצויזישע פּאַסאַזשירן זענען קולטורעלע מענטשן. עס איז נישט פוילן, ווו מען פלעגט זיך שטופּן און שטויסן ביים אַרויסגאַנג, ווייל יעדער האָט געוואָלט וואָס פריער אויסשטייגן.

איך האָב זיך אוודאי נישט געהאַט וואָס צו איילן. עס איז נאָך געווען גענוג פרי און איך האָב באַשלאָסן צו גיין אין אַ קאַפע, כדי דאָרט זיך אפשר דערוויסן, ווו עס געפינט זיך דער שלאָס, דער „שאַטאָ", לאַראָש.

עס איז מיר גאָרנישט שווער געווען דאָס צו דערגרייכן. די קאַפע־אייגנטימערס אין ווילנעוו זענען דאָך נישט געווען קיין פּליטים. זיי לעבן אויפן אָרט זינט דורות און זיי קענען אַלע פריצישע הייף און אַלע פּויערים פון דער געגנט. האָט מען מיך טאַקע אינפאָרמירט ווו דער שאַטאָ געפינט זיך און וויפל צייט עס דאַרף נעמען דער וועג. איך האָב אַפילו געהאַט אַן אויטאָבוס, וואָס שטעלט זיך אָפּ נישט ווייט פון דער פאָרם, אָבער איך האָב בעסער געוואָלט גיין צו־פוס, כאָטש עס איז געווען פון דער שטאָט אַ וועלכע 12 קילאָמעטער.

עס האָט זיך געשטעלט אַ פּרעכטיקער טאָג און עס האָט מיך באמת געצויגן צו אַ לאַנגן שפּאַציר.

איך האָב זיך געפונען אין אַ טיפּיש־פראַנצויזישער לאַנדווירטשאַפטלעכער געגנט פון פעלדער און פּויערישע ווירטשאַפטן. דער שאָסיי — אַ גוטער און

ערטערווייז גערדיכט באַזעצט מיט אַלטע טאָפּאָליעס. איך האָב מיר געקויפט אין וועג אַריין צידה־לדרך: אַ ליטער וויין, ברויט, פּוטער, קעז און יונגע ציבעלעס. עטלעכע קילאָמעטער אונטער דער שטאָט האָב איך זיך אָוועקגעזעצט אונטער אַ גערדיכטער, ברייט־צעצווייגטער טאָפּאָליע און זיך צוגעגרייט אַ „מלמדישן אָנבייסן". נאָכן עסן האָט מיך שטאַרק געצויגן צו אַ דרימל און איך האָב נישט געוווּסט ווען און ווי אַזוי איך בין איינגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען אַ שטיק אין טאָג אַריין. איך בין געזעסן אונטער אַ שאָטנדיקן בוים און איצט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט אונטער אַ ברענענדיקער זון. מיין גאַנצע פּוטער איז שוין געווען אויסגערונען, טאַקע זיך צעגאַנגען ווי פּוטער אויף דער זון. מיינע רעשטלעך עסן זענען באַדעקט געווען פון אַ כמאַרע מוראַשקעס, אַן אמתער מוראַשניק. קאָנטיק אַז דאָס ברויט און דער קעז זענען געווען פאַר מיר אַ גוטער בליק־אַפּלייטער און איך האָב אומגעשטערט געקענט כאַפּן אַ דרימל. איך האָב וואָס גיכער אָנגעהויבן צו שפּרייזן אין דער ריכטונג פון „לאַראָש" און ענדלעך דערגרייכט מיין ציל. אַן אַלטע גרוי־ווייסע דריי־שטאָקיקע געבייַדע, צו וועלכער עס פירן פאַרוואָרלאָזטע אַלעען און האַלב־פאַרטריקנטע לאָנקעס. אַ שלאָס פון מלך־אביונס גיטער. גרויסע שמוציקע סאַלעס, פאַרלייגטע מיט אַלט, פּויעריש מעבל און בעטגעוואַנט. קאָנטיק, אַז נישט לאַנג צוריק האָבן דאָ געוווינט פראַנצויזישע פּליטים און פון דאָ ווייטער געוואַנדערט. אין הויף שטויס איך זיך אָן אויף אַן אַלטן פּויער, וועלכער ווענדט זיך צו מיר אין רוסיש מיט דער פראַגע, ווען איך זוך דאָ. געהערט רוסיש, בין איך שוין גאָר געווען זיכער, אַז איך האָב נישט פאַרבלאָנדזשעט, ווייל פון דער דערפאַרונג האָב איך געוווּסט, אַז „אָרט" האָט גאָר אַ נאָענטן שייכות צו דער רוסישער שפּראַך. זענען דאָך זיינע ערשטע גרינדער געווען רוסישע יידן און רוסיש איז זייער אָפּט באַנוצט געוואָרן פון די „אָרט"־באַאַמטע.

איך האָב זיך פאַנאַנדערגעשמועסט מיטן פּויער אין רוסיש און עס שטעלט זיך אַרויס, אַז די פאַרם איז טאַקע דאָס אייגנטום פון „אָרט" און אַז ער, דער רוסישער פּויער איז דער אַרענדאַר פון דעם גוט. נאָר די געבייַדע און אַ געוויסער שטח ערד אַרום דעם הויז געהער צום „אָרט". דאַקעגן די גאַנצע ערד און אַלע אַנדערע געבייַדעס האַלט ער אין אַרענדע. ער האָט די פאַרם גענומען אין אַרענדע נאָך פאַר דער מלחמה, מחמת זי האָט געפּוסטעוועט. ער מיט זיין פרוי און צוויי זין באַאַרבעטן אַ וועלכע 10 העקטאַר ערד. דער לעבעדיקער אינווענטאַר געהער אויך צום „אָרט". דער פּויער האָט מיך פאַרבעטן אין זיין שטוב

און איך האָב געזען פאַר זיך אַ טיפּישע שמוציקע פּויערישע כאַטע, ווי אויף די קרעסן אין אַמאָליקן פּוילן. הינער און קאַטשקעס האָבן אַרומשפּאַצירט אין דער קיך און געפּיקט פון טיש אַראָפּ. אין ווינקל איז געלעגן אַ שמוציקער הונט און עפּעס געגריזשעט און איבער אים אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַ פּאַרקאָפּטשעטע איקאָנע. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב געזען דעם פאַרוואַלטער פון „אָרט", דוד קלעמענטינאָווסקי, אַן אַלטער אָרט-טוער, וואָס האָט זיך עוואַקויִרט פון פּאַריז און זיך דערווייל איינגעאָרדנט אין דעם פּוסטן שלאָס. ער מיט זיין פרוי. נאָך אַ יידישע משפּחה האָט זיך שוין דאָרט געפונען. דאָס איז געווען דער אַגראָנאָם אשר מאלקין מיט זיין פרוי און קינד און זיינע אַ שוועסטער, וואָס איר מאַן איז געווען אין קריגס-געפאַנגענשאַפט. מאַלקין האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט אויף אַ פּריוואַטן פּאָסטן אַלס אַגראָנאָם אין אַ פראַנצויזישער לאַנדווירטשאַפטלעכער אונטערנעמונג, נישט ווייט פון פּאַריז. אָבער ער האָט אויך געהאַט אַ שייכות צום „אָרט". אויך ער איז דאָ געקומען „איבערוואַרטן" די מלחמה.

איך האָב דערקלערט דעם פאַרוואַלטער פון „אָרט" דעם ציל פון מיין באַזוך און ער האָט מסכים געווען דערויף, אַז איך זאָל דאָ בלייבן. דער שלאָס פּוסטעוועט און איך קען מיר אויסקלייבן אַ צימער, וואָס געפעלט מיר. מעבל אין בעטגעוואַנט איז פאַראַן לרוב. דאָס האָט די מערי פון דערנעבנדיקן שטעטל פען באַזאָרגט דאָס מעבל און בעטגעוואַנט פאַר די פּליטים, וואָס זענען דאָ געווען בעת די דייטשע אַרמיי האָט זיך גערוקט אויף פראַנקרייך. וואָס שייך אַרבעט, קען איך האָבן אַ באַשעפטיקונג אין גאָרטן אונטער דער אויפזיכט פון אַגראָנאָם מאַלקין. איך וועל באַקומען אַ טעגלעכן לוין און דאַרף אַליין פאַר זיך פירן אַ קיך. דער לוין איז געווען אַ נישטיקער, אָבער אויך מיין אַרבעט אין גאָרטן איז נישט קיין סך ווערט געווען. קיין געלט האָב איך נישט געהאַט, האָב איך זיך בעמוזט איינאָרדענען אויף גאָר אַ פּרימיטיוון אופן. דערביי האָט קלעמענטינאָווסקי מיט מיר אָפּגעמאַכט, אַז איך קריג נאָר באַצאָלט פאַר די אַרבעטס-טעג, פאַר די זונטיקן און יום-טוב — נישט. אַ טאָג-לוינער איז אַ טאָג-לוינער, האָט ער צו מיר געטענהט און דערביי אַרויסגעוויזן אַ סך בקיאות אין דער סאָציאַלער געזעצגעבונג פון איירָאָפּע...

כל-זמן עס איז נאָך געווען וואַרעם אינדרויסן, האָב איך געקאָכט און געגעסן אונטער דעם בלויען הימל. איך האָב מיר קאָנסטרויִרט אַן אייוועלע פון צוויי ציגל און האָלץ צום ברענען האָב איך אָנגעקליבן אין דעם נאָענטן אַרום.

איז געווען אַ ווינט האָט דאָס האַלץ געברענט, אלא נישט, האָט מען געמוזט בלאָזן און בלאָזן אין דעם האָלץ אַריין, ביז די טרערן האָבן זיך געשטעלט אין די אויגן פונעם רויך. עס האָט זיך מיר דערמאָנט אָן דעם ציגיינער־„אָבוז״ אויף די פרייע פלעצער אין לאָדזש, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד און האָב געמיינט, אַז די ציגיינער זענען שוואַרץ פון דעם רויך, אין וועלכן זיי לעבן.

פון מיין געהאַלט וואָלט מיר נישט געסטייעט צו פירן אַ קיך, האָב איך מיך געמוזט „אויסטויגן״. מילך האָב איך געקויפט ביים רוס און ברויט האָב איך אויך געמוזט קויפן פון דער אייגענער קעשענע. דאָס איבעריקע האָב איך געהאַט „גראַטיס״. פון אַ ביסל ווייץ האָב איך מיר געמאָלן קאַשע און אויבס האָט אויך נישט געפעלט, באַזונדערס די באַרימטע אַזשענער פלוימען. קיין ליכט אין דער געביידע איז נישט געווען, — בין איך געגאַנגען שלאָפן און אויפגעשטאַנען מיט די הינער צוגלייך. איך האָב געלעבט ווי גאָט אין פאַריז. וואָס וועט זיין ווינטער, וועגן דעם האָב איך נישט געוואָלט דערווייל טראַכטן. די לצרה בשעתה.

געלעבט האָב איך אין אַ צימער, וואָס איז געווען פאַרלייגט מיט דאָרפיש מעבל און דאָס בעטגעוואַנט איז געווען שרעקלעך שמוציק און פול מיט פליי, נישט מעגלעך געווען ביינאַכט אַן אויג צו צוטון. האָב איך אַרויסגעוואָרפן דאָס בעטגעוואַנט און זיך פאַרשאַפט פריש שטרוי און אַ געלעגער. האָט דאָס אויך נישט געהאָלפן און איך פלעג אַזוי זיך אַפּמוטשען ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריין, איידער איך האָב געקענט איינשלאָפן. פירן מלחמה מיט די דאָזיקע באַ־שעפעניש האָב איך אויך נישט געקענט, מחמת איך האָב נישט געהאַט קיין ליכט אין צימער.

פון מיין פענצטער אינעם שלאָס האָב איך געזען אַ ברייטע פּאַנאָראַמע פון גרין־געלע האַרבסט־לאַנקעס און פאַרלאָזטע פעלדער און די איינצלנעביימער אין דעם שטילן אַרום זענען געווען באַדעקט מיט פייגל־נעסטן. אַלץ איז דאָ געווען אַלט און פאַרנאַכלעסיקט. אַפילו דאָס בריקל איבערן ראָוו איז געווען באַדעקט מיט מאָך. שטיל און פוסט איז אויך געווען אין די אַרומיקע פויערים־הייזקעס. די יוגנט איז שוין פאַר דער מלחמה אין אַ גאַר גרויסער מאָס געווען אין שטאָט און איצט איז נאָך צוגעקומען דער נייער אומגליק מיט דער מלחמה און אַ סך מענער זענען געוואָרן מאָביליזירט. אמת, די פאַקטישע מלחמה האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן, אָבער בעתן וואָפנשטילשטאַנד האָט זיך אַ האַלבע פראַנ־צויזישע אַרמיי געפונען אין געפאַנגענשאַפט, צווישן זיי מיליאָנען פויערים.

צווישן די אַרומיקע פויערים האָבן זיך אויך געפונען שפּאַניער און פּאָ־ליאַקן. מען האָט נישט געקוקט קרום אויף אַן אויסלענדער. וועגן יידן האָבן די דאָרטיקע פראַנצויזישע פויערים כמעט גאָרנישט געוווסט. בעת איך האָב זיך איינגעמאָלדן אין דער דאָרפישער גמינע האָט מען אויך מיך איינגעשריבן אַלס פּאָליאַק.

וואָלט מען אין אַזאַ פּאַרוואָרפענעם ווינקל געקענט אויסלעבן אַלע יאָרן, פאַרגעסנדיק, אַז עס עקזיסטירט אַ „וועלט" אויף דער וועלט און אַז דער נאַציזם באַהערשט שוין אַ גאָר גרויסן טייל פון אייראָפּע.

איין זאַך האָבן מיר דאָ יאָ געהאַט, וואָס האָט אונדז געשטערט צו פאַרגעסן אַן דער דרויסנדיקער וועלט: דאָס ראַדיאָ־קעסטל.

יעדן טאָג האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט צום אַגראָנאָם אשר מאַלקין און דאָרט געהערט די נייעסן פון דער וועלט. מאַלקין איז געווען אַ יידישער ייִד, וואָס האָט געשטאַמט פון אוקראַינע און גערעדט אַ פיינעם יידיש. פלעגן מיר כאַפּן אַ שמועס וועגן יידישע ענינים און באַזונדערס וועגן סאָציאַליזם.

זייער אָפט פלעגן מיר פירן אונדזערע וויכוחים אין פעלד, ביי די בייטן בוראַקעס, אָדער ביים מאַיס, וואָס איך האָב געריייניקט. מאַלקין איז געווען אַן איבערצייגטער ציוניסט, אָבער ליב געהאַט די יידישע שפּראַך און קולטור. די דיסקוסיעס פלעגן מיר נאָך פאָרזעצן ביי מיין קיכל, אויף וועלכן איך האָב צוגעגרייט מיינע מאָלצייטן.

דער פּאַרוואַלטער קלעמענטינאָווסקי איז אויך געווען אַן עמך־מענטש און זיך דערקלערט אַלס רעכטער פּועלי־ציוניסט, אָבער ווי איך האָב דאָס באַמערקט, מיט סימפּאַטיעס פאַר סאָוועט־רוסלאַנד. מיט אים האָב איך שוין געהאַט גרויסע שוועריקייטן. ער האָט נישט געוואָלט מיר געבן קיין הוספה און אויך נישט קויפן קיין אַרבעט־מלבושים און מיר האָט געדראָט, אַז איך זאָל בלייבן אַן דעם איינ־ציקן רעקל. זיין טענה איז געווען, אַז „אָרט" האָט נישט קיין פאָנדן אויף אַזעלכע צוועקן. פונדעסטוועגן האָב איך באַמערקט, אַז וואָס נוגע אַנדערע אויסגאַבן, איז מען גאָרנישט געווען אַזוי אויסגערעכנט. האָבן מיר געפירט צווישן זיך אַ „קלאַסן־קאַמף", ווי מאַלקין פלעגט זיך אויסדריקן. דאָס האָט נישט געשטערט, אַז נאָך די קריגערייען זאָלן מיר פאַרברענגען ביי אַ פאַרטיע שאַך. אין הויף איז קלעמענטינאָווסקי געווען דער באַלעבאָס, אָבער אין דער שטוב ביי זיך — אַ זייער גאַסטפריינטלעכער מענטש און שטענדיק גרייט געווען יענעם צו טון אַ טובה.

אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר וועלן שוין אפשר אַזוי אין דעם ענגן קריז איבערהאַלטן די מלחמה און יעדער פון אונדז האָט גערעדט וועגן צו־קונפטיקן לעבן אין פרייען פּאַריז. אַז מיר האַלטן ערשט ביים אָנהייב פון דער גרויסער יידישער טראַגעדיע, וועגן דעם האָבן מיר נאָך דעמאָלט נישט געהאַט די מינדעסטע פאַרשטעלונג און ווען עס וואָלט אונדז עמעצער געזאָגט, אַז מען וועט מיליאָנען יידן אומברענגען אין די גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס, וואָלטן מיר דעם יעניקן געהאַלטן פאַר אַ חסר־דעה. מיר האָבן געגלייבט, אַז היטלער וועט פאַרשפּילן די מלחמה, אַזוי ווי די דייטשן האָבן פאַרשפּילט די ערשטע וועלט־מלחמה, אָבער אַז עס וועט פון פּוילישן און פון גאַנצן מזרח־אייראָפּעישן יידנטום ווערן אַ תל־עולם און אַז מען וועט אויך פאַרניכטן די איינגעוואַנדערטע יידן אין מערב־אייראָפּע, דאָס האָבן מיר נישט אַפילו אין דער מינדסטער מאָס געאָנט.

עס האָט אָבער נישט גענומען קיין סך צייט און מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַנעמען די נייע טראַגישעווירקלעכקייט.

# צוויי צוואות

איך האָב צוויסן געמוט מײן קאָנסיערזשקע אין פּאַריז מײן נײַעם אַדרעס און זי געבעטן, אַז זי זאָל מיר איבערשיקן די קאָרעספּאָנדענץ, וואָס וועט פאַר מיר אָנקומען. אײנמאָל, בעת איך זיץ אַזוי ביי מײן ציגײנער־קיכל און גרייט זיך צום מאָלצייט, ברענגט מיר דער רוסישער פויער אַ בריוו פון מײן ייִנגערער שוועסטער פון פּוילן, פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, ווו זי האָט געאַרבעט אַלס צאָן־דאָקטאָרין. אײגנטלעך איז זי געווען אַ קינדער־דאָקטאָרין און צוזאַמען מיט איר מאַן, וואָס איז געווען אַ גינעקאָלאָג געהאַט פאַר דער מלחמה אַ קאַבינעט אין וואַרשע. ביידע זענען געווען פּאָפּולער צווישן דער וואַרשעווער ייִדישער אָרעמקייט. איך בין מיט דער שוועסטער געווען זייער נאָענט פון דער סאַמער פריסטער קינדהייט.

ביי אונדז אין שטוב, פּונקט אַזוי ווי אין אַ סך ייִדישע שטובן אין פּוילן, זענען געווען צוויי דורות קינדער, דאָס מיינט: קינדער פון די זעלביקע עלטערן האָבן געהערט גייסטיק און פּסיכיש צו צוויי וועלטן. די עלטערע קינדער האָבן חייטער ממשיך געווען די זייט דורות אײנגעשטעלטע טראַדיציעס פון אַ חסידיש־יידישער היים. די יונגערע קינדער דאַקעגן, זענען שוין אַוועק אויף גאָר אַנדערע וועגן. זיי זענען געוואָרן וועלטלעך און געשטרעבט צו בילדונג. פון די אַכט קינדער ביי אונדז אין שטוב האָבן צוויי שוועסטערן און איך ראַדיקאַל איבערגעריסן מיט דער אַלטער טראַדיציע. דאָס איז נישט לייכט געווען אין אַ שטוב, וואָס האָט פון פאָטערס צד געצויגן דעם יחוס פון דורות רבנים ביזן ווילנער גאון. פונדעסטוועגן האָט מײן מוטער, אַליין אַ זייער פרומע און שטרענג־אָפּגעהיטענע פרוי, פאַרשטאַנען, אַז מען מוז גיין מיט דער צייט און אונדז דערמעגלעכט צו באַקומען וועלטלעכע בילדונג.

## פ. מינץ (אַלעקסאַנדער)

צו ניין יאָר האָב איך שוין אויפגעהערט צו גיין אין חדר און בין אַנגעקו־מען אין דער אַלגעמיינער רוסישער שולע אין לאָדזש. דאָס זעלביקע אויך מיינע ביידע שוועסטערן. די יונגסטע שוועסטער מיינע טאַליאַ, די דאָקטאָרין, איז אַפילו געגאַנגען שבת אין דער פּוילישער גימנאַזיע. מיר, דער יונגערער דור אין שטוב, זענען דעריבער געווען צווישן זיך שטאַרק פאַרבונדן און אויך מיט אונ־דזער מוטער, וואָס איז געווען זייער אַ קלוגע פרוי און טאַלערירט אונדזער נייעם לעבנס־שטייגער. זי פלעגט גוט אויפנעמען אונדזערע חברים און חברטעס, וואָס זענען געווען ביי אונדז אין שטוב אָפטע געסט און האָבן געשמאַט שוין פון גאָר אַנדערע היימען, יידישע און נישט־יידישע. מיר, די יונגסטע ביי אונדז אין שטוב, זענען געווען די ערשטע אין דער גאַנצער פאַרצווייגטער משפחה אונדזערער פון לאָדזשער חסידים און גבירים, וואָס האָבן עפנטלעך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט און איבערגעריסן מיטן „פינצטערן מיטלאַלטער".

איך בין געווען, ווי געזאָגט, זייער שטאַרק פאַרבונדן מיט מיינע ביידע שוועסטערן און נישט איינמאָל האָבן זיי מיר אַרויסגעהאָלפן, ריזיקירנדיק מיט זייער אייגענער פרייהייט. דאָס איז געווען נאָך אין יענע צייטן, ווען איך בין געווען אַן אַקטיווער קאָמוניסט אין פוילן.

און איצט האַלט איך אין דער האַנט דעם בריוו פון מיין יונגערער שוועס־טער, טאַליע און קוק אויף דער האַנטשריפט אירער, וואָס איז מיר אַזוי נאָענט און טייער.

און וועגן וואָס שרייבט זי מיר אין דעם בריוו, וואָס טראָגט אויף זיך די דאַטע פון חודש יולי 1940 און דעם שטעמפּל פון פוילן?

זי שרייבט מיר, אַז מיר האָבן שוין, לײדער, מער נישט קיין עלטערן. זי גיט מיר איבער, אַז מען האָט אונדזערע עלטערן אַריינגעטריבן אין לאָדזשער געטאָ און ביי די שרעקלעכע באַדינגונגען, וואָס הערשן דאָרט, האָבן זיי, מענטשן פון שוין אַריבער אַכציק, נישט געקענט לאַנג אויסהאַלטן. צומערשט איז דער פאָטער און אַכט טעג שפּעטער די מוטער אויסגעגאַנגען פון הונגער אין געטאָ.

מיין שוועסטער שרייבט מיר וועגן דעם, כדי איך זאָל וויסן די דאַטע פון זייער אומקום און כדי איך זאָל זיי שטעלן אַ מצבה, אויב איך וועל איבערלעבן די דאָזיקע שרעקלעכע צייט.

אָבער אויך וועגן זיך אַליין שרייבט מיין שוועסטער. איר מאַן געפינט זיך אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט אין אונגאַרן און זי איז זייער באַזאָרגט וועגן

זיין גורל. טאָ בעט זי מיך, אַז איך זאָל אים העלפן מיט וואָס איך קען נאָר, ווייל ער איז איר זייער טייער. זי בעט מיך אויפצובעמען די ווערטער אירע צו מיר ווי אַ צוואה, ווייל זי ווייסט נישט, ווי לאַנג זי וועט נאָך אויסהאַלטן.

דאָס פייער אין מיין פעלד־קיכל איז דערווייל אויסגעגאַנגען און איך זיץ און באַטראַכט נאָכאמאָל די האַנטשריפט פון מיין שוועסטער. אַזעלכע שרעקלעכע ידיעות פון אונטער איר האַנט. זי — דאָרט אין דעם פוילישן גהינום און איך — דאָ, אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל אין פראַנקרייך מיט מיין ציגיינער־לעבן אויף דער שויס פון דער נאַטור. אַ פיינער גורל. און איך דאַרף עס אָפּהיטן די צוואה פון מיין שוועסטער.

און אַזוי זיצנדיק ביים אויסגעלאָשענעם פייער, האָב איך זיך אין מיין דמיון איבערגעטראָגן אויפן לאָדזשער בית־עולם, צום קבר פון מיינע ליבע און טייערע עלטערן און זיי אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד. איך האָב זיך מיט זיי באַהאָפטן און אויפגעלעבט אין מיין זכרון פאַרשיידענע עפּיזאָדן פון אונדזער לעבן אינדערהיים. צי וועל איך נאָך אַמאָל האָבן די זכיה צו באַזוכן זייער קבר? — האָב איך זיך געפרעגט. צי איז בכלל געבליבן נאָך זיי אַ קבר? יעדן טאָג זענען דאָך אין געטאָ געפאַלן הונדערטער פון הונגער און קראַנקייטן.

און דער וויי־געשריי פון מיין שוועסטער, איר גרויסער אומרו וועגן איר מאַן, וואָס געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט! ווי טיף־מענטשלעך און ווי רירנד איז דאָס אין אַ מאָמענט פון טויט־געפאַר צו טראַכטן נאָר וועגן אַ צווייטן. נאָר ריינע און עכטע ליבע איז אויף דעם פעיק. די ליבע איז דאָך שטאַרקער פון טויט...

איך האָב שוין דעם טאָג רעזיגנירט פון מיין מיטיק־קאָכן. אַרבעט, פיזישע אַרבעט באַרויקט, נאָך מער באַרויקט אַרבעט אין פעלד, די רויקייט אַרום אונדז און די בלויקייט פון הימל איבער אונדז. אָן אַ הימל איבער אונדז, ווי וואָלט מען דעמאָלט בכלל געקענט אויסהאַלטן און איבערהאַלטן?

האָב איך שפּעטער ווייטער געריי ניקט די פלאַנצן און זיי אַרומגעגראָבן מיט ערד און אַזוי שריט ביי שריט באַפרייט איין פלאַנץ נאָך דער צווייטער פון ווילדגראָז און זיי דערמעגלעכט פרייער צו אָטעמען און צו געדייען.

די פלאַנץ קען זיך נישט אַליין העלפן, ווי דאָס איז מיט אַ מענטש אָדער חיה. די פלאַנץ איז צוגעבונדן צו איר אָרט און מיר זעען ווי זי שטייט אָפּט מאַכטלאָז קעגן די פאַרשיידענע אינזעקטן, וואָס לעכערן אירע בלעטער, אָדער

פיר־פיסיקע פעלד־חיות, וואָס אַטאַקירן זי אין סאַמע שורש. און ווי אַפּט איז די פלאַנץ פאַרחלשט פון דאָרשט און בעט אויף אַ טראָפּן רעגן!

רייניקן די פלאַנצן און זיי שיצן קעגן כלערליי שעדיקער, שיצן זיי קעגן טריקעניש, אָבער אויך קעגן פרעסט, — דאָס איז אַ וויכטיקע אויפגאַבע, אויב מען וויל האָבן אַ נוצן פון דער ערד און פון דער מי און פראַצע, וואָס מען האָט אין איר אַריינגעלייגט.

אָט אין דער אַרבעט האָב איך געפונען אַ געוויסע מאָמענטאַלע פאַרגעסונג וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, וואָס האָט געהערשט דעמאָלט אויף דער גרויסער וועלט און באַזונדער וועגן גיהנום, וואָס איז דעמאָלט געווען אין פוילן. און בעת איך פלעג אַזוי גראָבן די ערד, האָב איך זיך דערמאָנט אָן היינעס געדיכט: „די וועבער". גראָבן, גראָבן אַ קבר פאַר היטלער־דייטשלאַנד!...

ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן צו זעצן און די שאָטנס פון דיביימער האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די פוסטע פעלדער, דעמאָלט האָבן ווידער אָנגע־הויבן צו עגבערן אין מוח די דערינערונגען וועגן פוילן און דער אומרו וועגן דער צוקונפט פון אונדזער געפייניקט פאָלק האָט געגריזשעט דאָס האַרץ, אַזוי ווי די פעלד־מייז די וואָרצלען פון די פלאַנצן.

ווייזט זיך אַרויס, אַז פון זיך קען מען נישט אַנטלויפן, אַפילו ווען מען געפינט זיך שוין אויף עק וועלט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער באַקום איך ווידער אַ בריוו פון אויסלאַנד. דאָס מאָל פון איטאַליע, אָבער אין דער פוילישער שפּראַך. עס שרייבט צו מיר אַ פרוי מיט אַ טיפּישן איטאַליענישן נאָמען, וואָס געפינט זיך אין מילאַן. אַ פרוי פון אַן איטאַליענישן אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָר. וואָס שרייבט מיר די דאָזיקע אומבאַקאַנטע פרוי? זי איז אַ קוזינע פון מיין שוואָגער, וואָס געפינט זיך אין אונגאַרישן לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע. זי טיילט מיר מיט, אַז מיין שוואָגער האָט איר צוגעשיקט זיין צוואה מיט דער בקשה, אַז זי זאָל זי מיר איבערשיקן. און זי געפינט זיך בייגעלייגט צום בריוו. די צוואה איז געשריבן אויף זייער אַ פאָרמעלן אופן. זי איז אויך פאַרזען מיט די אונטער־שריפטן פון צוויי עדות, אויך קריגס־געפאַנגענע. איין עדות גיט זיך אָן אַלס אַפּטייקער און דער צווייטער אַלס קאַפּיטאַן פון דער פוילישער אַרמיי. בײדע באַשטעטיקן די ריכטיקייט פון דער צוואה און אַז דער מחבר אירער האָט זי געמאַכט מיטן פולן באַוווסטזיין.

וואָס זאָגט זיך אין דער דאָזיקער צוואה?

„פאַרויסזעענדיק די באַגרינדעטע מיט די מלחמה־באַדינגונגען מעגלעכקייטן,

אַז איך וועל זיך מער נישט אומקערן צו מיין פרוי, טאַליע מינץ, און נעמענדיק אין אַכט, אַז דער פאַקט וועגן מיין טויט אין דער פרעמד קאָן אַמאָל נישט אָפיציעל מיטגעטיילט ווערן מיין פרוי און דאָס קאָן איר אוממעגלעך מאַכן ווידער־איינצואָרדענען איר לעבן, לויט איר אייגענעם ווילן; און נישט ווילנדיק מיין געליבטער און געאַכטעטער פרוי זיין קיין שטער איינצואָרדענען איר לעבן נאָך מיין עווענטועלן טויט און האָבנדיק אין זינען נאָר און דערהויפּט דאָס גליק און דעם וווילשטאַנד פון מיין געליבטער פרוי, דערקלער איך, אַז איך זאָג זיך אָפּ אויף אייביק און נישט אָפּרופבאַר פון אַלע מיינע רעכט אַלס איר מאַן און אַנערקען זי גלייכצייטיק אַלס די איינציקע יורידיש־באַרעכטיקטע יורשטע פון מיין גאַנץ פאַרמעגן. דער דאָזיקער דאָקומענט גיט מיין פרוי דאָס רעכט פון אים צו געניסן מיטן מאָמענט, ווען זי באַקומט אים אין אירע הענט״.

און ווייטער זאָגט זיך אין דער צוואה:

„איך אַנערקען אויך, אַז מיין פרוי איז די בעסטע מוטער פאַר אונדזער קינד און קיינער האָט נישט קיין רעכט ביי איר אָפּצונעמען דאָס קינד, אָן איר הסכם״.

נאָך דעם טעקסט, גייט די דאַטע, דאָס אָרט און די חתימה פון מיין שוואָגער.

האָב איך שוין צוויי צוואות, וואָס איך דאַרף אָפּהיטן: איינע פון מיין שוועסטער, וועגן איר מאַן און די צווייטע, פון מיין שוואָגער, וועגן מיין שוועסטער.

איך דאַרף דאָס אָפּהיטן די דאָזיקע צוואות, געפינענדיק זיך אַליין אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך. און ווער וועט אָפּהיטן מיין אייגענע צוואה?

איך האָב די צוואות צוגעלייגט צו די אַנדערע כּתבֿים מיינע, וואָס זענען געלעגן באַהאַלטן אונטער אַ באַלקן אין שייער. איינמאָל זיי איבערגעלייענט, האָב איך זיך שוין מער נישט געקענט צורירן צו די דאָזיקע טראַגישע דאָקומענטן. דאָס האַרץ האָט וויי־געטון, לייענענדיק זיי.

מיין שוועסטער מיט איר מאַן האָט פאַרבונדן אַ גרויסע און שיינע ליבע, נאָך פון זייערע סטודענטישע יאָרן, ווען זיי האָבן צוזאַמען שטודירט מעדיצין. ער איז געווען ביי אונדז אין שטוב ווי אַן אייגן קינד. כאָטש ער האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער וואַרשעווער אַסימילירטער משפּחה, האָט ער זיך אָבער, מיין שוואָגער, מיט גרויס רעספּעקט באַצויגן צו דעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבן, וואָס עס האָט זיך געפירט אין אונדזער שטוב.

רעזיגנירן פון זיין פרוי מיטן פולן באַוווסטזיין, געבן איר פרייע הענט און שלום־מאַכן מיט דעם שרעקלעכן געדאַנק, אַז זי קען איינאָרדענען איר לעבן,

אַזוי ווי דאָס וועט איר געפעלן, איז פון זיין זייט געווען אַן אַקט פון גרויסער ליבע און טיפער אַכטונג צו מיין שוועסטער, אַ באַווייז פון טיפער זאָרג פאַר איר פערזענלעך גליק.

אין אַ בריוו צו מיר, האָט מיין שוואָגער געשילדערט דעם שרעקלעכן קאָש־מאַר פון זיין נשמה־צושטאַנד, דאָרט, אין דעם לאַגער אין אונגאַרן.

צום גליק איז מיין שוואָגער צוריקגעקומען פון לאַגער, אָבער זיין פרוי און קינד האָט ער שוין, ליידער, מער נישט אָפּגעפונען. מיין שוועסטער איז אומ־געקומען צוזאַמען מיט איר זונעלע אין די דייטשע גאַז־קאַמערן. זי, צוזאַמען מיט אַלע קינדערלעך און דעם גאַנצן פערסאָנאַל פון דער אַמאָל אַזוי־פּאָפּולערער און באַליבטער ביי דער יִידישער אָרעמקייט אין וואַרשע, „מעדעם־סאַנאַטאָריע״ אין מיעדזעשין.

ליגט ביי מיר אין שופלאָד די צוואה פון מיין שוואָגער, אַ מצבה אויף צוויי אַזוי אכזריות־פאַרשניטענע לעבנס; ליגט אין מיין שופלאָד דער בריוו פון מיין שוועסטער, אַ בלום, פון אַ גרויסער און שיינער ליבע, וואָס איז אַזוי ברוטאַל צעטראָטן געוואָרן פון דעם באַנאַגלטן נאַציסטישן שטיוול; פאַרגעלטע בלעטלעך פון אַ צוואה, פון אַ פרוי, וואָס האָט מיט איר געזונטן הומאָר און מיט איר לע־בנספרייד געקענט אָנשטעקן אַ גאַנצע וועלט; פון אַ צאַרטער ליבנדיקער פרוי און עכטער יִידישער מאַמע פאַר איר קינד און פאַר הונדערטער יִידישע קינדער פון דער וואַרשעווער אָרעמקייט, פאַר וועלכער זי האָט אַוועקגעגעבן אַלע אירע פעיִקייטן און דעם גאַנצן פלאַם פון איר אידל האַרץ.

פאַרגעלט געוואָרענע בלעטלעך פון אַ צוואה און אַ בילד אויף דער וואַנט פון מיין אַרבעט־צימער — דאָס איז אַלץ וואָס עס איז מיר געבליבן. עס איז נאָך אַ סך, ווייל נישט אַלע פון די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע האָבן זוכה געווען, אַז ס׳זאָל פון זיי אָט דאָס ווייניקע בלייבן...

אין לאַראָש, אין האַרבסט 1940, איז מיין האָפענונג זי צו זעען נישט געווען נאָך אַזוי געל און פאַרטריקנט, ווי דאָס זענען היינט די צוואה־בלעטער אין מיין שופלאָד.

קוק איך אויף מיין שוועסטערס בילד יעדן טאָג און זע איר גוטמוטיקן שמייכל. איך ווייס נישט גענוי ווען זי איז מיט איר קינד אומגעקומען, אָבער איך געדענק גענוי ווען זי איז געבוירן געוואָרן. ברענג איך איר איצט יעדעס יאָר בלומען צו איר געבוירן־טאָג. כריזאַנטעמעס האָט זי ליב געהאַט...

# לאַראַש ווערט אַ שטיקל ייִדישער ישוב

אין דעם דאָזיקן שפּעט־זומער 1940 איז לאַראַש געוואָרן אַ שטיקל ייִדישער ישוב, ריכטיקער, אַן אָנגעזעענע בונדישע קאָלאָניע.

בונדיסטן פון בעלגיע און פון פּאַריז זענען צוזאַמען מיטן גאַנצן מענטשן־שטראָם אַנטלאָפן פון די דייטשן. גאָר אַ סך פון זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין טולוז. דאָרט האָט שוין אַ לענגערע צייט געלעבט אַ גרופּע בונדיסטן און איך בין מיט זיי געשטאַנען אין פאַרבינדונג. פאַר אַרבעטס־מענטשן איז דער אויפהאַלט אין טולוז געווען שווער, סיי פון מאַטעריעלן שטאַנדפּונקט און סיי צוליב פּאָליצייִשע טעמים. די חברים אין טולוז האָבן שוין געוווסט, אַז אין לאַראַש, אויף דער פאָרם פון „אַרט“, קען מען געפינען אַ מקום־מקלט. אַנדערע חברים, אמת אין אַ קלענער צאָל, האָבן זיך אומגעקערט קיין פּאַריז. זיי האָבן דאָס געטון מיט דער פּערספּעקטיוו צו אַרבעטן און אַפילו צו האַנדלען מיט די דייטשן. אַזאַ שטימונג האָט דעמאָלט געהערשט ביי גאָר אַ סך ייִדן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט קיין פּאַריז. בפרט, אַז עס זענען פון פּאַריז אָנגעקומען ידיעות, אַז דערווייל איז רויק אין דער הויפּטשטאָט און מען קען פאַרדינען געלט. נישט לייכט איז געווען פאַר אַלטע, איינגעפונדעוועטע פּאַריזער ייִדן זיך אַרומצווואַלגערן אין דער פרעמד מיט פרויען און קינדער און דערצו נאָך לעבן פון גרייטן. האָט מען זיך אַליין אָנגעהויבן צו באַרויִקן און זיך איינצושמועסן, אַז די דייטשן וועלן זיך אַזוי אויפפירן אין פּאַריז, ווי אַמאָל, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין פוילן. עס וועלן זיין גרויסע באַגרענעצונגען און שוועריקייטן, אָבער מען וועט זיך יאַקאַש קענען אַן עצה־געבן. בפרט, אַז עס זענען אָנגעקומען ידיעות פון פּאַריז, אַז די דייטשן טשעפּען דערווייל נישט קיין ייִדן.

באַזונדערס שטאַרק האָט געצויגן קיין פּאַריז די אַלטע, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין טולוז נאָך אין די מיליטערישע מונדירן און געווען פאַרביטערט

און אַנטוישט צוליב דער פראַנצויזישער מיליטערישער מפּלה. עס זענען אויך צווישן זיי געווען פאַרוווּנדעטע פון פראָנט. עס האָבן נישט געהאָלפן קיין אַרגומענטן און אויפקלערונגען, אַז ייִדן דאַרפן זיין, וואָס ווייטער פון דער דורך די דייטשן אָקופּירטער זאָנע, אַז ס׳איז בעסער צו לעבן מיט אַ שטיקל ברויט און וואַסער, אַבי נישט אָנצוקוקן די דייטשן. מען איז געפאָרן קיין פּאַריז. די ייִדישע פּליטים פון בעלגיע האָבן נישט איבערגעלאָזט זייערע געשעפטן, וואַרשטאַטן און פּריוואַטע דירות אין פּאַריז, נאָר אין בריסל און אַנטווערפּן. דאָרט אַהין צוריקפאָרן איז שוין געווען אַ צו שווערע אויפגאַבע, באַזונדערס פאַר אַרבעטס־מענטשן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון בעלגיע מיט ווייניק געלט־מיטלען. דעריבער האָבן אונדזערע בעלגישע חברים, וואָס האָבן זיך געפונען אין טולוז, זייער שטאַרק געוואָלט קומען קיין לאַראָש. צוזאַמען זענען זיי געווען עטלעכע און צוואַנציק נפשות. די טולוזער חברים האָבן זיך וועגן דעם משתדל געווען אין דער „אָרט״־צענטראַלע און איך האָב געדאַרפט וועגן דעם שמועסן מיטן פאַרוואַלטער ד. קלעמענטינאָווסקי, אַז ער, פון זיין זייט, זאָל דערויף מסכים זיין.

אַ חוץ די בעלגישע חברים האָבן אויך חברים פון פּאַריז געהאַט בדעה צו קומען קיין לאַראָש.

אין אַ פרימאָרגן באַווייזט זיך די ערשטע שוואַלב פון טולוז, דער חבר אברהם גאַרדאַן, — אַ מעבל־אַרבעטער פון פּאַריז, איצט אַ דעמאָביליזירטער. זיין ציל איז דאָ צו פאַרבלייבן.

איך שמועס זיך אַדורך מיט קלעמענטינאָווסקין און ער איז מסכים אים צו געבן אַ באַשעפטיקונג אויף די זעלבע באַדינגונגען וואָס מיר.

אַ ביסל שפּעטער קומט אויך אַ פאַרפּאָלק, יונגע מענטשן, וואָס שטאַמען פון וואַרשע; געוועזענע קאָמוניסטן און איצט — אַנאַרכיסטיש געשטימט. אויך זיי באַקומען אַרבעט. אונדזער קרייז פאַרגרעסערט זיך און דער אָגראָנאָם מאַלקין האָט שוין פיר אַרבעטער אונטער זיין אויפזיכט.

עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע דייטשע ייִדן, פרייליידיקע מענטשן, וועמענס לאַגע איז געווען אַ שווערע. אויך זיי האָט קלעמענטינאָווסקי אויפגענומען. פּלאַץ אין שלאָס איז געווען גענוג. אויך מיינער אַ קוזין, נחום מאַקאָווער, אַ פּליט פון פּאַריז, האָט באַקומען אַרבעט אויף דער פאַרם.

איינמאָל ווער איך אויפגעוועקט אינדערפרי פון אַ ייִדיש לידל, וואָס דערטראָגט זיך צו מיין צימער פון איבער דער דינער וואַנט: „און די רעדער דרייען זיך, און די יאָרן גייען זיך און איך בין שוין מיד און אַלט...״.

ווי קומט דאָ אַהער אַ יידיש פאָלקס־לידז

ווייזט זיך אַרויס, אַז איך האָב צוגעקריגן אַ שכן. דאָס איז געווען דער הויפּט־אָגראָנאָם פון „אָרט״, סאַלאָמאָן דיק. אַן עלטערער, הויכער הער מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען און עלעגאַנט געקליידעט. ער האָט געשטאַמט פון גאַ־ליציע און נאָך פאַר דער מלחמה געלעבט אין פראַנקרייך. סאַלאָמאָן דיק איז גע־ווען אַ רייכער מאַן און איצט איז ער געקומען, צוזאַמען מיט זיין ברודער, פאַר־ברענגען אַ געוויסע צייט אין לאַראָש.

מיר האָבן זיך באַקענט און שפּעטער באַפריינדעט. איך האָב געקענט מזרח־גאַליציע פון מיין אַמאָליקער קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אַרבעט און מיר האָבן גע־האַט וועגן וואָס צו רעדן אויף אונדזערע לאַנגע שפּאַציר־גענג. ער איז געווען ציוניסטיש־געשטימט, מען קען אַפילו זאָגן — אַן איבערגעצייגטער ציוניסט, אָבער שטאַרק ליב געהאַט דאָס יידישע פאָלקסטימלעכע לעבן און באַזונדערס די יידישע שפּראַך און דאָס יידישע פאָלקס־ליד. אָבער איבער אַלץ האָט ער ליב געהאַט די לאַנדווירטשאַפט און געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט אין זיין פאַך. ער האָט געטראַכט זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל.

פרייטיק אינאָוונט פלעגן מיר זיך אַלע פאַרזאַמלען אין גרויסן זאַל פון שלאָס און זיך דערציילן זכרונות וועגן פּוילן און גאַליציע.

מיטן אָנקום פון דער טולוזער גרופּע בונדיסטן קיין לאַראָש, האָט זיך אונ־דזער פאָרם פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער יידישע קאָלאָניע.

קלעמענטינאָווסקי האָט אָרגאַניזירט פאַר אונדז אַ קאָלעקטיווע קיך און גע־מיינזאַמע שלאָף־צימערן פאַר די, וואָס זענען געווען אָן פאַמיליעס. עס האָט אויפגעהערט מיין ציגיינער־לעבן. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ סדר אין דער אַרבעט און עטלעכע מאָל אין דער וואָך האָבן מיר געהאַט לעקציעס וועגן אַגריקולטור, וואָס מאַלקין האָט אונדז געגעבן. מיר האָבן געאַרבעט און גלייכ־צייטיק באַקומען טעאָרעטישע ידיעות וועגן היגנער־צוכט, גערטנעריי, מילך־ווירטשאַפט אד״גל.

עס זענען אויך געווען אויף אונדזער פאָרם עטלעכע יידישע קאָמוניסטן, וואָס זענען פאַר דער מלחמה צוריקגעקומען פון ארץ־ישראל. צוזאַמען האָבן מיר שוין געבילדעט אַ צאָלרייכע יידישע קאָלאָניע.

יאָ, עס האָט זיך אויך געיאַוועט דער באַקאַנטער יידישער קינסטלער און טעאַטער־קריטיקער אין פראַנקרייך ב. באַרווין־פרענקל און אויך ער האָט באַ־קומען באַשעפטיקונג אין גאָרטן און ביי פעלד־אַרבעט. אויך עטלעכע פראַנ־

צוויזישע יאַהודים האָבן באַקומען אַ באַשעפטיקונג. לאַראַש איז געוואָרן ייִדיש וועלט־פֿאָלק אין מיניאַטור... עס האָבן זיך צווישן אונדזערע ניי־געבוירענע פֿויערים באַוויזן „שלאָגלערס״. גאַרדאַן איז געוואָרן אינסטרוקטאָר און מיין קו־זין נחום מאַקאָווער האָט געהאַט גאָלדענע הענט צו אַלע אַרבעטן אויף דער פֿאַרם.

די „אָרט״־צענטראַלע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אונדז צו באַשעפטיקן. עס זענען געקומען אונדז באַזוכן דער פּרעזידענט פֿון „אָרט״, בראַמסאָן, די דירעק־טאָרן, ר. גרינבערג און קאָוואַרסקי און אַ באַזונדערן אינטערעס צו אונדז האָט אַרויסגעוויזן ד״ר אהרן סינגאַלאָווסקי, דעמאָלט וויצע־פּרעזידענט פֿון וועלט־„אָרט״.

מיר האָבן זיך קאָנסטיטויִרט אַלס בונדישע גרופּע און אָפּגעהאַלטן אונ־דזערע רעגולערע פּאַרטיי־פֿאַרזאַמלונגען מיטן וויסן פֿון דער דירעקציע. אַ חוץ פֿראַגן פֿון אינערלעכן לעבן אויף דער קאָלאָניע האָבן מיר אַ סך צייט געווידמעט פּאָליטישע פּראָבלעמען און דיסקוטירט וועגן די פּערספּעקטיוון פֿון דער בונדי־שער טעטיקייט נאָך דער מלחמה. אַ חוץ דעם האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ קולטור־אַרבעט פֿאַר אַלע איינוווינער פֿון לאַראַש און עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ קולטור־קאָמיסיע, צו וועלכער עס האָט אויך געהערט קלעמענטינאָווסקי. מיר האָבן אָר־גאַניזירט פּרייטיק־צונויפֿקומען מיט רעפֿעראַטן און געזאַנג פֿון ייִדישע פֿאָלקס־לידער, ווייל צווישן די חברים און חברטעס פֿון בעלגיע האָבן זיך געפֿינען כאָ־ריסטן און כאָריסטקעס פֿון אונדזערע אַרבעטער־כאָרן.

יעדער האָט זיך באַמיט בייצוטראָגן צו דעם „קינסטלערישן טייל״ וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. מייַן פֿרוי, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען מיט מיר אין לאַראַש — מיט רעציטאַציעס פֿון דער ייִדישער און אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, און מיט רעפֿעראַטן אויף פּעדאַגאָגישע טעמעס; אַן אַנדערע „פֿויערטע״, פֿרוי אָסטראָוו, מיט געזאַנג פֿון רוסישע און פֿראַנצויזישע לידער; איר שוועסטער, די דאָקטאָרין פֿרוי כענצינער און איר מאַן ד״ר כענצינער — מיט לעקציעס וועגן סאָציאַלער היגיענע, אד״גל.

דער אַלטער פֿראַנצויזישער שלאָס, וואָס האָט יאָרנלאַנג געפּוסטעוועט, איז איצט ווי פֿון טויט לעבעדיק געוואָרן.

יעדן טאָג, אין די פֿרייע שעהן, פֿלעגט מען זיך פֿאַרזאַמלען אין גרויסן עס־זאַל און דאָרט פֿאַרברענגען, ווער ביי אַ פּאַרטיע שאַך און ווער ביי אַ פּאָליטישן שמועס. עס איז אויך געשאַפֿן געוואָרן אַ ביבליאָטעק אין דער ייִדישער, פֿראַנ־צויזישער און דייטשער שפּראַך, פֿון די ביכער, וואָס קלעמענטינאָווסקי האָט

אַרויסגעבאַרגט און וואָס די חברים פֿון בעלגיע האָבן מיט זיך מיטגעברענגט. פונקט אַזוי ווי אַמאָל האָט אַ פרומער ייִד זיך נישט געלאָזט אין וועג אַריין אָן טלית און תפילין, אַזוי האָט זיך אויך אַ בונדיסט נישט געלאָזט אין וועג אַריין אָן אַ ייִדיש בוך.

מיר האָבן געפראַוועט ייִדישע יום־טובים און עס איז אַנטשטאַנען אַן אמתער ייִדישער קולטור־צענטער אין אַן אָרט, וווּ מען האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט קיין ייִדיש וואָרט און אין אַ צייט, ווען דאָס ייִדישע וואָרט, צוזאַמען מיט זיינע שעפער און קאָנסומענטן זענען טאָג־טעגלעך מאַסנהאַפט פאַרניכטעט געוואָרן פון דער היטלעריסטישער חיה.

# טולוז און מײַן אומלעגאַלע אַרבעט

אַ גאַר גרויסער טייל פון די סאַמע אַנגעזעענסטע און אַקטיווע חברים פון דער פּאַריזער בונדישער אָרגאַניזאַציע זענען שוין צו יענער צייט געווען אין אַמעריקע און פּאַראײנצלטע זענען צעשאָטן געווען איבערן לאַנד. פּאַקטיש האָבן צו יענער צייט עקזיסטירט בונדישע צענטערן, כאָטש שטאַרק אָפּגעשוואַכטע, אין פּאַריז — רפאל און דינה ריבאַ, יחיאל ניימאַן, נאַטאַן און מרים שאַכנאָווסקי, ד״ר יוסף אגוז, חברטע העלע, פּאַליאַקאָוואַ, דער אַלטער חבר ווייצמאַן א״אַנד. און אין טולוז — די ח״ח נאַטאַן גרענקל און זיין פרוי חוה און זון דוד, אברהם אַראַנאָוויטש, פּ. שמאַיער, זשאָרזש פּדיד א״אַנד.

מיט די טולוזער חברים בין איך געשטאַנען אין אַ רעגולערער פאַרבינ־דונג און באַקומען באַריכטן וועגן דער טעטיקייט פון טולוזער צענטער. מיט פּאַריז, דאַקעגן, שוין אין אַ גאַר לויזער פאַרבינדונג, דורך פאַרשטעלטע בריוו פון מיין אַלטן חבר יחיאל ניימאַן, וואָס צוליב זיין שלעכטן געזונט־צושטאַנד איז ער אָפּט געלעגן אין שפּיטאָל.

אין דער שטאָט אַזשען, עטלעכע דרייסיק קילאָמעטער פון אונדזער פאַרם, האָט זיך באַזעצט מיט זיין פרוי פּ. שראַגער. זיין באַוויזן זיך אין אונדזערע מקומות איז געווען פאַר מיר אַ גרויסע איבעררראַשונג. איך האָב געוווּסט, אַז ער איז געוואָרן מאָביליזירט אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, אָבער וואָס עס איז מיט אים געוואָרן שפּעטער, האָב איך נישט געוווּסט. און איצט געפינט ער זיך בשכנות פון לאַראָש. באמת אַן אַנגענעמער סיורפּריז.

מיט שראַגערן צוזאַמען בין איך אַריינגעטראָטן אין פּאַריזער „בונד״ אין יאָר 1937. ער האָט באַלד פאַרנומען אין „בונד״ אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע, אַ דאַנק זיינע אָרגאַניזאַציאָנעלע פעיקייטן, אָראַטאָרישע באַגאַבונגען און דינאַמישן כאַ־

ראַקטער. ער האָט אָפּט באַזוכט אונדזער גרופּע אין לאַראַש און מיר פלעגן ביי אים זיין אין אַזשען. ער האָט דאָרט געאַרבעט אויף אַ פּאָסטן אין אַן אַנשטאַלט פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג.

ווי אַזוי ער איז צוריקגעקומען קיין פראַנקרייך, איז אַ מעשה נורא. שראַגער איז אַריינגעפאַלן אין דער דייטשער געפאַנגענשאַפט און נאָך אַ געוויסער צייט האָט ער זיך אַרויסגעקריגן פון דאָרט און מיט אַ גרויסער ריזיקע אין משך פון אַ לענגערער צייט געוואַנדערט פון דייטשלאַנד קיין פראַנקרייך.

זיין מאַטעריעלע לאַגע איז דעמאָלט נישט געווען קיין לייכטע און קומענדיק צו אונדז אויף באַזוך, פלעגן מיר אים באַזאָרגן מיט אַ ביסל פּוטער אויף אַ ביליקן פּרייז, אָדער מיטגעבן אַ זעקל האָלץ און באַגלייטנדיק אים מיטן זאַק האָלץ אויף דער פּלייצע, האָבן מיר זיך אַדורכגעשמועסט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און וועגן די פּערספּעקטיוון פון אונדזער באַוועגונג.

שראַגער און איך פלעגן פאָרן קיין טולוז און צוהעלפן דאָרט אַרויסגעבן די נישט-לעגאַלע ליטעראַטור פון „בונד". איין חודש — ער און אַ צווייטן — איך. נאַטאַן פרענקל און א. אַראַנאָוויטש האָבן רעדאַקטירט דעם דאָזיקן פּראָפּאַגאַנדע-מאַטעריאַל און מיר פלעגן אים טעכניש אויספאַרטיקן.

דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע-מאַטעריאַל פלעגט דערשיינען אין אַ באַגרענעצטער צאָל עקזעמפּלאַרן, הויפּטזעכלעך זענען דאָס געווען אויפרופן, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די יידישע פּליטים אין דער פּראָווינץ און אַ ביסל איז אויך געגאַנגען קיין פּאַריז. אין פּאַריז האָט זיך אויך געפונען אַ פּראָפּאַגאַנדע-צענטער פון „בונד", מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט די חברים ראַפאַל און דינה ריבאַ. שפּעטער, ווען זיי האָבן געמוזט אַוועק אין דער שווייץ, איז שוין מער נישט דערשינען אין פּאַריז קיין אומלעגאַלע פּראָפּאַגאַנדע-ליטעראַטור.

דער צענטער אין טולוז איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט די פּאַריזער חברים און געשיקט דאָרט מאַטעריעלע הילף, פון די פאָנדן, וואָס ער האָט באַקומען, סיי פון אויסלאַנד און סיי פון די אַלגעמיינע יידישע קערפּערשאַפטן אין פראַנקרייך גופא. דאָס האָט דערמעגלעכט די פּאַריזער חברים אין אַ געוויסער מאָס ווייטער אויסצוהאַלטן די פאָלקס-קיך ביים אַרבעטער-רינג און צו העלפן די חברים, וואָס האָבן נישט געקענט קומען אין לאָקאַל פון אַרבעטער-רינג. אַ חוץ דעם האָט מען געמוזט שיקן פּעקלעך אין די לאַגערן פאַר אונדזערע חברים און געבן שטיצע די אַלע, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פאַרשיידנסטע

עקן פון לאַנד אָן שום עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. די פּאָליטישע טעטיקייט פון טולוזער צענטער איז געווען א זייער וויכטיקע. אַ חוץ פּראָפּאַגאַנדע און אויפ־קלערונגס־אַרבעט, איז אויך איינגעהאַלטן געוואָרן דער קאָנטאַקט מיט דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און לויט די מעגלעכקייטן, איז מען איר געווען בייהילפיק אין איר אונטערערדישן קאַמף קעגן דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט און אירע מיטהעלפער פון ווישי.

אין טולוז איז אויך דעמאָלט פאַרגעקומען אַ בונדישע קאָנפערענץ, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע און צוואַנציק חברים פון פאַרשיידענע פּונקטן פון לאַנד, ווו זיי זענען געווען טעטיק אין די פאַרשיידענע יידישע אַלגעמיינע קאָמיטעטן. פון פּאַריז זענען געקומען צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ ראַפאַל און דינה און אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער אומלעגאַלער טעטיקייט אין פּאַריז, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט.

דעם הויפּט־פּלאַץ אויף דער קאָנפערענץ האָבן פאַרנומען די באַריכטן פון די חברים, וואָס זענען געווען טעטיק אין די אַלגעמיינע יידישע קאָמיטעטן, וואָס האָבן עקזיסטירט ביי דער „פעדעראַציע פון די יידישע געזעלשאַפטן״.

מען האָט אויך גערעדט וועגן דער אינטערנאַציאָנאַלער לאַגע און וועגן די באַציִונגען מיט דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אין אַלגעמיין איז דאָס געווען אַ צוזאַמענטרעף פון חברים אין דער פינצטערער צייט, ווען קיינער האָט נאָך נישט געקענט פאָרויסזען דאָס שרעקלעכע, וואָס עס דערוואַרט אונדז. שוין דאָס פאַרברענגען צוזאַמען עטלעכע טעג איז געווען פון מאָראַלישן און אָרגאַניזאַציאָנעלן שטאַנדפּונקט אַ גרויסער אויפטו, כאָטש איך פּערזענלעך האָב ווייט נישט מסכים געווען מיט די מעטאָדן פון אַרבעט, וואָס עס האָבן זיך דע־מאָלט איינגעשטעלט אין אונדזער אָרגאַניזאַציע. איך האָב אין זינען דעם אי־בערגעטריבענעם פּראָטעקציאָניזם, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט. אין יעדער אומלעגאַלער אָרגאַניזאַציע מוז עקזיסטירן אַ געוויסער פּראָטעקציאָניזם, פאַר־שטייט זיך אין בעסערן זין פון וואָרט, אויב נישט מיינט דאָס קאָרופּציע. דערי־בער דאַרף איינגעהאַלטן ווערן די מאָס. אַ סך פון צווישן אונדז האָבן דאָס פאַר־שטאַנען און דערפאַר אין דעם ווייטערדיקן פּעריאָד פון אונדזער אומלעגאַלער טעטיקייט האָבן מיר זיך באַמיט דאָס אויסצומיידן.

די קאָנפערענץ האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ טראַדיציאָנעלער בונדישער ליאָמע און מיר זענען זיך פונאַנדערגעפאָרן מיט דעם גלויבן און האָפענונג, אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין דעם באַפרייטן פּאַריז.

# אברהם באַרטשינסקי

נאָך דער קאָנפערענץ אין טולוז האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין אַלטן באַקאַנטן אברהם באַרטשינסקי. ער איז געווען אַ נאָענטער פריינט פון אַראַנאָ־וויטשן און פון אים, זעט אויס, האָט ער זיך דערוווּסט, אַז איך געפין זיך אין טולוז.

באַרטשינסקי איז געווען מיינער אַ בן־עיר, אויך אַ לאָדזשער, און גע־שטאַמט פון אַ חסידיש־גבירישער משפחה. שוין אַלס יינגל האָט ער געשמט צווישן די אַלעקסאַנדערער חסידים אַלס עילוי און געלערנט ביי די בעסטע לאָ־דזשער מלמדים. זיין פאָטער איז געווען פון די טיש־זיצערס ביים אַלעקסאַנדע־רער רבין. מיינע פעטערס אין לאָדזש, רייכע פאַבריקאַנטן און גרויסע חסידים, די מאַקאָווערס, האָבן אויך געהערט צו די אָנגעזעענסטע אַלעקסאַנדערער חסידים און אברהם בארטשינסקי האָט זיך געחברט מיט מיינע קוזינען, אויך לערנערס. פון דאנען האָב איך אים געקענט.

אין לאָדזש, פונקט ווי אין אַנדערע שטעט אין פוילן, איז אַ טייל פון דער חסידישער יוגנט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די מאָדערנע אידעען און באַהערשט גע־וואָרן פון דער שטרעבונג צו בילדונג. די דאָזיקע שטרעבונג איז אויך געווען אין אַ געוויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון דער פאַרערגערטער עקאָנאָמישער לאַגע אין וועלכער דער גרעסטער פוילישער טעקסטיל־צענטער האָט זיך געפונען באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

עטלעכע פון מיין פעטערס קינדער האָבן פאַרלאָזט די אַלטע — חסידישע און צום טייל שוין מאַטעריעל־אָפּגעקומענע גבירישע הײמען און אַוועק קיין פּאַריז שטודירן. איינער פון זיי איז טאַקע געווען נחום מאַקאָווער, וועגן וועלכן איך האָב שוין פריער דערמאָנט. אויך באַרטשינסקי האָט אויסגעטון די לאַנגע

קאַפּאָטע און אָפּגעשניטן די פּיאות און אַוועק קיין פּאַריז. דאָס איז געווען נאָך אַ שטיק פאַר דער לעצטער מלחמה. אַ גרויסן חלק אין דעם האָט אויך געהאַט מיין פרוי. זי האָט אין לאָדזש אָנגעפירט מיט אַ קרייז וואָס איז באַשטאַנען פון חסידישע בחורים און מיידלעך, זיי באַקענט מיט דער אייראָפּעישער ליטעראַטור און אַריינגעפירט אין דער היינטצייטיקער אידעען־וועלט. עס האָט אַפילו פּאַסירט, אַז אַזאַ קרייז איז אַרעסטירט געוואָרן פון דער לאָדזשער פּאָליציי, אונטערן חשד פון קאָמוניזם און די חברה איז געזעסן אין לאָדזשער תּפיסה. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל אין דער שטאָט. צו אַזאַ קרייז האָט אויך געהערט באַרטשינסקי.

אַ באַזונדערס שטאַרקן איינפלוס האָט אויף אים געהאַט מיין פרוי און אים אָנגערעגט צו וועלטלעכער בילדונג. באַרטשינסקי האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ און אַ שטאַרקן זכרון דערצו. ער איז אָבער פון דער נאַטור געווען אַן אָפּגעלאָזענער מענטש. עס האָט אין אים געשטעקט אַ שטיק בראָדיאַגע און ער האָט נישט אויסגענוצט אויף אַ פּראָדוקטיוון אופן זיינע נישט־דורכשניטלעכע גייסטיקע פעיִקייטן.

פון אָנהייב האָט ער געלעבט אין פּאַריז ביי שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען, אָבער שפּעטער האָט ער באַקומען אַ פּאָסטן אין פּאַריזער ראַבינער־סעמינאַר און איניקע תּלמידים זיינע, אַלס יונגע „ראַבענס״, האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל בעת די היטלעריסטישע אָקופּאַציע־יאָרן מיט זייער מסירת־נפשדיקער הילף־טעטיקייט פאַר דער גערודפטער יידישער באַפעלקערונג און דעם באַדראָטן יידישן קינד.

אין פּאַריז, פאַר דער מלחמה פלעג איך אים זעלטענער טרעפן. איצט האָט ער מיך געוואָלט זעען, קען זיין מער צוליב מיין פרוי, ווי צוליב מיר, מחמת ער איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון זיין געוועזענער לערערין און זי דערמאָנט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט.

איך האָב באַקומען זיין אַדרעס פון האָטעל און בין דאָרט אַוועק אין אָוונט.

דאָס איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער האָטעל און באַרטשינסקי האָט פאַרנומען אַ לוקסוס־צימער מיט צוויי בעטן. דאָס האָט מיך אין דעם ערשטן מאָמענט אַ ביסל פריטשמעליעט און איך האָב געמיינט, אַז איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אין אַ פרעמדן צימער, ווי דאָס טרעפט אָפט, ווען מען גייט עמעצן באַזוכן אין אַ גרויסן האָטעל דאָס ערשטע מאָל. אָבער באַרטשינסקי איז געלעגן אויף אַ פּרעכטיקער קאָשעטקע אין אַ זיידענער פּיזשאַמע און גערויכערט אַ ציגאַרעט.

איך האָב נישט געהאַט קיין טעות. דער טיש איז געווען אָנגעשטעלט מיט פּאַר־שיידענע משקאות און גוטע צובייסנס און אויף אַ דערנעבנדיקן טישל האָב איך באַמערקט עטלעכע אַלטע אויסגאַבעס פון נייעם טעסטאַמענט.

— וואָס איז דאָס? פרעג איך אים, איר האַלט שוין ביים אותו האיש?...

באַרטשינסקי האָט ליב געהאַט צו שיטן מיט וויצן און חסידישע גלייכווערט־לעך, האָט ער מיר דערויף דערציילט פאָלגנדיקע מעשה:

—אַן אפּיקורס האָט אַמאָל איינגעלאַדן צו זיך צו דער פורימדיקער סעודה די באַלעבאַטים פון שטעטל און פאַר זיי צוגעגרייט די אמתדיקע קרעפּלעך מיט דער גילדערנער יויך. בעת די געסט בייסן אַריין אין די קרעפּלעך, ווערן זיי מבולבל: קען אַנשטאָט פלייש; ווערט דאָך אַ גרויסער טומל: אַזאַ שפּיצל מצד דעם אפּיקורס! באַרויִקט ער זיי: בייסט ווייטער, ס'איז דאָ פלייש אויך אין די קרעפּלעך...

— איך וועל איך באַלד ווייזן אויך זעלטענע יידישע ספרים, יקר המציאותן, וואָס איך האָב געפינען אין טולוז, — האָט ער מיך באַרויִקט.

— אָבער פון וואַנען, באַרטשינסקי, קומט צו אייך אַזאַ גבירהשאַפט? — האָב איך געפרעגט. האָט ער זיך פאַר מיר פאַרטרויט, אַז ער האָט אַ פראַנצויזישן גלח, מיט וועלכן ער איז זייער באַפריינדעט. דער גלח איז געווען זיינער אַ תלמיד. ער האָט ביי אים געלערנט העברעיִש אָדער תלמוד, דאָס דערמאָן איך זיך שוין נישט. האָט באַרטשינסקי אַזויפיל מיט אים געלערנט, אַז פון דעם רבי׳, דער לאָדזשער חסידישן בחור, און פון דעם קאַטוילישן גלח זענען געוואָרן גוטע סוחרים־ספּעקולאַנטן. מיט דעם דאָזיקן גלח האָט ער געמאַכט גרויסע געשעפטן. עס איז געגאַנגען אַ שמוגל פון גאָלד און אַנדערע וואַלוטן קיין שפּאַניע. גע־נויער, אין וואָס עס זענען באַשטאַנען די טראַנזאַקציעס, האָב איך שוין נישט געקענט תופס־זיין. איך האָב מיך שפּעטער משער געווען, אַז דער גלח האָט אַרויסגעפירט סחורה קיין שפּאַניע און באַרטשינסקי איז געווען זיין צושטעלער. ווי ער אַליין האָט מיר איבערגעגעבן, פאַרמאָגט ער שוין אַ סך געלט.

מיר האָבן פאַרברענגט ביז גאָר שפּעט אין דער נאַכט אַריין און איך בין שוין געבליבן ביי אים נעכטיקן. וועגן וואָס אַלץ האָבן מיר נישט געשמועסט?!

קודם־כל האָט ער זייער גוט געקענט מיין פאַמיליע און עס איז מיר זייער ליב געווען צו הערן די דעריבערונגען זיינע וועגן אַמאָליקן לאָדזש, דערהויפּט פון די צייטן, ווען איך האָב מער דאָרט נישט געלעבט. און ער האָט געהאַט אַ זייער גוטן זכרון און דערצו געקאָנט דערציילן. מיר האָבן אויך לאַנג גערעדט

וועגן ייִדן און ייִדישקייט. ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט ייִדן און ייִדיש לעבן און אַפילו שוין אַריינגעפאַלן אין נאַציאָנאַליסטישע איבערטרייבונגען.

איך האָב אים זייער שטאַרק צוגערעדט, אַז איצט, ווען ער האָט שוין גע־מאַכט אַ פאַרמעגן זאָל ער אָפּהאַקן מיטן גלח און זיך נעמען צו אַנדערע עסקים. אַמאָל אין פּאַריז — פלעגט ער טענהן — אַז עול פּרנסה איז קשה כקריעת ים־סוף און איצט, ווען ער איז געוואָרן אַן עושר, דאַרף ער שוין טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן. אַ שאָד זיינע פעיִקייטן און זיין אָנגעזאַמלט וויסן, האָב איך אים גע־מוסרט. איך האָב אים אויך, אגב, געוואָרנט, אַז ער דאַרף גערעכנקען, אין וואָסער געפערלעכער צייט מיר לעבן און טראַכטן וועגן אַ זיכערן אָרט פאַר זיך. איך האָב אים שטאַרק צוגערעדט, אַז ער זאָל פאָרן קיין שפּאַניע און דאָרט איבער־וואַרטן די מלחמה. ער האָט מיר דערויף געענטפערט, אַז ער וויל ניִשט ברעכן דעם חרם אויף שפּאַניע און זיך דאָרט באַזעצן... און זיינע גרויע אויגן האָבן געשמייכלט פון מיינע גוטע עצות. ער האָט זיך געפילט זיכער, אַז אים וועט גאָרנישט פּאַסירן.

מיר האָבן זיך אינדערפרי געזעגנט און ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קומען אויף אַ באַזוך אין לאַראָש, ווייל ער וויל זיך זעען מיט מיין פרוי און מיט זיין חבר נחום מאַקאָווער. ער איז טאַקע געקומען קיין לאַראָש און דאָס איז שוין געווען דאָס לעצטן מאָל, ווי איך האָב אים געזען .

נאָך דער באַפרייונג, האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז ווען די דייטשן זע־נען אַרויס פון טולוז און די שטאָט איז געוואָרן פריי, האָבן די קאָמוניסטן צווישן אַלע אַנדערע קאָלאַבאָראַציאָניסטן אויך באַרטשינסקין אַרעסטירט. זיי האָבן אים באַשולדיקט אַז ער איז געווען אַ געשטאַפּאָ־אַגענט און אים מוראדיק געפּייניקט און דערנאָך אומגעברענגט.

מען האָט אויך אויף אים גערעדט, אַז נישט בלויז, וואָס ער האָט אַרויס־בעגעבן ייִדן, נאָר אַפילו זיין אייגענע פרוי זאָל ער האָבן איבערגעגעבן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ. דעם גאַנצן אמת וועגן באַרטשינסקיס ראָל וועלן מיר שוין אפשר קיינמאָל נישט דערגיין.

אַזוי האָט טראַגיש פאַרענדיקט זיין יונג לעבן ערגעץ־ווו אין די טונקעלע קעלערן פון אַ פּאָליציייִשן בנין אין טולוז אַ לאָדזשער חסידישער בחור מיט אַן עילוישן קאָפּ.

# היטלערס איבערפאַל אויף סאָוועט־רוסלאַנד

די ידיעה, אַז היטלערס האָרדעס זענען באַפאַלן סאָוועט־רוסלאַנד, האָבן מיר באַקומען אין לאַראַש גראַד אין אַ מאָמענט, ווען אייניקע פון אונדז האָבן זיך געפונען אויפן וועג צו דעם שכנותדיקן שטעטל ווילנעוו. דער טאָג איז געווען אַ הייסער און מיר האָבן געדאַרפט מאַכן אַ וועג צו־פוס אַ וועלכע 12 קילאָמעטער. דער אַספאַלט אויפן וועג איז ווייך געוואָרן פון דער זון און אַרום אונדז האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. די ביימער, פאַרשטויבטע און מידע פון דער מאַטערנדיקער היץ, האָבן מיט זייערע דורשטיקע העל־גרעלע בלעטער געלעכצט נאָך אַ קילן טראָפּן וואַסער. בעת מיר האָבן זיך אויף אַ וויילע אָפּגעזעצט אונטער אַ שאָטנדיקן בוים אַ ביסל אָפּרוען, איז אָנגעפאָרן אויף זיין פויעריש וועגעלע אונדזערס אַ שכן און אונדז דערציילט, אַז ער האָט געהערט דורך ראַדיאָ, אַז היטלער איז באַפאַלן סאָוועט־רוסלאַנד. מיר האָבן גוט געקענט דעם פראַנצויזישן פויער און געוווסט, אַז ער וועט זיך נישט אויסטראַכטן אַזאַ זאַך. די ידיעה האָט אויף אונדז געמאַכט אַ זייער שטאַרקן איינדרוק. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו פרעגן, וואָס וועט איצט ווייטער זיין? אין ערשטן מאָמענט האָט די דאָזיקע ידיעה ביי מיר אַרויסגערופן אַ געפיל פון צופרידנקייט און אַ שטראַל פון האָפענונג, אַז איצט וועט זיך אפשר עפּעס ענדערן אין דעם גרויסן, ווייטן און אומגליקלעכן רוסלאַנד. די רוסישע מאַסן וועלן איצט דערשפּירן, צו וואָסער קאַטאַסטראָפע דער „אומפעלבאַרער“, בלוטיקער טיראַן און הערשער האָט זיי דערפירט. אָנדערטהאַלבן יאָר געשפּייזט די היטלעריסטישע מאָרדמאַשין מיט דעם בויטוועגדיקסטן; אָנדערטהאַלבן יאָר דעמאָראַליזירט און פאַראַליזירט די ווידערשטאַנד־קראַפט פון די פרייע פעלקער אין איראָפּע מיט דער הילף פון די קאָמוניסטישע פינפטע קאָלאָנעס און זייערע מיטלויפערס און איצט אַליין געפאַלן אַ קרבן פון דעם נאַציסטישן שותף זיינעם.

אין דער ערשטער מינוט האָט מיך באַהערשט אַ געפיל פון נקמה פאַר דעם שרעקלעכן פאַראַט, וואָס סטאַלין און מאָלאָטאָוו זענען באַגאַנגען לגבי דער פרייער וועלט, אין אויגוסט 1939. די קאָמוניסטן האָבן די גאַנצע צייט געטענהט, אַז סאָוועט־רוסלאַנד האָט געשלאָסן דעם פריינטשאַפט־פאַקט מיט היטלערן נאָר דערפאַר, ווייל רוסלאַנד איז געווען דעמאָלט מיליטעריש שוואַך און געוואָלט געווינען צייט, כדי זיך בעסער צוצוגרייטן. וועלן מיר איצט זען, ווי אַזוי עס וועט אויסזען די פאַרטיידיקונג, צו וועלכער סטאַלין האָט זיך געגרייט אַנדערט־האַלבן יאָר.

און מיר, אַ גרופע פון פוילן, פאַרוואָגלטע אין אַ פאַרוואָרפענעם ווינקל פון פראַנקרייך, זענען געזעסן אונטערן בוים יעדער אַריינגעטון אין זיינע מחשבות נאָך דער דאָזיקער סענסאַציאָנעלער ידיעה.

איך האָב זיך אָבער באַלד געפרעגט: וואָס וועט זיין, אַז היטלער וועט באַ־זיגן סטאַלינען? צי וועט דאָס זיין אַ ישועה פאַר דער פרייער וועלט, וואָס ראַנגלט זיך איצט אויף לעבן און טויט? אַ זיג פון היטלער־דייטשלאַנד איבער סאָוועט־רוסלאַנד וועט דאָך באַדייטן אַ גרויס אומגליק פאַר דער פרייער מענטשהייט און קודם־כל פאַר אונדזער פאָלק. טאָר דעריבער נישט דער האַס צו דעם סטאַ־לין־רעזשים פאַר זיינע פאַרברעכנס אונדז מאַכן בלינד, ער טאָר נישט דערפירן צו אַזאַ געפערלעכן געדאַנק: „זאָל סטאַלין איצט באַקומען קלעפּ פאַר זיינע פאַרברעכנס...״

ריכטיק וועט זיין, אַז מיר וועלן זיך אין דעם פאַל האַלטן ביי דער אַלטער טאַקטיק פון פערדינאַנד לאַסאַל: „באַזונדער מאַרשירן און צוזאַמען שלאָגן״. אָבער מיט איין וויכטיקן צוגאָב: מיר דאַרפן זיך אַזוי באַציִען צו אונדזער נייעם שותף אין אונדזער אַנטיפאַשיסטישן קאַמף, אַז דער געמיינזאַמער זיג איבערן פאַשיזם, זאָל ווערן די התחלה פון סטאַלינס מפּלה און נישט אַ מיטל, וואָס זאָל דינען דעם קרעמלער הערשער נאָך מער אויסצושפרייטן און צו פאַרפעסטיקן זיין ביז־איצטיקע ממשלה. דאָס דאַרף זיין, אין עטלעכע ווערטער, אונדזער שטעלונג צו דער נייער סיטואַציע. מיר וועלן איצט גיין צוזאַמען מיט סטאַלינען, אָבער מיר טאָרן נישט אויף קיין איין מינוט פאַרגעסן, ווער ער איז און צו וואָס ער שטרעבט. היינט איז ער פאַר אונדז דער שונא נומער צוויי. סטאַלין איז אָבער געבליבן דער זעלביקער און מאָרגן קען ער ווידער פאַראַטן די היינטיקע דעמאָקראַטישע שותפים זיינע.

עס זענען געווען צווישן אונדז אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אַרויסגעזאָגט די

השערה, אַז אפשר איצט, ווען סטאַלין וועט זיך איבערצייגן, אַז די דעמאָקראַ־טישע מלוכות זענען גרייט צו פאַרטיידיקן סאָוועט־רוסלאַנד קעגן דעם נאַציס־טישן אָנגרייפער, וועט ער אַליין אָנהייבן צו דעמאָקראַטיזירן זיין טאָטאַליטאַרן רעזשים.

די אַלגעמיינע שטימונג ביי אונדז איז געווען אַן אָפּטימיסטישע. איצט איז היטלערס מפּלה אַ געזיכערטע. און עס האָט פאַר אונדז אַלעמען אויפגעשיינט די וויזיע פון אַ נייער וועלט, אַ באַפרייטע פון פאַשיזם און מלחמות.

נאָך דער דאָזיקער ידיעה האָבן מיר שוין מער נישט געהאַט קיין חשק צו גיין קיין ווילנעוו און מיר האָבן זיך אומגעקערט צו דער אַרבעט אויף דער פאַרם, געשטאַרקט און געמוטיקט פון גלויבן אין דער צוקונפט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר שוין געהאַט מער איינצלהייטן וועגן היטלעריסטישן איבערפאַל, סיי דורכן ראַדיאָ פון לאָנדאָן און סיי דורך דער פּרעסע. עס איז שוין געווען נאָך דער גרויסער, ממש היסטאָרישער, רעדע פון טשערטשילן אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, אין וועלכער ער האָט צוגעזאָגט די פולע אונטערשטיצונג דער מאָסקווער רעגירונג אין קאַמף קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. און עס האָט זיך ווידער אַרויסגעשטעלט, ווי פאַלש עס איז געווען די באַהויפּטונג פון די קאָמוניסטן, אַז די מערב־מלוכות האָבן געוואָלט שטויסן היטלערן צו אַ מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד און אַז סטאַלין האָט זיי איבערגעכיטרעוועט און היטלערן געוואָרפן קעגן זיי, צוזאָגנדיק אים פולע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אונטערשטיצונג אין דעם דאָזיקן קאַמף קעגן דעם „פאַרפוילטן דעמאָקראַטישן סדר" פון די מערב־לענדער און קעגן דער הערשאַפט פון „ייִדישן קאַפּיטאַל"...

די היטלעריסטישע אַרמיי האָט אַדורכגעפירט אַ בליץ־אַרטיקן אָנפאַל אויף דער רויטער אַרמיי און ברעכנדיק איר ערשטן ווידערשטאַנד, געעפנט פאַר זיך אַ פרייען וועג. די דייטשע פּאַנצער־דיוויזיעס לויפן פאָרויס אין אַ משוגענעם טעמפּ. אויך דעם סאָוועטישן הימל האָבן באַהערשט די נאַציסטישע לופט־מחבלים. מיליאָנען סאָוועטישע זעלנער פאַלן אַריין אין געפאַנגענשאַפט און הונ־דערטער טויזנטער פון זיי, צוזאַמען מיט דער מיליטערישער אָנפירונג, גייען איבער־בער אויף דער זייט פון די נאַציסטישע חיילות. און די דייטשע האָרדעס לויפן וויי־טער פאָרויס. יעדן טאָג ברענגט די אָפיציעלע ווישי־ראַדיאָ ידיעות וועגן נייע סאָוועטישע שטעט, וואָס פאַלן אַריין אין דייטשע הענט. מען איז דערשטוינט פון די נאַציסטישע דערפאָלגן.

די לאַגע אויפן מזרח־פראָנט ווערט אַ טראַגישע. מען זעט נישט, ווו וועט

די רויטע אַרמיי שטעלן אַ דאַמבע דעם דייטשן אַריינדרינגלער. סטאַלין מאָנט איצט הילף ביי די ביז גאָר נישט לאַנג צוריק דורך אים געהאַסטע אַמעריקאַנער און ענגלישע אימפּעריאַליסטן, ביי די וועגן וועלכע ער האָט זיך אַמאָל אויסגע־דריקט, אַז זיי ווילן, אַז ער, סטאַלין, זאָל פאַר זיי „אַרויסציִען די קאַשטאַנעס פון פייער". נישט געקוקט אויף דער ביז־איצטיקער שותפות מיט היטלערן, באַ־קומט מאָסקווע אַ זייער וואַרעמען אָפּרוף אין די מערב־לענדער, מיט אַמעריקע אין דער שפּיץ און פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַלס ענטפער דערויף „ליקווידירט" סטאַלין דעם קאָמוניסטישן אינ־טערנאַציאָנאַל. די קאָמפּאַרטייען פון אַלע לענדער באַקומען איצט די אָנווייזונג ראַדיקאַל צו ענדערן זייער ביז־איצטיקע טאַקטיק. פון דעפעטיסטן און קאָנסעק־ווענטע קעמפער פאַר אַ שלום מיט היטלער־דייטשלאַנד, ווערן זיי איצט אין די מערב־לענדער היפּער־פּאַטריאָטן און רייסן זיך צו פאַרנעמען די פּאָזיציע פון אַוואַנגאַרד אין קאַמף קעגן פאַשיזם. די „סאָציאַל־פאַשיסטן" פון נעכטן — די סאָציאַל־דעמאָקראַטן — ווערן פאַר זיי שוין היינט „ברידער־סאָציאַליסטן" און אויף אַלע טענער חזרן זיי איבער די לאָזונג וועגן „איינהייט" און נאַציאָנאַלער אחדות מיט אַלע שיכטן און קלאַסן אין קאַמף קעגן דעם נאַציסטישן שונא פון פראַנקרייך.

עס וועט נישט לאַנג דויערן און די סטאַליניסטן פון אַלע דעמאָקראַטישע לענדער וועלן שטרעבן צו נעמען אין אָרענדע דעם קאַמף קעגן פאַשיזם און די אַלע, וואָס וועלן נישט גיין אין זייער שפּאַן, וועלן זיי באַטראַכטן פאַר קאַ־פּיטולאַנטן און סאַבאָטאַזשניקעס פון אַנטי־פאַשיסטישן קאַמף.

אויף אונדזערע פּאַרטיי־גרופּעס האָב איך זיך מיט דער גאַנצער קראַפט אַנטקעגנגעשטעלט די אַלע אילוזיעס, וואָס זענען אַנטשטאַנען בנוגע דער מעג־לעכקייט, אַז דער סטאַליניזם זאָל זיך אַנטוויקלען אין דער ריכטונג פון דעמאָ־קראַטישן סאָציאַליזם. אויב רעדן וועגן אַן ענדערונג פון סאָוועטישן רעזשים, וועט דאָס נישט פאָרקומען מיט סטאַלינס ווילן און הסכם, נאָר קעגן אים, אין קאַמף מיט זיין טעראָריסטישן הערשאַפט־אַפּאַראַט. אַלע רייד וועגן דער עוואָ־לוציע פון רעזשים אונטערן דרוק פון דער מלחמה זענען שטותערייען, האָב איך געטענהט. ווען אַזאַ זאַך וואָלט מעגלעך געווען, וואָלט שוין איצט געדאַרפט אַוועק פון זיין אַמט מאָלאָטאָוו. ווי שיקט זיך דאָס, אַז עס זאָל ווייטער בלייבן אויסערן־מיניסטער דער זעלביקער, וואָס האָט געשלאָסן דעם פאַרברעכערישן אָפּמאַך מיט ריבענטראָפּ און וואָס איז דער דירעקטער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אַזוי

שענדלעך באַנקראָטירטער סאָוועטישער אויסערן־פּאָליטיק? מען קען נישט האָבן קיין צוטרוי צו דער נייער אויסערלעכער פּאָליטיק פון מאָסקווע, כל־זמן עס פירט זי ווייטער סטאַלין און מאָלאָטאָוו. שוין צוליב דעם אַליין, כדי צו געווינען דעם צוטרוי פון דער מערב־וועלט, וואָלט מאָלאָטאָוו געדאַרפט באַזייטיקט ווערן פון זיין אַמט און געשטעלט ווערן פאַר אַ געריכט. אויב אין קרעמל איז נישט פאַרגעקומען קיין שום ענדערונג נאָך דעם, ווי היטלער האָט פאַראַטן זיין גע־טרייען שותף, קען מען נישט רעדן וועגן אַן עוואָלוציע פון סאָוועטישן רעזשים. ווען אַפילו עס וואָלטן יאָ פאָרגעקומען ענדערונגען אין פּערזענלעכן צוזאַמענ־שטעל פון דער העכסטער סאָוועטישער אָנפירונג, וואָלט דאָך דאָס אויך נאָך נישט געקענט דינען אַלס אַ זיכערער באַווייז, מחמת נאָך פאַר דער מלחמה זענען דאָרט פאָרגעקומען גרויסע רייניקונגען, אין רעזולטאַט פון וועלכע עס זענען אומגע־בראַכט געוואָרן גרעסערע שישקעס, ווי דאָס איז מאָלאָטאָוו און דער רעזשים איז געבליבן דער זעלביקער, וואָס מיט יאָרן פריער.

דער סימן מובהק פון אַ ווירקלעכער ענדערונג פון רעזשים אין דער ריכ־טונג פון דעמאָקראַטיע וועט זיין נאָר דער, ווען די קרעמלער הערשער וועלן דערקלערן אַן אַמנעסטיע פאַר די פּאָליטישע געפאַנגענע; ווען מען וועט דער־לויבן כאָטשבי טיילווייז די פרייהייט פון פרעסע און פאַרזאַמלונגען און די קאָנסטיטוירונג פון אַנדערש־דענקנדיקע פּאָליטישע פּאַרטייען און געזעלשאַפט־לעכע גרופּירונגען. אין דעם פּרט אָבער האָבן מיר נישט געהאַט צו פאַרצייכענען אַפילו די מינדעסטע ענדערונג. יאָ, סטאַלין האָט געמאַכט קאָנצעסיעס דעם גרויס־רוסישן נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, ער האָט פאַרהערלעכט ביז גאָר דעם פּאַ־טריאָטיזם און די קעמפערישקייט פון די אַמאָליקע צאַרישע גענעראַלן, ער האָט דערקלערט די מלחמה אַלס אַ פּאַטערלענדישע און געמאַכט אַפילו קאָנצעסיעס דער פּראַוואָסלאַווער קירך. דאָס אַלץ זאָגט נאָך אָבער לחלוטין גאָרנישט. דער מאַסשטאַב, לויט וועלכן מען דאַרף אין דער הײַנטיקער מאָדערנער צייט מעסטן די דעמאָקראַטישקייט פון אַ רעזשים איז זיין באַציִונג צו די דעמאָקראַטישע רעכט פון די אַרבעטער און פּאָלקס־מאַסן פון דעם געגעבענעם לאַנד און פון זייערע אָרגאַניזאַציעס. אין דעם פאַל איז אין סאָוועט־רוסלאַנד נישט פאָרגע־קומען קיין שום וועזנטלעכע ענדערונג. אין סאָוועט־רוסלאַנד איז נישט אָפּגע־שוואַכט געוואָרן די מאָנאָפּאָל־הערשאַפט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פון איר באַוואָפנטן אָרעם — די ג. פּ. או. אָדער מ. וו. ד.

עס דאַרף דערביי באַמערקט ווערן, אַז דער רעזשים פון קאָנצענטראַציע־

לאַגערן קען נישט געמילדערט ווערן, ווייל אויף אים שטייט דער גאַנצער פּאָ־ליטישער און סאָציאַל־עקאָנאָמישער בנין פון לאַנד. עס וואָלט דעריבער געווען אָן אַבסורד אָנצונעמען, אַז סטאַלין אַליין וועט אונטערזעגן די צווייג, אויף וועל־כער ער זיצט.

אין אַנבליק פון דעם איבערפאַל פון די נאַציס אויף סאָוועט־רוסלאַנד, האָב איך אָבער געהאַלטן, אַז נישט געקוקט אויף דער גאַנצער שנאה, וואָס מיר פילן צו דעם סאָוועטישן רעזשים, דאַרף מען איצט שטיצן די סאָוועטישע אַרמיי קעגן דעם נאַציסטישן איבערפאַל, דאָס מיינט סאָוועט־רוסלאַנד, אָבער די אויסגע־שטרעקטע האַנט פון די קאָמוניסטן צו די „ברידער־סאָציאַליסטן" מיט עקל צו־ריקוויזן, ווייל אין תוך גענומען האָבן זיי זיך מיט גאָרנישט נישט געענדערט נישט אידעאָלאָגיש, נישט מאָראַליש און נישט פּאָליטיש. איך בין דעריבער אויך געווען קאַטעגאָריש קעגן דעם, אַז מיר, דער „בונד" אין פראַנקרייך, זאָל זיצן צוזאַמען מיט די פראַנצויזישע יעווסעקעס אין אַלגעמיינע יידישע קאָמיטעטן און אין אַנדערע געמיינזאַמע ווידערשטאַנד־קערפּערשאַפטן. אַפילו, ווען זיי זאָלן איצט אַדורכפירן אַ זעלבסטקריטיק און באַדויערן דעם פריינטשאַפט־פּאַקט מיט היטלערן, דאַרף מען זיי נישט גלייבן, ווייל דאָס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, ווען קאָמוניסטן גייען „אַ שטיקל וועג" צוזאַמען מיט די פאַשיסטן קעגן דער דעמאָקראַטיע און באַזונדערס קעגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זיי ווילן איצט שלאָגן די נאַציס? אדרבה, ואדרבה. מען טאָר אָבער נישט אויף קיין איין מינוט פאַרגעסן, אַז זייער קאַמף צילט גאָר צו עפּעס אַנדערש ווי אונדזער קאַמף. זייערע צילן זענען דיאַמעטראַל קעגנגעזעצטע צו אונדזערע. זיי באַקעמפן איצט דעם דייטשן אימפּעריאַליזם און פאַשיזם אין נאָמען פון סאָוועטישן אימפּעריאַליזם און טאָטאַליטאַרן רעזשים, בעת מיר באַקעמפן יעטוועדע מין דיקטאַטור און אימפּעריאַליזם אין נאָמען פון אַ פרייער פעלקער־פאַרברידערונג און אינטער־נאַציאָנאַלן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

פאַר אַ סך איז די דאָזיקע שטעלונג געווען אַ ביסל שווערלעך צו פאַרדייען. דאָס האָט זיך דערקלערט אין אַ געוויסער מאָס מיט זייער נאַיוויקייט און איגנאָ־ראַנץ פון סטאַליניזם, פון זיינע מעטאָדן און זיין מאָראַל.

זיי האָבן געטענהט, אויב היטלער שלאָגט אונדז און גלייכצייטיק אויך די סטאַליניסטן, במילא זענען מיר פריינט און פירן אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן אונדזער געמיינזאַמען שונא. ווער עס איז אַמאָל געזעסן אין טורמע מיט סטאַ־ליניסטן, דער ווייס, אַז די דאָזיקע טעאָריע איז פון גרונט אויס אַ פאַלשע. אַפילו

אין טורמע איז זייער שונא נומער איינס נישט געווען די טורמע־אַדמיניסטראַ־
ציע, וואָס האָט אַלע פּאָליטישע געפאַנגענע אין דער זעלביקער מאָס געקוועלט
און שיקאַנירט, געשלאָגן און געמּמיתט, נאָר די אַרעסטירטע, וואָס זענען געווען
פּאָליטישע קעגנער פון קאָמוניזם. די גרעסטע שנאה האָבן זיי געטראָגן צו אָט־
די עלעמענטן און גרייט געווען זיי מיט אַלע מיטלען צו פאַרניכטן מאָראַליש
און אַפילו אויך פיזיש.

עס קאָן נישט זיין קיין לאָיאַלע איינהייטן מיט קאָמוניסטן, כאָטש די איינ־
הייט פון אַרבעטער־קלאַס איז אָפּטמאָל אַזוי בלוטיק נויטיק אין די אינטערעסן
נישט נאָר פון די אַרבעטער אַליין, נאָר פון גאַנצן פאָלק.

אין איין פּרט זענען די קאָמוניסטן נאָך געפערלעכער אַפילו פון די פאַ־
שיסטן. יענע זענען נישט קיין וועלט־מאַכט, בעת די קאָמוניסטן פון דער גאָרער
וועלט ווערן אָנגעפירט פון איין מלוכהשן צענטער און ווערן פון אים געשטיצט
מיט אַלע מיטלען.

אַזוי האָבן מיר דיסקוטירט צווישן זיך אויף פאַרטיי־גרופּעס און אַפילו בעת
דער אַרבעט אין פעלד אָדער אין שייער. עס זענען איצט געקומען פאַר אונדז
עמאָציאָנעלע טעג. מיר כאַפּן אויף די באַריכטן פון פראָנט און קאָמענטירן זיי.

עס איז געווען סוף יוני 1941, ווען עס איז דער סאַמע ברען פון פעלד־
אַרבעט. עס באַווייזן זיך די גרויסע דרעש־מאַשינען, כדי אַראָפּצונעמען פון די
פעלדער די תבואה: דעם ווייץ און דעם האָבער. חברה איז דעמאָלט שטאַרק
פאַרפּאָרעט. מען דאַרף אָן איבעררייס און גאָר גיך טראָגן די סנאָפּעס צו דער
מאַשין און גאָר שנעל זיי דערלאַנגען צו דעם, וואָס שטייט איבער דער דרעש־
מאַשין און מען מוז זייער שנעל די אָנגעשיטע זעק ווייץ אַוועקנעמען פון דער
מאַשין און זיי ברענגען אין שייער. אַלץ ווערט געמאַכט אין דעם גיכסטן טעמפּ
מחמת מען האָט מורא פאַר אַ רעגן.

שוואַרצע וואָלקנס שטייב טראָגן זיך פון דער מאַשין און מיר אַליין זענען
שוואַרץ ווי די קוימענקערערס און דורכגעווייקט פון שוויס. בעתן אָפּרו, ביי
די פלעשער רויט־ווייַן שמועסן מיר אָבער שוין ווידער וועגן דער לאַגע אויף
די פראָנטן. דער פראַנצויז, דער מאַשיניסט, פאַרשטייט נישט, וועגן וואָס מיר
היצן זיך אַזוי אין אַזאַ מאָמענט. ער קומט פון שניט פון אַנדערע פּויערים־ווירט־
שאַפטן און איז נישט געוווינט צו זעען אַזעלכע פּויערים, ווי מיר זענען. אין
אָוונט האָבן מיר פאָרגעזעצט אונדזערע שמועסן שוין אין דעם ריינעם עס־זאַל
און ביים ראַדיאָ־קעסטל.

# די געפאַר רוקט זיך אָן

אַפילו אין די סאַמע געשפאַנטסטע מאָמענטן פון דער מלחמה, ווי דאָס איז געווען דער 22טער יוני 1941, האָט די היטלעריסטישע בעסטיע נישט פאַר־געסן אין אירע אַנטיסעמיטישע פאַרניכטונגס־פּלענער לגבי ייִדן.

צווישן אַלע ידיעות, וואָס דער היטלעריסטישער ראַדיאָ־ספּיקער גיט אײַ־בער, קומט אַ מעלדונג פון דער ווישי־רעגירונג, אַז אַלע ייִדן, וואָס זענען גע־קומען אין לאַנד אַריין נאָכן 1טן יאַנואַר 1936, וועט מען אינטערנירן אין לאַ־גערן און פון דאָרט ווייטער שיקן קיין דײַטשלאַנד אָדער אין זייערע אָפּשטאָם־לענ־דער. פאַר אונדז פּוילישע ייִדן האָט דאָס באַטײַט דעפּאָרטירט צו ווערן קיין פּוילן, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. עס איז נאָך נישט געווען קלאָר: צי בלויז מענער, אָדער פרויען און קינדער אויך. עס איז אויך נאָך נישט געווען קלאָר, צי מען מיינט אויך די אַלע ייִדן, וואָס זענען באַשעפטיקט ביי לאַנדווירטשאַפט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט אונדז אויף דער „אָרט"־פאַרם. די דאָזיקע ידיעה האָט אויף אונדז אַלעמען געווירקט ווי אַ דונער פון העלן הימל.

מיר אַלע זענען געווען רעגיסטרירט אין דער גמינע פון דעם שכנותדיקן שטעטל פען און די ווישי־פאָליציי האָט גאַנץ גוט געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ קאָלאָניע פון אויסלענדישע ייִדן.

מײַן פרוי, ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, איז שוין דאַן געווען מיט מיר אַ לענגערע צײַט צוזאַמען. ווײַל אויך דאָרט, אין קראַ, וווּ זי האָט געאַר־בעט אין דעם קינדער־אַנשטאַלט, איז זי שוין מער נישט געווען זיכער אַלס ייִדישקע פון פּוילן. האָט זי זיך מיט אַ גאָר שווער האַרץ געזעגנט מיט אירע קינדערלעך, די יתומים, און געקומען אויף דער „אָרט"־קאָלאָניע. אונדזער גאַנצע

קאַלאַניע איז געוואָרן נאָך דער דאָזיקער ראַדיאָ־ידיעה זייער שטאַרק אומרויִק וועגן אונדזער ווייטערדיקן גורל.

און אַ גרונט דערצו איז געווען. איבער אַ יאָר צייט האָט שוין געהערשט דער ברוטאַלער נאַציסטישער אָקופּאַנט און זיינע פּעטעניסטישע מיטהעלפער איבער פראַנקרייך. אין משך פון אָט דעם יאָר האָבן די נאַציסטישע מאַכט־אָרגאַנען און זייערע פראַנצויזישע משרתים שוין אַרויסגעוויזן זייערע שאַרפע ציין און נעגל.

פאָרמעל, לויטן אָפּמאַך מיט דער ווישי־רעגירונג, האָט בלויז דער צפון־טייל פון פראַנקרייך, פאַריז איינגעשלאָסן, געהערט צו דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. פאָרמעל איז בלויז דער דרום־טייל געווען אונטער דער איטאַליענישער אָקופּאַציע און דער איבעריקער טייל פון לאַנד האָט זיך געדאַרפט געפינען אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון דער פראַנצויזישער ווישי־רעגירונג און בילדן די פרייע טעריטאָריע פון פראַנקרייך. אין דער פּראַקטיק איז אָבער געווען אַנדערש. דייטשן האָלטן נישט פון קיין אָפּמאַכן, וועלכע זיי אַליין שרייבן פאַר זיך אונטער. פאַקטיש האָט די דייטשישע געשטאַפּאָ געשאַלטעט און געוואַלטעט אין גאַנץ פראַנקרייך. דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרפלייצט געוואָרן פון די פאַר־שידנסטע מיליטערישע און פּאָליציייִשע אָרגאַנען, ווי למשל: די זיכערקייטס־פּאָליציי, זיכערקייטס־דינסט, „קרימינאַל־פּאָליציי" און די ספּעציעלע אַנטי־ייִדי־שע פּאָליציי־אָרגאַנען, פון אַוועני פאָש אין פּאַריז און דער סערוויס פאַר געהיימע געזעלשאַפטן אויף קעי די ראַפּ.

אָט די אַלע פּאָליציי־אָרגאַנען האָבן געהאַט זייערע פאָרשטייער ביי דער זייט פון דער ווישי־רעגירונג און די ווישי־לייט האָבן מיט זיי מיטגעאַרבעט בעת די נאַציסטישע רדיפות קעגן ייִדן, אָדער קעגן די פראַנצויזישע ווידער־שטענדלער.

דער נייער פּראָגנאָז מיט רוסלאַנד, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יוני 1941, האָט נישט אָפּגעשוואַכט אויף אַ האָר די נאַציסטישע מלחמה אויפן ייִדישן פראָנט. די נאַציס האָבן אין דער מינדעסטער מאָס נישט פאַרבויגן פון זייערע מערדע־רישע פּלענער צו פאַרניכטן אַלע ייִדן אין פראַנקרייך און אין גאַנץ אייראָפּע. די פּלענער זענען נישט געווען אויסגערעכנט אויף אַ קורצער צייט. די היטלע־ריסטן האָבן זיך דאָך געגרייט אויפצושטעלן אין אייראָפּע און שפּעטער איבער דער גאָרער וועלט דאָס טויזנטיאָריקע גערמאַנישע רייך.

דער ציל איז געווען צו פאַרניכטן אַלע ייִדן, אָבער פריִער פון אַלץ, זיי

צו באַרויבן פון זייער האָב און גוטס, נאָכדעם אויסנוצן זיי אַלס אַרבעטס־קראַפט ביזן לעצטן טראָפּן בלוט און שפּעטער אַפילו די טויטע קערפּערס פון די נאַ־ציסטישע קרבנות באַנוצן פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון דעם דייטשישן רייך אין דער דייטשער ווירטשאַפט. האָבן די נאַציסטן, פּונקט ווי די שאַקאַלן און די מאַרודערן, אָפּגעגאָלט די האָר ביי די אומגליקלעכע, אַראָפּגעצויגן פון זיי די הויט און אַרויסגעריסן די גאָלדענע ציין, כדי צו שטאַרקן דערמיט די דייַ־טשישע קריגס־מאַשין. זיי האָבן געריובט און געמאָרדעט מעטאָדיש, אין הסכם מיט די לעצטע דערפינדונגען פון דער וויסנשאַפט און מיט גרויס קענטעניש פון דער מענטשלעכער פּסיכיק.

צוערשט האָבן די דייטשן געוואָלט וויסן, וויפל ייִדן עס זענען פאַראַן אין פראַנקרייך. וויפל, צווישן זיי, האַלב־ און פערטל־ייִדן, וויפל אַלט־איינגעזעסענע און איינגעוואַנדערטע, נאַטוראַליזירטע און אויסלענדישע, וואָסערע פאַרמעגנס זיי באַזיצן און ווי גרויס איז זייער אָנטייל אין די פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע און פינאַנציעלע אונטערנעמונגען. און דערפאַר איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע ייִדן מוזן זיך רעגיסטרירן. אמת איז, אַז פּעטענען איז געלונגען אויסצופועלן ביי היטלערן, אַז די פראַנצויזישע ייִדן, דאָס מיינט די ייִדן, וואָס לעבן אין פראַנקרייך זינט דורות, זאָלן נישט אַרונטערפאַלן אונטער דער ממשלה פון דער פרעמדער אָקופּאַציע־מאַכט און זיי זאָלן נישט דעפּאָרטירט ווערן אָדער גענומען ווערן אויף צוואַנגס־אַרבעט.

די נאַציס זענען דערויף איינגעגאַנגען, אָבער אויך די דאָזיקע קאַטעגאָריע ייִדן האָבן זיי געזוכט צו דערנידעריקן און פאַרוואַנדלען אין רעכטלאָזע מענטשן, אין פּאַריער. אַזוי, למשל, האָבן די פראַנצויזישע ייִדן געמוזט טראָגן די געלע לאַטע און זענען געוואָרן זייער שטאַרק באַגרענעצט אין זייערע באַוועגונגען. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט נאָר אין באַשטימטע שעהן פון טאָג צו קויפן אין די קראָמען, דאַקעגן האָבן זיי נישט געטאָרט באַזוכן קיין שום עפנטלעכע ערטער, ווי סינעמאַס, טעאַטער אד"גל. אויך אויף באַנען האָבן זיי זיך נישט געטאָרט באַוויזן. ס'איז זיי געווען פאַרבאָטן צו אַרבעטן אויף רעגירונגס־פּאָסטנס און אויב אַ פראַנצויזישער ייִד האָט געהאַט אַ געשעפט, האָט ער געמוזט אָנווייזן, אַז עס איז אַ „ייִדישע אונטערנעמונג".

דער ציל פון די דאָזיקע פאַראָרדענונגען איז געווען צו איזאָלירן די פראַנ־צויזישע ייִדן פון דער אַרומיקער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג און בהדרגהדיק זיי מאָראַליש, עקאָנאָמיש און שפּעטער אויך פשוט פיזיש צו פאַרניכטן.

די דאָזיקע אַלע פאַראָרדענונגען האָבן אָבער געהאַט פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג. זיי האָבן פאַרשטאַרקט די סימפּאַטיעס ביי דער פראַנצויזישער באַפעל־קערונג צו ייִדן און די שנאה צום דייטשישן אָקופּאַנט און זיינע ווישי־משרתים. די פראַנצויזן האָבן אויף די פאַרשידנסטע אופנים אויסגעדריקט זייער סאָלי־דאַריטעט מיט דער געראודפטער און דערנידעריקטער ייִדישער באַפעלקערונג.

ווען דער אָקופּאַנט האָט אַרויסגעגעבן די פאַראָרדענונג, אַז אַלע ייִדן און קינדער פון זעקס יאָר אָן דאַרפן טראָגן די געלע לאַטע (דאָס איז געווען אין אַפּריל 1942), האָבן פראַנצויזן אָנגעהויבן צו טראָגן געלע בלומען, געלע טאַשן־טיכלעך און זיך אַפילו דערלויבט עפנטלעך אָפּצולאַכן פון דער דאָזיקער פאַר־אָרדענונג. אַרבעטער פון פאַבריקן האָבן אימיטירט די געלע לאַטע אין דער פאָרעם פון אַ שטערן מיט 6 שפּיצן און געטראָגן די דאָזיקע אָפּצייכענונג. אַפילו פראַנצויזישע אַנטיסעמיטן האָט שטאַרק פאַרדראָסן די דאָזיקע גזירה מיט דער געלער לאַטע. זיי האָבן נישט געקענט מוחל זיין דעם דייטש, וואָס אַפילו קינדער מוזן זי טראָגן. רירנדיקע ביישפּילן פון סאָלידאַריטעט האָט אויך אַרויסגעוויזן די שטודירנדיקע יוגנט.

# דער קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע ענינים

כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען דער נאַציסטישער איבערפאַל אויף סאָוועט־רוסלאַנד (יוני 1941) איז געשאַפן געוואָרן ביי דער ווישי־רעגירונג דער קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע ענינים. אָנגעפירט מיט אים האָט דער באַקאַנטער צורר־היהודים און פאַשיסט קסאַוויע וואַלאַ. דאָס איז געווען אַ פאַרברענטער אַנטיסעמיט. ער איז געווען אַ קאָמבאַטאַנט פון דער 1טער וועלט־מלחמה און פאַרלוירן אַן אויג אין קריג. זיין אַנטיסעמיטיזם, זיין האַס צו ייִדן האָט זיך ביי אים גענומען, להיפוך צו די נאַציסטן, פון רעליגיעזע און נאַציאָנאַליסטישע און נישט פון ראַסיסטישע מאָטיוון. קסאַוויע וואַלאַ האָט געהאַסט ייִדן פריִער פאַר אַלץ דערפאַר, וואָס זיי זענען אַן עלעמענט, וואָס מ׳קען ניט פולקאָם אַסימילירן. ער האָט איינגעטיילט די פראַנצויזישע ייִדן אויף פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס: אויף אַזעלכע, וואָס שטאַמען פון אַלטע ייִדישע פאַמיליעס, ווי למשל פון עלזאַס און געהאַלטן, אַז זיי קען מען אַסימילירן; אויף אַזעלכע, וואָס זענען געקומען קיין פראַנקרייך נאָך דער דריטער רעפּובליק, און צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַ סך, וואָס האָבן געקעמפט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914—1918 אין דער פראַנצויזישער אַרמיי; און אויף אַזעלכע ייִדן־עמיגראַנטן, וואָס זענען אין די לעצטע יאָרן געקומען פון פוילן, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און רומעניע. אָט די קאַטעגאָריע ייִדן איז אוממעגלעך צו אַסימילירן און מען קען זיי נישט אָנערקענען אַלס פראַנצויזן.

פון דעם האָט קסאַוויע וואַלאַ געמאַכט דעם אויספיר, אַז נישט קעגן אַלע ייִדן אין פראַנקרייך דאַרף מען אָנווענדן די אַנטי־ייִדישע געזעצן.

ער האָט נישט געוואָלט נאָכקאָפּירן די דייטשע אַנטי־ייִדישע געזעצן, נאָר

געוואָלט שאַפן אַזעלכע, וואָס זאָלן זיין אין הסכם מיט די טראַדיציעס פון פראַנ־צויזישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט זיינע וואָרצלען נאָך אין דעם דרייפוס־פּראָצעס פון סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט, אָדער אין דער קאַטוילישער קירכע.

די דאָזיקע דיפערענצן צווישן דעם אַנטיסעמיטיזם פון דער ווישי־רעגירונג און דעם נאַציסטישן אַנטיסעמיטיזם האָבן נישט גרינגער געמאַכט דעם טראַגישן גורל פון די ייִדן אין פראַנקרייך. עס איז כמעט ווי זיכער: וואָלט די היטלעריס־טישע מפּלה זיך פאַרצויגן נאָך אויף עטלעכע יאָר, וואָלטן קיין ייִדן אין די לענ־דער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, שוין מער נישט עקזיסטירט. מען וואָלט אַלע פאַרניכטעט, אַלץ איינס פון וואַנען זיי וואָלטן גע־שטאַמט און פון וואָסערן ניואַנס פון אַנטיסעמיטיזם זיי וואָלטן געווען אַ קרבן, פון געבעלסעס, צי פון קסאוויע וואלאס שנאה צו ייִדן, דאָס וואָלט שוין נישט געווען אַזוי וויכטיק. די דייטשן אַרבעטן מיט אַ מעטאָד און אויך דער קאָמי־סאַריאָט פאַר ייִדישע ענינים האָט געהאַט זיין פּראָגראַם־מינימום און פּראָגראַם־מאַקסימום בנוגע דער ייִדישער באַפעלקערונג אין פראַנקרייך.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן אַנטי־ייִדן־געזעצן און גזירות, פאַרשי־קונגען אין לאַגערן און דערנאָך דעפּאָרטאַציעס. דערביי האָט יעטוועדער עטאַפּ פון די ייִדן־רדיפות געהאַט זיינע קולמינאַציע־פּונקטן, ווען די נאַציסטישע אכזריותן האָבן דערגרייכט זייער פּאַראָקסיזם. צו אַזאַ טראַגישן מאָמענט איז דערגאַנגען אין יולי 1942 אין פּאַריז, ווען צענדליקער טויזנטער ייִדן זענען צו־נויפגעטריבן געוואָרן אין דעם ריזיקן בנין פון וועל־ד׳היווער און מען האָט זיי דאָרט געהאַלטן אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען און דערנאָך דעפּאָרטירט קיין דייטשלאַנד.

אַ שרעקלעכע שחיטה איז דאָס געווען אויף די פּאַריזער ייִדן, אָט דער 16טער יולי 1942. אַ צענדליק טויזנט ייִדן האָבן זיך דאַן געראַטעוועט נאָר דערפאַר, וואָס די פּאָליציי האָט זיי צוויסן געטון, אַז מען וועט קומען זיי נעמען און זיי האָבן נישט געגעכטיקט אין זייערע היימען. עס האָבן זיך געפונען פראַנצוי־זישע פּאָליציאַנטן און זשאַנדאַרן, וואָס דורכפירנדיק די דאָזיקע באַרבאַרישע פאַראָרדענונגען פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט, האָבן זיי זיך איינגעבראָכן און דעמיסיאָנירט פון דער פּאָליציי. אַנדערע האָבן געוויינט בעת די גהינום־סצענעס, וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשפּילט אויף די הויפן און גאַסן.

בעת איך בין נאָך דער באַפרייונג צוריק געקומען קיין פּאַריז אין מיין

דירה, האָט מיר די הויף־וועכטערין איבערגעגעבן פּרטים פון יענער שרעק־לעכער נאַכט.

די פּאָליציי איז אויך געקומען אין אונדזער הויז אויף רי מאַרקאַדע, ווייל זי האָט געהאַט די אַדרעסן פון די ייִדישע לאָקאַטאָרן. אין אונדזער הויז, אַחוץ מיין פאַמיליע, האָט נאָך געוווינט אַן עלטערע ייִדישע פרוי, אַן אלמנה, וואָס האָט געשטאַמט פון רומעניע און מיין פריינט א. שפּיצבערג.

ווען די דייטשן זענען געקומען, האָבן זיי מיין דירה געטראָפן געשלאָסן, דאָס זעלבע אויך ביי שפּיצבערגן. דאַקעגן האָבן זיי יאָ געטראָפן די ייִדישע פרוי. זיי האָבן זיך אַרויסגעשלעפּט פון איר צימער, און אַזוי ווי זי האָט נישט געוואָלט גיין, האָבן זיי זי געשלעפּט פאַר די פיס איבער די שטיינערנע טרעפּן. פון איר קאָפּ האָט גערונען בלוט און די געשרייען פון דער אומגליקלעכער האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פאַרביטערונג ביי די פראַנצויזישע לאָקאַטאָרן. בעת מען האָט זי אַזוי געשלעפּט צום פּאָליציי־וואָגן, האָט זי באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע און זי איז פאַרן טויער געשטאָרבן.

אונדזערס אַ שכן, אַ קצב מיט זיינע צוויי דערוואַקסענע קינדער, איז די ווישי־היצלעס אויך געלונגען צו נעמען. זיי זענען שוין נישט צוריקגעקומען פון דער דעפּאָרטאַציע.

דער דאָזיקער שרעקלעכער געיעג אויף ייִדן האָט זיך אַביסל שפּעטער אויך אַריבערגעטראָגן אין דער פרייער זאָנע און יעדן טאָג זענען געפאַלן קרבנות פון נאַציסטישע אכזריותן.

שוין אָנהייב 1941 האָבן טויזנטער ייִדן זיך געפונען אין די לאַגערן פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַן. אין אויגוסט 1941 האָט מען געמאַכט, אַלס רעפּרעסיע, אַן אָבלאַווע אויפן וא־טן אַראָנדיסמאַן אין פּאַריז און פון דאָרט אַרויסגענומען 4.300 פּערזאָן, צווישן זיי אַ היבשע צאָל פראַנצויזן.

אין דעצעמבער אין דעם זעלביקן יאָר ווערן אַרעסטירט דורך די דייטשן טויזנט ייִדישע אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, צווישן זיי אַ סך געוועזענע קאָמ־באַטאַנטן. מען האָט זיי געהאַלטן אַ געוויסע צייט אין לאַגער פון קאָמפּיען און שפּעטער דעפּאָרטירט קיין דייטשלאַנד.

פּאַראַלעל צו די דאָזיקע שחיטות פירן די דייטשן אַ צווייטע טאַקטיק: זיי ווילן מיט דער הילף פון די ייִדן גופא דורכפירן זייערע מערדערלעכע אַנטי־ייִדישע פּלענער. אויב אין מזרח־אייראָפּע האָבן זיי פאַר דעם ציל געשאַפן געטאָס און יודנראַטן, האָבן זיי אין פראַנקרייך געמוזט אַביסל מאָדיפיצירן זייערע פאַר־

ברעכערישע מעטאָדן. געטאָס אין פראַנקרייך איז פאַר זיי געווען אַן אומ־מעגלעכע זאַך איינצושטעלן. במילא האָבן זיי אויך נישט געקענט שאַפן קיין יודנראַטן אַזוי ווי אין פוילן און זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די פראַנצויזישע באַדינגונגען און געשאַפן אַ כמו יודנראַט — די „אוניאָן דע זשוויף דע פראַנס״. איר אויפגאַבע איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון קאָמיסאַריאַט פאַר ידישע ענינים אויסצופירן אַלע אַנטי־ידישע גזירות, וואָס האָבן זיך געשיט אויף די ידישע קעפּ. די פאָנדן, וואָס דער „איזשיף״ האָט באַקומען האָבן אויך געשטאַמט פון די צוגערויבטע ידישע פאַרמעגנס.

אַלע ידישע אָרגאַניזאַציעס זענען איבערגעגעבן געוואָרן אין רשות פון „איזשיף״ און ער האָט זיי געהאַלטן אונטער זיין קאָנטראָל.

דער „בונד״ און אַ גאַנצע רייע אַנדערע פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס, ווי למשל: די „קאָלאָניע סקאלער״, האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערוואַרפן דעם „איזשיף״ און זיי האָבן זיך אָפּטמאָל געשטעלט אין אַ געפערלעכער סיטואַציע.

מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז די דייטשן האָבן נישט מיט איינמאָל אויס־געשאָסן דעם גאַנצן פולווער קעגן דער ידישער באַפעלקערונג, נאָר זיי האָבן דאָס געטאָן בהדרגהדיק.

אין 1941 האָט מען זיך נאָך אין פּאַריז געקענט פריי באַוועגן און אין בונ־דישן לאָקאַל אין פּאַריז זענען נאָך אין די יאָרן 1941—1942 פאָרגעקומען שמועסן אויף געזעלשאַפטלעכע טעמעס און דעם 1טן מאַי איז אין דער בונדישער קיך פאָרגעקומען אַ מאַי־אַקאַדעמיע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַ וועלכע 150 פערזאָן. אויך אַ געדענק־אָוונט נאָכן באַרימטן בונדישן פירער ח׳ נח איז פאָרגעקומען אין בונדישן לאָקאַל.

גלייכצייטיק האָבן זיך אָבער געשיט גזירות אויף ידן איינע נאָך דער צווייטער. אין דעצעמבער 1941 ווערט דורך ראַדיאָ געמאָלדן, אַז אַלע ידן וואָס זענען אַריינגעקומען אין לאַנד אין 1936 וועלן געשיקט ווערן אין אַרבעטס־לאַגערן. דאָס האָט געמיינט, אַז אַלע ידן פון 18 ביז 55 יאָר וועלן מוזן טאָן צוואַנגס־אַרבעט. מען האָט אַרויסגענומען פון דער קאַטעגאָריע פאַרמעגלעכע ידן, וואָס קענען לעבן פון זייערע אייגענע מיטלען. זיי וועלן אָבער מוזן לעבן אין פאַר זיי אָנגעוויזענעם, דורך דער מאַכט, אָרט. נאָך פריער, דעם 13טן מאַי, האָט די פּרעפעקטור פאַנאַנדערגעשיקט איינלאַדונגען צו אַלע פוילישע ידן אין פּאַריז, אין עלטער ביז 40 יאָר, אַז זיי דאַרפן זיך צושטעלן אין געוויסע פונקטן פון דער שטאָט. עטלעכע טויזנט ידן האָבן זיך צוגעשטעלט און מען האָט זיי

אינטערנירט אין די לאַגערן אין פראַנקרייך. די וואָס האָבן זיך נישט צוגע־שטעלט איז מען געקומען זוכן אין די שטובן.

דער וויכטיקסטער און שרעקלעכסטער לאַגער אין פראַנקרייך איז געווען אין דער שטאָט דראַנסי, נישט ווייט פון פּאַריז, און מען האָט זיך פון דאָרט אָנ־דערציילט גרויליקע זאַכן. כל־זמן מען האָט געהאַלטן די ייִדן אין די פראַנ־צויזישע לאַגערן, איז נאָך געווען אַ שטיקל האָפענונג, אַז מען וועט אַ געוויסן טייל פון זיי באַפרייען. לכל־הפּחות איז נאָך געווען מיט זיי אַ קאָנטאַקט דורך פאַרשידענע פּערזאָנען און אפילו געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, ווי די „רי אַמעלאָ", „אַרבעטער־רינג" א"אַנד. אין מערץ 1942 האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציעס קיין דייטשלאַנד אָדער מזרח־איראָפּע. אין די דאָזיקע לאַגערן איז די שטימונג ביי די ייִדן געוואָרן אַ דערדריקטע.

עס הייבט זיך אָן צו פילן אַ שטאַרקע מאַטעריעלע נויט ביי דער גערודפטער ייִדישער באַפעלקערונג. די לאַגע ווערט נאָך שווערער דערמיט, וואָס עס קומט אַ נייער באַפעל: ייִדן טאָרן נישט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען פון 8 אינאָוונט ביז 6 אַזייגער אינדערפרי און חוץ־דעם — אַ פאַרבאָט צו ענדערן די וווינונג.

די אַרבעטס־אומפּעיִקע ייִדישע מענטשן לעבן פון שטיצע, אָדער פון דעם וואָס זיי פאַרקויפן אויס זייערע זאַכן.

די געשטאַפּאָ האָט אין 1941 אַראָפּגעבראַכט קיין פּאַריז צוויי עסטרייכישע ייִדישע אויסוואורפן, איזראַעלעוויטש און ביבערשטיין, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו העלפן די דייטשן אין דער אכזריותדיקער אויסראָטונגס־פּאָליטיק לגבי ייִדן. די צוויי פאַרשוינען (די „ברוינע ייִדעלעך") האָבן געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו שטיין אין פאַרבינדונג מיטן געשאַפענעם ייִדישן קאָאָרדינירן־קאָ־מיטעט. זיי האָבן געטריי געדינט דעם דייטשישן אָקופּאַנט און אָנגעטון גרויסע צרות.

# אונדזער פּאַריזער אָרגאַניזאַציע

אין 1941—1942 און ביזן סוף פון דער מלחמה איז אונדזער בונדישע אָר־גאַניזאַציע אין פראַנקרייך געווען צעטיילט אויף דריי חלקים. איין טייל האָט זיך געפונען אין פּאַריז און איז באַשטאַנען פון די אַלע בונדיסטן, וואָס האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט, בעת די דייטשן האָבן זי אָקופּירט. אַ צווייטער טייל האָט יאָ פאַרלאָזט פּאַריז און זיך איינגעאָרדנט אין דער „פרייער זאָנע״, וואָס האָט געהערט צו דער ווישי־רעגירונג (צוערשט האָבן מיר זיך באַזעצט אין ליאָן). דער דריטער טייל האָט זיך געפונען אין דער שווייץ.

אין די ערשטע צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, איז אונדזער פּאַרי־זער אָרגאַניזאַציע געווען אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע געפאַרן. שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען גאַנץ פראַנקרייך, האָט זיך די לאַגע פון דער ליאָנער גרופּע, אין דער הינזיכט, אויסגעגליכן מיט דער פּאַריזער גרופּע.

דער אונטערשייד אין דער טעטיקייט פון דער פּאַריזער גרופּע און דער ליאָנער, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פּאַריזער חברים האָבן אָנגעפירט מיט דער לעגאַלער אינסטיטוציע, ווי דאָס איז געווען די קיך ביים „אַרבעטער־רינג״, וועלכע איז זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה שטאַרק באַזוכט געוואָרן פון די נויטבאַדערפטיקע פּאַריזער אַרבעטס־מענטשן. מען האָט געדאַרפט העלפן מיט אַ „גוטער״ דירה, מיט „גוטע״ פּאַפּירן, דערמעגלעכן די רייזעס אין דער פרייער זאָנע, אָדער קיין שווייץ און זייער אָפט האָבן זיך די מענטשן גענייטיקט אין אַ גוטער עצה, וואָס צו טון.

צו די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון די פּאַריזער בונדיסטן האָבן אויך געהערט: אָפּהיטן דעם בונדישן אַרכיוו, וואָס איז געבליבן אין אַ פאַרקאָנספּירירטער דירה, נאָך דעם ווי פר. קורסקי האָט זיך עוואַקויִרט קיין אַמעריקע, און ראַטעווען די

רייכע מעדעם־ביבליאָטעק ביים „אַרבעטער־רינג״. אַ חוץ דעם האָט אונדזער פּאַריזער אָרגאַניזאַציע זיך באַטייליקט אין די אַלגעמיינע ייִדישע קערפּער־שאַפטן, וואָס זענען דעמאָלט געשאַפן געוואָרן ביי דער „פעדעראַציע פון די ייִדישע געזעלשאַפטן״ אָדער שפּעטער, אין קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון „רי אַמעלאָ״. עס איז אויך אָנגעהאַלטן געוואָרן אַ פאַרבינדונג מיט דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מיט דער גרופּע אין ליאָן איז די פאַרבינדונג געווען כמעט אַ רעגולערע. אָדער מיר האָבן דאָס געטון דורך אַ פאַרשטעלטער קאָרעספּאָנדענץ, אָדער מיט דער הילף פון ספּעציעלע שליחים און קורירן.

פאַר די דאָזיקע שליחותן זענען, פון קאָנספּיראַטיוון שטאַנדפּונקט, מער פּאַסיק געווען פרויען, ווי מענער. און עס האָבן זיך טאַקע אויף דעם געביט אויסגעצייכנט: צירל שטיינגאַרט, דינטשע און די יוגנטלעכע לענע, די טאָכטער פון יחיאל ניימאַן, די טעכטער פון אונדזער חבר ה. שוואַרצשטיין: פּאַלין און אָדעט און די חברטע „ריטש״, אויך אַ טאָכטער פון אונדזער אַלטן איבערגעגעבענעם חבר כאַצקעלע פּערלמאַן, די שוועסטערן זשינעט און ראַשעל מילשטיין א״אנד. צום גליק איז קיין איינע פון זיי נישט אַריינגעפאַלן.

אין פּאַריז גופא האָבן מיר געהאַט זייער אַ גוטן עקיף פון חברים, וואָס וואָלטן פעיִק געווען אָנצופירן מיט אַ גרויסער באַוועגונג. איך וויל אין דער ערשטער ריי דערמאָנען דעם חבר מאָטיע דאָבין און זיין פרוי ד״ר גרוניע דאָבין. צוויי אַלטע איבערגעגעבענע בונדיסטן און לויטערע סאָציאַליסטישע פערזענלעכקייטן, מיט וועלכע יעטווועדע באַוועגונג וואָלט געקענט זיין שטאָלץ. ביידע אינטעלעקטואַלן, האָבן זיי גאָר אַ סך צייט און ענערגיע אָוועקגעגעבן, אין יענע טראַגישע יאָרן, פאַר אונדזער באַוועגונג און יעדן טאָג ממש ריזיקירט מיט זייער לעבן פאַר דער סאָציאַליסטישער אידעע און כדי צו העלפן די גערודפטע ייִדישן מאַסן.

ווען עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן דער מעגלעכקייט צו גנביסן פון די „איזשיף״־קאַרטן, וועלכע האָבן אין די ערשטע צייטן געקענט דינען ווי אַ שוץ־מיטל קעגן דעפּאָרטאַציע, האָט חבר דאָבין און זיין פרוי גרוניע, נישט געוואָלט גנביסן פון דעם דאָזיקן חסד. אַזוי האָט אויך געהאַנדלט די טועריִן פון די לינקע פועלי־ציון טאָפּטשע. חבר דאָבין, זיין פרוי און טאָפּטשע זענען שפּעטער דעפּאָרטירט געוואָרן.

איך האָב נאָך מיט מאָטיע דאָבין אָנגעהאַלטן נאָענטע באַציִונגען פאַר דער מלחמה און געהאַט אַ מעגלעכקייט צו דערקענען זיינע הויכע פערזענלעכע מעלות. דאָס זעלבע קען אויך געזאָגט ווערן וועגן זיין פרוי גרוניע. ביידע זענען, צום

באַדויערן, מער נישט צוריקגעקומען פון דער דעפּאָרטאַציע. דאָס זעלביקע האָט לײדער, פּאַסירט אויך מיט דער דרייסטער און העלדישער פּועלי־ציוניסטקע, טאַפּטשע.

אַ פּרעכטיקע פּערזענלעכקייט איז געווען אונדזער חבר ד״ר יוסף אָגוז. שוין זיין אויסערלעכער אויסזען האָט געוועקט צו אים רעספּעקט און ליבע. מיט זיינע אײדעלע געזיכטס־שטריכן און שניי־ווייסן בערדל, מיט זיינע וואַרעמע אויגן, האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פּראָפעסאָר, אָדער פון אַ ליטווישן רב, באַזונדערס ווען ער איז געזעסן אויבנאָן אין זיין שוואַרץ קאַפּעלע אויפן קאָפּ. אַ גוטמוטיקער און אַ ליבהאַרציקער מענטשן מיט פיינע מאַניערן, איז ער שטענדיק גרייט געווען צו העלפן דעם „בונד״ מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט. גרויס גוטסקייט און איבערגעגעבנקייט האָט ער טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר די אומגליקלעכע יידישן מאַסן אין יענע שווערע צייטן, סיי מיט זיינע מעדיצינישע קענטענישן און סיי מיט די גרויסע פאַרבינדונגען, וואָס ער האָט געהאַט מיט דער פראַנצויזישער וועלט. זיין שטוב איז שטענדיק געווען אָפן פאַר נויטבאַדערפטיקע און איז געווען אַ צענטער פאַר אונדזער באַוועגונג. עס איז נישט געווען פאַר אונדזער טייערן אָגוז און זיין נאָבעלער פרוי קיין זמן פאַר פּאַרטיי־אַרבעט. פּונקט אַזוי ווי פאַר אַן אמת־פרומען ייד איז נישט פאַראַן קיין זמן פאַר לערנען, ווען ער האָט נאָר אַ מינוט צייט, קוקט ער שוין אַריין אין אַ ספר, אַזוי איז אויך ד״ר אָגוז שטענדיק גרייט געווען עפּעס צו טון פאַרן „בונד״, אָדער העלפן נויטבאַדערפטיקע. עס פלעגט מיר אויסקומען צו טעלעפאָנירן צו אים שפּעט אין אָוונט אָדער באַלד אינדערפרי און שטענדיק האָב איך דורכן טעלעפאָן־טרייבל דערהערט זיין האַרציקע שטימע.

חבר אָגוז איז אויך געווען באַקאַנט אין דער סעינער פעדעראַציע פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, צו וועלכער ער האָט געהערט היבשע צענדליקער יאָרן. ער איז באַזונדערס שטאַרק באַפריינדעט געווען מיט לעאָן בלומען, די פריינטשאַפט זייערע האָט זיך נאָך דאַטירט פון קאָנגרעס אין טור, בעת עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין דער פּאַרטיי און אָגוז איז געגאַנגען צוזאַמען מיט לעאָן בלומען. ד״ר אָגוז און זיין פרוי האָבן איבערגעהאַלטן די מלחמה־יאָרן און אין טיפן עלטער איז ער געשטאָרבן אין פּאַריז. ער האָט געהאַט אַ גרויסע לוויה און עס האָט אים מספּיד געווען לעאָן בלום.

ד״ר יוסף אָגוז האָט געשטאַמט פון קאָוונע און אַ סך יאָרן געהערט צום

„בונד״. אויך זיין ברודער איז נאָך אין די צאַרישע צייטן געווען זייער אַקטיוו אין „בונד״ אונטערן פסעוודאָנים „מאַקסימאָוו״.

צו דער גרופּע אין פּאַריז האָט אויך געהערט אונדזער אומפאַרגעסלעכער חבר יחיאל ניימאַן. אַ מענטש מיט אַ לאַנג־יאָריקן געזעלשאַפטלעכן און פּאַרטיי־סטאַזש. ער האָט נאָך אין די צאַרישע צייטן פאַרזוכט דעם טעם פון תפיסה פאַר זיין אָנ־געהעריקייט צום „בונד״. אין וואַרשע איז ער זייער באַליבט געווען ביי די לעדער־אַרבעטער און איז געווען לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר פון וואַרשעווער לעדער־פאַראיין, אויף נאַוואָליפּיע. ער האָט, צוזאַמען מיט מיר, אַ געוויסע צייט געזיב־דיקט מיט קאָמוניזם און צוליב פּאָליציייִשע טעמים האָט ער און זיין פאַמיליע געמוזט פאַרלאָזן פוילן אין די צוואַנציקער יאָרן. צוערשט — אין בערלין און דערנאָך — אין פּאַריז, האָט ער געמוזט פירן זייער אַ שווער לעבן. זיין פרוי, די איידעלע און געטרייע חברטע הינדע, איז דעפּאָרטירט געוואָרן פון די דייטשן און מער זיך, ליידער, נישט אומגעקערט.

די פּאָליטישע ביאָגראַפיע פון מיין אינטימען פריינט יחיאל ניימאַן איז איי־גנטלעך, אין גאַר אַ סך פּרטים, ענלעך צו מיין אייגענער פּאָליטישער פאַרגאַנ־געגנהייט, מחמת מיר ביידע האָבן דורכגעמאַכט כמעט דעם זעלביקן אַנטוויקלונגס־וועג. אָנגעהויבן ביים „בונד״, אַריבער צו די קאָמוניסטן אין די צוואַנציקער יאָרן און שפּעטער אין די דרייסיקער יאָרן, צוזאַמען זיך אומגעקערט צום „בונד״. יחיאל ניימאַן האָט געהאַט גרויסע פערזענלעכע מעלות, וואָס האָבן אים געמאַכט פּאָפּולער און באַליבט ביי די ייִדישע אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, צי דאָס איז געווען אין די פריִערדיקע יאָרן אין פוילן, —וואַרשע— ביי די אָרגאַניזירטע לעדער־אַרבעטער, אָדער שפּעטער, אין פּאַריז. ער איז געווען אַ האַרציקער מאַסן־רעדנער און מיט גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ליבע און פּיעטעט זיך באַצויגן צו דער פאָלקס־טריבונע. דאָס זעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן זיין באַציִונג צום געדרוקטן וואָרט. ער איז יאָרנלאַנג געווען איינער פון די וויכטיקסטע מיטאַרבע־טער פון דער בונדישער פּרעסע אין פּאַריז און שפּעטער, דער רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער בונדישער צייטונג „אונדזער שטימע״. איך האָב אים אין משך פון יאָרן אָבסערווירט ביי זיין טאָג־טעגלעכער זשורנאַליסטישער און פּובליציסטישער טע־טיקייט און באַמערקט זיינע גרויסע וואָלאָרן, סיי אַלס פּובליציסט און סיי אַלס רע־צענזענט פון פאַרשידענע ייִדישע אויסגאַבעס אָדער ליטעראַרישע און קינסטלע־רישע אימפּרעזעס אין פּאַריז. ער האָט געהאַט אַ שאַרף אויג און אַ ראַפינירטן

חוש פאַר קונסט און מוזיק. און ער איז אַלע יאָרן געווען צוגעבונדן צו דער יִדישער קולטור און ליטעראַטור.

יחיאל ניימאַן איז פריִער פאַר אַלץ געווען אַ סאָציאַליסט און דערצו אַ יִדי־שער סאָציאַליסט און קודם־כל אַ קעמפערישער סאָציאַליסט מיט אַ ים פון ענערגיע פאַר פּאַרטייִשער און קולטורעלער טעטיקייט.

ווען ער האָט אויף זיך גענומען אויסצופירן אַ פּאַרטיי־אויפגאַבע אָדער שלי־חות, האָט מען שוין געקענט זיין זיכער, אַז ער וועט זי אויספירן בשלימות, וואָרום זעלטן ווער עס האָט געהאַט אין זיך אַזוי פיל עקשנות און אויסדויער, ווי ער. דערביי האָט ער שטענדיק געהאַט גענוג טאַקט און פאַרשטענדעניש פאַר די שוואַכ־קייטן פון אַ צווייטן און אין אַלע סיטואַציעס און ביי אַלע באַדינגונגען האָט ער נישט אַרויסגעלאָזט פון אויג דעם מענטש. די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט איז געווען דער ציל פון אַלע זיינע טואונגען. אונדזער דעמאָקראַטישער, הומאַניטאַרער סאָציאַליזם, נוסח לעאָן בלום, איז געווען דער עיקר און תמצית פון זיין געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט. יחיאל ניימאַן האָט מיט זיך געטראָגן אַ מין יום־טוב־דיקייט, עפּעס אַזוינס, וואָס עס האָט געהאַט אין זיך פּרצעס ר׳ שלמה. און דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל. האָט ער דאָך געהערט צו דעם דור, וואָס האָט גע־האַט דאָס גליק פּערזענלעך צו קענען פּרצן און אַפילו צו געניסן פון זיין תורה שבעל־פּה. צו די באַליבסטע טעמעס זיינע האָט טאַקע געהערט דאָס שאַפן פון י. ל. פּרץ. עס פלעגט טרעפן, אַז מיר פלעגן אין גרויס איילעניש דאַרפן פאַר־ענדיקן אַ נומער־צייטונג און די זעצערס האָבן געפאָדערט שורות, אָבער גראָד דעמאָלט האָט יחיאל ניימאַן זיך צעפלאַמט מיט זכרונות וועגן י. ל. פּרצן, אָדער וועגן די אַמאָליקע וואַרשעווער „קעסטל־אָוונטן״. דערביי האָט ער פון אויסנ־ווייניק ציטירט גאַנצע שטיקער פון פּרצעס ווערק. אַ רעוואָלוציאָנערער און הו־מאַניטאַרער סאָציאַליסט און אַ פּערעציאַנער, דאָס איז געווען אונדזער טייערער יחיאל ניימאַן.

אין אַלע סיטואַציעס איז ער דאָס געווען. אין יענע טראַגישע צייטן פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען איך פלעג פון אים באַקומען אַ בריוו פון פּאַריז, בריוו וואָס ער האָט געשריבן, בעת ער איז געלעגן אין אַ פּאַריזער שפּיטאָל, האָט ער צווישן די זאָרגן פאַר חברים אָדער פאַרלאַנגען און סוגעסטיעס, וואָס ער פלעגט מאַכן וועגן אונדזער אַרבעט, נישט פאַרגעסן אויך צו דערמאָנען וועגן אַ ליטעראַרישער דאַטע, וועגן אַ יאָרצייט פון אַ יידישן שרייבער אד״גל. סאָציאַליזם און יִדישע קולטור — דאָס איז געווען די אַטמאָספער אין וועלכער ער האָט

פאַרבראַכט זיין גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן, ביז זיין האַרץ, זיין נאָבל האַרץ האָט זיך ביי אים אָפּגעשטעלט. אין דעם זעלביקן גייסט האָט ער אויך געפירט זיין שטוב און דערצויגן זיין איינציקע טאָכטער, לענע. אין די טראַגישע מלחמה־יאָרן איז זיין פיזישער צושטאַנד שוין געווען זייער אַ שלעכטער. פונדעסטוועגן האָט ער־זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אַרבעט פון דער פּאַריזער גרופּע און איז גע־שטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אונדזער אָנפירנדיקן צענטער אין גרענאָבל און שפּעטער אין ליאָן. האָבנדיק אין פּאַריז אַזאַ „אַמבאַסאַדאָר“, ווי דאָס איז געווען יחיאל ניימאַן, זענען מיר געווען זיכער, אַז די בונדישע אינטערעסן וועלן דאָרט נישט פאַרזען ווערן.

זיין טויט איז פאַר אונדזער גאַנצער באַוועגונג געווען אַ גרויסער פאַרלוסט. פאַר מיר, פּערזענלעך, איז דאָס אַ וווּנד, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט לאָזן פאַרהיילן.

צו די סאַמע אַקטיווסטע אין פּאַריז האָבן דעמאָלט געהערט די חברים נאַטאַן און מרים שאַכנאָווסקי און ווען איך דערמאָן זיך זייער טעטיקייט אין יענער צייט, ווערט מיר וואַרעם אויפן האַרצן. זייער אַרבעט אין פּאַריז איז געווען אַ ברכה פון גאָט. די קיך פון „אַרבעטער־רינג“ האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע באַ־דייטונג, סיי באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, ווען צענדליקער און הונ־דערטער פאַמיליעס זענען תיכף געבליבן אָן חיונה און געדאַרפט אָנקומען נאָך געזעלשאַפטלעכער שטיצע און סיי די גאַנצע צייט פון דער מלחמה. זי איז גע־ווען אַ וויכטיקער הילף־צענטער. זי איז, אמת, נישט געווען די איינציקע. וויכ־טיקע הילף־צענטערן זענען אויך געווען: די קיך אויף רי רישע, די פון די לינקע פּועלי־ציון אויף רי בעראַנזשע, און לאָמיר אויך דערמאָנען די פּאַרצווייגטע טעטיקייט פון דער „קאָלאָניע סקאַלער“ אָדער רי אַמעלאָ, וואָס זענען געווען אַ גאָר וויכטיקע הילף־פּאָזיציע פאַר ייִדן אין יענע טראַגישע טעג.

ח׳ נאַטאַן און זיין פרוי האָבן טאָג און נאַכט געאַרבעט אין דער קיך און אַרום איר. באַזאָרגט אונדזערע מענטשן און אַפילו סתם ייִדן מיט דעם מעג־לעכסטן. מיר האָבן פאַרמאָגט אין אונדזער לאָקאַל אויף רי וויעי די טאַמפּל אַ ריזיקן אוצר: די 5 טויזנט ביכער פון אונדזער מעדעם־ביבליאָטעק ביים אַרבעטער־רינג. ראַטעווען די דאָזיקע ביבליאָטעק איז געווען די ערן־אויפגאַבע פון די שאַכנאָווסקיס.

חבר שאַכנאָווסקי, שוין דעמאָלט אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, האָט אָבער פאַרמאָגט ענערגיע פאַר צען יונגטלעכע. און נאָך מער ווי ענערגיע האָט

ער פאַרמאָגט אַ שטאַרקן כאַראַקטער מיט אַ געזונטן לעבנס־אינסטינקט און פאַר אַ ייִדיש פאָלקס־לידל האָט ער אַפילו דעמאָלט געקענט אַלץ אַוועקגעבן. אַ טיפּישער רוסישער ייִד, ריכטיקער, אוקראַיִנישער ייִד, מיט דער אומענד־לעכער רחבותדיקייט פון דעם רוסישן סטעפּ און זיין ליריש־ראָמאַנטישן קאָלאָ־ריט אין דער נשמה, האָט ער אַפילו אין די שווערסטע מאָמענטן, ווען די קיך און מיט איר די מענטשן זענען געווען באַדראָט, נישט פאַרלוירן דעם מוט און די גוטע שטימונג זיינע. דערביי האָט חבר נאָטאָן געהאַט שטענדיק גרויס פאַר־שטענדעניש פאַר פּאַרטיי־אַרבעט. זיין פרוי, חברטע מרים, איז געווען זיינס אַ געטרייע מיטאַרבעטערין. כאָטש אַליין פון עכט־דייטשער אָפּשטאַמונג, האָט זי גאָר גיך זיך אויסגעלערנט רעדן ייִדיש און געוואָרן זייער איבערגעגעבן דער הילף־ און רעטונגס־אַרבעט, וואָס דער „אַרבעטער־רינג" איז פּאַריז האָט געפירט.

אַלס „אַריערין" איז איר געווען לייכטער זיך צו באַוועגן איבער די שטובן, ווו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אונדזערע חברים און סימפּאַטיקער און זיי ברענ־גען הילף און טרייסט. און חברטע מרים איז געוואָרן אונדזערס אַ נאָענטער מענטש — פלייש פון אונדזער פלייש און ביין פון אונדזער ביין. מיר האָבן לחלוטין פאַרגעסן וועגן איר אָפּשטאַם און זי אַליין אויך. דאָס קינד, זייער איינציקס, האָבן די שאַכנאָווסקיס דערצויגן אין ייִדישן גייסט. זייער מיידעלע האָט אַרויס־געוויזן גרויסע אַרטיסטישע פעיִקייטן און עס איז געווען אַ נחת צו הערן אירע רעציטאַציעס אויף אונדזערע בונדישע שמחות. איצט געפינט זי זיך אין מדינת־ישראל און איז דאָרט געוואָרן אַ באַקאַנטע בינע־קינסטלערין.

צו אונדזער גרופּע אין פּאַריז האָט געהערט די חברטע העלען פּאָלאַקאָווא. נאָך אַ שטיק פאַר דער מלחמה איז זי, צוזאַמען מיט איר מאַן, פּאָלאַקאָוו, געווען זייער טעטיק אין דער פּאַריזער בונדישער אָרגאַניזאַציע. נאָכן טויט פון איר מאַן, האָט חברטע העלען, זיך ווייטער אָפּגעגעבן מיט אונדזער בונדישער אַר־בעט, באַזונדערס אויפן געביט פון אַרבעטער־רינג. אין די מלחמה־יאָרן האָט זי, צוזאַמען מיט די שאַכנאָווסקיס און מיט יחיאל ניימאַן אַ סך געטון אויפן געביט פון הילף־ און רעטונג־אַרבעט. אַ טיפּ פון די אַלטע רעוואָלוציאָנערן פון רוסיש־ייִדישן נוסח, איז זי אַלע יאָרן געבליבן געטריי און איבערגעגעבן צום „בונד" און געהאָלפן מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט אונדזער באַוועגונג. אירע באַציִונ־גען מיט עכט פראַנצויזישע קרייזן, האָבן געבראַכט אונדז אַ סך נוצן.

דער אַלטער חבר ווייצמאַן, אַ טיפּ פון אַ געטרייען בונדישן סאָלדאַט, נאָך

פון דער אַלטער היים, און זײַנע קינדער — אויך סאָציאַליסטן, האָבן דעמאָלט אַ סך מיטגעהאָלפן אין אונדזער אַרבעט אין פּאַריז.

צו די פֿרײַנט פון „בונד" אין פּאַריז האָבן אויך געהערט י. יאַקובאָוויטש און פּראָפעסאָר קיווילעוויטש.

י. יאַקובאָוויטש — איינער פון די אָנגעזעענסטע און טיכטיקסטע טוער פון דער קינדער־געזעלשאַפט „קאָלאָניע סקאָלער" (שפּעטער פּאָפּולער געוואָרן אונ־טערן נאָמען „רי אַמעלאָ"), וואָס איז געוואָרן אַ וויכטיקער צענטער פון ייִדישן ווידערשטאַנד אין פּאַריז, איז ביז אַ שטיק אין יאָר 1943 געווען טעטיק אויפן פּאַריזער באָדן און נישט איינמאָל ריזיקירט מיט זײַן פּערזענלעכער זיכערקייט. ער, צוזאַמען מיטן ראַפּאַפּאָרטן, זענען פּאַקטיש געווען די צוויי זײַלן פון דער הילף און ווידערשטאַנד־טעטיקייט, וואָס איז דעמאָלט געפירט געוואָרן אונטער דער נאָז פון דאַנעקער און זײַנע ייִדישע געהילפן: איזראַעלעוויטש און ביבער־שטיין.

„קאָלאָניע סקאָלער" אָדער „רי אַמעלאָ" האָט ענג צוזאַמענגעאַרבעט מיטן אַרבעטער־רינג און מיט די בונדישע טוער אין פּאַריז.

י. יאַקובאָוויטש איז נאָך אין די צאַרישע צײַטן געווען אַקטיוו אין „בונד", אין זײַן היימשטאָט לאָדזש, שפּעטער האָט ער פאַרלאָזט פּוילן און זיך באַזעצט אין פּאַריז.

אַלע זײַנע יאָרן אין פּאַריז, האָט ער אָבער נישט אויפגעהערט צו זײַן געז־זעלשאַפטלעך אַקטיוו, באַזונדערס אויפן קולטור־געביט. אַט דער לאַנגיאָריקער געזעלשאַפטלעכער סטאַזש זײַנער איז אים איצט, אין די אומלעגאַלע באַדינ־גונגען אונטער דער נאַציסטישער אָקופּאַציע, זייער שטאַרק צונוץ געקומען פאַרן ווייל פון די געררודפטע ייִדישע מאַסן. י. יאַקובאָוויטש האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן זייער פרײַנטלעכע באַציִונגען מיטן „בונד" און בונדיסטן און מיר פלעגן אויף אים קוקן, און מיט רעכט, ווי אויף אונדזערס אַ געטרײַען פרײַנט.

פּונקט אַזוי ווי אין אונדזער באַוועגונג אין פּאַריז איז צו יענער צײַט געווען די מאַרקאַנטסטע פּערזענלעכקייט די חברטע „איקאָ", אַזוי איז אויף „רי אַמעלאָ" געווען די צענטראַלע פּערזענלעכקייט דוד ראַפּאַפּאָרט.

מיט זײַן אַקטיוויטעט, מיט זײַן קאָלאָסאַלער ענערגיע און ממש העלדישן מוט, איז ראַפּאַפּאָרט אויסגעוואַקסן צו אַ לעגענדאַרער פּערזענלעכקייט אין יענ־נער טראַגישער צײַט. זײַן פאַרצווייגטע טעטיקייט האָט ממש אָנגעהויבן צו שטעכן די אויגן פון דעם אָקופּאַנט, באַזונדערס זײַן פאַבריקל פון פאַלשע דאָ־

קומענטן מיט וועלכע ראַפּאָרט פלעגט באַזאָרגן די יידן, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויף דעפּאָרטאַציע. די דייטשן האָבן אויף אַ מערדערלעכן אופן געמאַכט אַ סוף צו זיין אומלעגאַלער מסירת־נפשדיקער אַרבעט — צו זיין אַרבעט און אויך צו אים גופא.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין פּאַריז האָט געהאַט אַ ברייט פעלד פון טעטיקייט, אָפּהענגיק פון די באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט אין דער פראַנצויזישער הויפּטשטאָט. אויב אין אָנהייב פון דער מלחמה האָט מען נאָך געקאָנט פירן אַ האַלב־לעגאַלע טעטיקייט, און אַ געוויסע פּאָליטישע אַרבעט (אַרויסגעבן אויפרופן אד״גל.), איז אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן דאָס געוואָרן זייער און זייער באַשוועדט. אויב פריער האָט מען געקענט פירן אַ ברייטערע געזעלשאַפטלעכע הילף־אַרבעט, האָט מען שפּעטער אויך אויף דעם געביט זיך געמוזט באַגרענעצן.

נישט געקוקט אויף די אַלע געפאַרן און שוועריקייטן, איז דאָך אָנגעהאַלטן געוואָרן אין פּאַריז אַ פּאַרצווייגטע בונדישע טעטיקייט, ביז צו דער באַפרייונג.

עס זענען געווען פאַלן, ווען אונדזער קיך איז פאַרמאַכט געוואָרן און שפּעטער ווידער געעפנט געוואָרן. שטרענגע רעוויזיעס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן אין אונדזער לאָקאַל מער ווי איינמאָל. עס פלעגט זיך באַווייזן דער געשטאַפּאָוויעץ דאַנעקער מיט זיינע ברוינע יידעלעך, איזראַעלעוויטש און ביבערשטיין. זיי פלעגן דורכפירן אַ גרינטלעכע רעוויזיע אין לאָקאַל און שליסן די קיך. שפּעטער איז זי ווידער געעפנט געוואָרן. פאַרשטייט זיך, אַז די עסערס האָבן שוין געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק.

די רעפּרעסיעס קעגן „בונד״ און די אינסטיטוציעס פון אַרבעטער־רינג, האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד פון דעם מאָמענט, ווען עס איז אָנגעקומען קיין פּאַריז די סעקציע ס. ס. פאַר יידישע ענינים. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות, נישט בלויז אויף אונדזערע אינסטיטוציעס, נאָר אויך אויף אַלערליי אָרגאַניזאַציעס ווי, למשל, די קאָנסיסטאָריע „אַליאַנס איזראַעליט״, „דזשאָינט״ א״אַ, און נישט בלויז די אינסטיטוציעס האָט מען גערודפט, נאָר די דייטשן האָבן אויך געשטרעבט צו אַרעסטירן אַ גאַנצע ריי יידישע פערזענלעכקייטן.

אַ ספּעציעלן האָס האָבן די דייטשן געהאַט אויפן „אַרבעטער־רינג״, צוליב דעם אַטענטאַט פון דעם יידישן יונגנמאַן גרינשפּאַן אויף אַ באַאַמטן פון דייטשישן קאָנסולאַט אין פּאַריז. די דייטשן האָבן אַפילו געהאַט די חוצפה צו קומען

צו אונדז מיט אַ גאַנצער רשימה מיט נעמען פון אונדזערע חברים און געוואָלט מיר זאָלן זיי זאָגן ווי די דאָזיקע מענטשן געפינען זיך.

די דייטשן האָט, קאָנטיק, גאָרנישט געשמעקט, וואָס דער „בונד" אין פּאַריז האָט אַרויסגעגעבן פלוגבלעטלעך און אַנדערע אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז געווען געריכט קעגן דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט.

ווייסנדיק וועגן דער צוזאַמענאַרבעט פון „אַרבעטער־רינג" מיט דער „קאָלאָניע סקאָלער", האָט פּאָליציי אויך געמאַכט אַ רעוויזיע אין לאָקאַל פון די „רי אַמעלאָ".

ח' נאַטאַנען איז געלונגען אויף אַ וווּנדערלעכן אופן אָפּצוראַטעווען די מעדעם־ביבליאָטעק. ער האָט די ביכער אויסגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע און זיי פֿאַרדעקט מיט גרינוואַרג, וואָס ער האָט געהאַט פֿאַר דער קיך. די געשטאַפּאָווצעס האָבן בעת דער רעוויזיע זיך נישט געכאַפּט. שפּעטער האָט ער אַלע ביכער געפּאַקט אין קאַסטנס און אַראָפּגעשטעלט אין קעלער און צום גליק זענען זיי געבליבן גאַנץ ביז נאָך דער באַפרייונג.

אַן ערגערן גורל האָט געהאַט דער בונדישער אַרכיוו. פּ. קורסקי, דער פֿאַרדינסטפולער אַרכיוויסט פון „בונד", האָט דעם דאָזיקן אַרכיוו געראַטעוועט פון דייטשלאַנד און אים געברענגט קיין פּאַריז. אין פּאַריז האָט פּ. קורסקי דעם דאָזיקן אַרכיוו געהאַלטן אין אַ דירה אויף רי רעאָי. בעת ער איז אין 1940 אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, האָט ער איבערגעגעבן די זאַך אונדזערע חברים און מיר האָבן רעגלמעסיק געצאָלט דירה־געלט פֿאַר דער דאָזיקער דירה מיטן אַרכיוו. די דירה האָט זיך געפונען אין פּאַרטער פון אַ שטיל הויז. עטלעכע יאָר איז דאָס אַזוי אָנגעגאַנגען, ביז דער אַרכיוו איז אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין די הענט. זיי האָבן אויסגעליידיקט די דירה, אָבער שוין נישט באַוויזן אוועקצופירן דעם אַרכיוו קיין דייטשלאַנד און צוזאַמען מיט אַ סך אַנגערויבט ייִדיש האָב און גוטס איז ער געבליבן אויפן לאַגער אין פּאַריז. נאָך דער באַפרייונג האָבן אונדזערע חברים ראפאל און דינה ריבאַ אָנגעהויבן זוכן דעם אַרכיוו אין די מאַגאַזינען פון אָנגערויבטן ייִדישן אייגנטום און דאָרט האָבן זיי אים טאַקע געפונען. דאָס איז געווען אַ קאָלאָסאַלער געווינס, ווייל דער אַרכיוו שטעלט מיט זיך פֿאַר אַ ריזיקן אוצר פֿאַר דער ייִדישער היסטאָרישער וויסנשאַפט און קודם־כל פֿאַר דער געשיכטע פון אונדזער באַוועגונג.

נאָך אין די פינצטערע אָקופּאַציע־יאָרן, האָבן מיר אָפּט געטראַכט וועגן גורל פון אַרכיוו און געוואָלט עפּעס טון, כדי אים צו ברענגען אין אַ מער זי־

כערן פלאַץ. מיר האָבן געהאַט פּלענער וועגן עוואַקוירן אים אין דער פּראָווינץ. אָבער עס איז געווען אַ צו ריזיקאַלישע אונטערנעמונג, ווייל עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן אַ גרויסן טראַנספּאָרט פון ביכער, צייטשריפטן און אַנדערע דרוק־זאַכן. זענען מיר דעריבער געווען געצוווּנגען אים צו לאָזן אויפן אָרט.

איצט, ווי באַוווּסט, געפינט זיך דער אַרכיוו אין אַמעריקע, אין דעם פּרעכ־טיקן אַטראַן־בנין אין ניו־יאָרק. ווען מען זאָגט אונדז דעמאָלט, אַז דער אַרכיוו וועט געפונען אַזאַ גוטן מקום־מנוחה, וואָלטן מיר דאָס אויפגענומען מיט אַ סך סקעפּטיציזם. מיר האָבן, בכן, געהאַט מזל: סיי דער בונדישער אַרכיוו און סיי די מעדעם־ביבליאָטעק זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן!

# אונדזער באַציִונג צום „איזשיף״

די חברים פון פּאַריז זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ גאַר הארבן פּראָבלעם: זייער באַציִונג צום „איזשיף״, וועלכער האָט, אויפן סמך פון אַ ווישי־דעקרעט, איבערגענומען אונטער זיין אויפזיכט אַלע עקזיסטירנדיקע יידישע הילף־אינסטיטוציעס.

איך געדענק די בריוועלעך פון אונדזער חבר נאַטאַן צו אונדזער צענטער אין ליאָן אין וועלכע ער האָט געוואָלט וויסן אונדזער מיינונג וועגן דער באַציִונג צום „איזשיף״. ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אויסמיידן צו האָבן מיט אים וועלכע נישט איז מגע־ומשא. מיר האָבן מיט אים מסכים געווען.

אין דער יידישער געזעלשאַפט זענען דעמאָלט געווען צוויי מיינונגען: איינע פאַר אַן אָפענער און לעגאַלער צוזאַמענאַרבעט מיטן „איזשיף״, און אַ צווייטע — קעגן אַזאַ צוזאַמענאַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז די וואָס זענען געווען פאַר אַזאַ צוזאַמענאַרבעט זענען נישט אַרויסגעגאַנגען פון דער הנחה, אַז מען מעג און מען דאַרף מיטאַרבעטן מיט די דייטשן און מיט די פראַנצויזישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן. זיי האָבן באַגרינדעט זייער באַציִונג צום „איזשיף״ מיט ריין פּראַקטיש־אוטיליטאַרע מאָטיוון: אין די אינטערעסן פון די יידישע מאַסן, כדי זיי צו העלפן, איז מען געצוווּנגען מיטצואַרבעטן מיטן „איזשיף״. זיי האָבן גאַנץ גוט געוווּסט, אַז מיטאַרבעטן הייסט, נישט נאָר נעמען ביים שונא, נאָר אויך ווערן פון אים אויסגענוצט.

עס האָט זיך פאַר אונדז געשטעלט די זעלבע פראַגע, וואָס פאַר די יידן אין מזרח־אייראָפּע: וואָסער באַציִונג זאָלן מיר האָבן צו די יודנראַטן. ווייל „איזשיף״ איז געווען אַ מין פראַנצויזישע אויפלאַגע פון די יודנראַטן אין פוילן. אמת, נישט מיט די זעלבע קאָמפּעטענצן, רעכטן און פליכטן, ווייל יידן אין

פראַנקרייך האָבן נישט געלעבט אין קיין גערטאָס, אָבער דאָך מיט אַ ריי ענלעכע פונקציעס. אַ באַשטעטיקונג, אַז מען איז אָנגעשטעלט ביים „איזשיף", האָט אויף אַ געוויסער צייט געהאָלפן צו קענען זיך פריי באַוועגן און איז דערווייל געווען אַ שוץ־מיטל קעגן דעפּאָרטאַציע. דער „איזשיף" האָט באַקומען אַ טייל פון די פאָנדן פאַר זיין טעטיקייט, וואָס האָבן געשטאַמט פון די צוגערויבטע יידישע פאַרמעגנס און פון די דאָזיקע פאָנדן פלעגט ער אויך שטיצן יידישע הילף־אָרגאַניזאַציעס. דאַקעגן זענען אין די לאָקאַלן פון „איזשיף" פאָרגעקומען אָפטע אַבלאַוועס, פון ווו מ'האָט דעפּאָרטירט אַ סך אומגליקלעכע יידן, וואָס האָבן דאָרט געזוכט אונטערשטיצונג. „איזשיף" האָט צוגעזאָגט אַרויסצוגעבן די רשימה פון די יידן, וואָס האָבן ביי אים גענומען אונטערשטיצונג און דערפאַר האָבן יידן זיך אָפּגעזאָגט צו געבן זייערע נעמען אין „איזשיף" בעתן באַקומען שטיצע.

איך האָב באַקעמפט דעם געדאַנק פון צוזאַמענאַרבעט מיטן „איזשיף", ווייל איך האָב אים באַטראַכט ווי אַן אינסטרומענט אין די הענט פון די נאַציס און די ווישי־לייט קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז מען דאַרף נישט באָיקאָטירן דעם „איזשיף" און די אינסטיטוציעס, וואָס שטייען אונטער זיין קאָנטראָל, נאָר זיי אויסנוצן פאַר אונדזערע צילן. אויסנוצן, אָבער זיך נישט אידענטיפיצירן מיט די יידישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן. שפּעטער זענען אַ ריי יידישע הילף־אינסטיטוציעס, ווי למשל, די קיכן אין פּאַריז מיט געוואַלט פאַרכאַפּט געוואָרן דורכן „איזשיף".

# אַ טרויעריקע נאַכט

מען איז שוין נישט געווען מער זיכער מיטן היינט און מיטן מאָרגן. „אָרט" האָט געהאַט נאָך אַ פאַרם, וואָס איז געלעגן מיט עטלעכע קילאָמעטער נעענטער צו דעם שטעטל ווילנעוו, ווי לאַראַש. אַ טייל פון אונדז איז דאָרט אַריבערגעגאַנגען וווינען. מיט דעם האָט זיך לחלוטין נישט געביטן אונדזער לאַגע.

מיר האָבן אויף אונדזערע פאַרטיי־גרופעס באַטראַכט די ניי־געשאַפענע לאַגע און געזוכט מיטלען ווי אַזוי זיך צו באַשיצן קעגן די אַנטיסעמיטישע פאַר־אָרדענונגען פון דער ווישי־רעגירונג, וואָס האָבן איצט געדראָט מיט פיזישער פאַרניכטונג. מיר זענען אויך געווען אָן די געהעריקע געלט־מיטלען און אָן פאַפירן, וואָס וואָלטן אונדז דערמעגלעכט אויסצומיידן די נאַציסטישע רדיפות קעגן אויסלענדער־ייִדן.

עס האָט זיך געשטעלט פאַר אונדז די דרינגנדיקע אויפגאַבע צו באַזאָרגן זיך מיט פאַלשע פראַנצויזישע פאַפירן און געפינען אַ גוטן פלאַץ, ווו זיך אויסצור־באַהאַלטן, דעמאָלט ווען די לאַגע וועט שוין ווערן גאָר קריטיש. עס איז שוין געוואָרן קלאָר, אַז די „אָרט"־קאָלאָניעס זענען נישט מער קיין שוץ־מיטל. פאַר־קערט, מען דאַרף זיין וואָס ווייניקער קאָנצענטרירט אויף איין אָרט. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס, ווען עס זענען צווישן אונדז אויך געווען פאַמיליעס מיט קליינע קינדער? האָבן מיר באַשלאָסן, אַלס פרעווענטיוו מיטל, נישט צו שלאָפן אין די צימערן, כדי אויסצומיידן אַ פלוצימדיקע ביינאַכטיקע אָבלאַווע פון זשאַנדאַרן.

צווישן די זשאַנדאַרן פון דעם שכנותדיקן שטעטל פעץ זענען געווען גוטע מענטשן, קעגנער פון ווישי־רעזשים און די האָבן אונדז צוגעזאָגט באַצייטנס צו אינפאָרמירן וועגן אַן אָבלאַווע אויף אונדזער פאַרם, און אויב זיי וועלן זיין

געצוווּנגען צו קומען צו אונדז, וועלן זיי זיך מאַכן קיינעם נישט זעען. מיין מיי־נונג איז געווען, אַז מען דאַרף נישט האָבן קיין צוטרוי צו זשאַנדאַרן און זיך אַליין ראַטעווען, ווי דאָס איז נאָר מעגלעך.

איך אַליין האָב מיר אויסגעבויט אַ באַהעלטעניש אויף איבערנעכטיקן, כדי אויסצומיידן אַן איבעדפאַל פון די זשאַנדאַרן. בייטאָג איז נישט געווען אַזוי גע־פערלעך, ווייל מיר האָבן זיך געפינען אין פעלד און געקענט אַנטלויפן, אויב די זשאַנדאַרן וועלן אויף אונדז נישט שיסן.

די לאַגע איז אָבער געוואָרן אומדערטרעגלעכער מיט יעדן טאָג. היינט וואָלטן מיר יענעם צושטאַנד באַצייכנט ווי אַ נערוון־קריג. פון פּאַריז זענען אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעות וועגן די שרעקלעכע אָבלאַוועס — „ראַפלעס" — בעת וועלכע מען האָט צענדליקער טויזנטער ייִדן, מענער, פרויען און קינ־דער אויף אַ באַרבאַרישן אופן אַרויסגעשלעפּט פון זייערע וווינונגען און גע־שיקט קיין דראַנסי. פּיטיוויע, באָן־לאַ־ראָלאַן און קאַמפּיען זענען שוין פון פריִער געווען די פאַרקערפּערונגען פון גרויל און שרעק פאַר די אויסלענדישע ייִדן.

וואָס טון? ווי אַזוי אויסמיידן דעם טראַגישן גורל? ווי אַזוי זיך ראַטעווען? — וועגן דעם האָבן אַלע געטראַכט גאַנצע טעג. געבליבן איז דער איינציקער אויסוועג, אַז יעדער איינער זאָל זוכן פאַר זיך אַ באַהעלטעניש ביי אַ באַקאַנטן פּויער, אָדער פאָרן קיין ליאָן, ווו עס האָט עקזיסטירט אַ בונדישע גרופּע, און דאָרט געפינען פאַר זיך אַ מקום מקלט.

געבן יענעם אַן עצה, וואָס צו טון, איז געווען גאָר שווער אין אַזאַ סיטואַ־ציע, ווייל דאָס האָט באַטייט נעמען אויף זיך אַ געוויסע מאָראַלישע אחריות פאַרן לעבן פון צווייטן. איך האָב נאָר געקענט אַ צווייטן זאָגן, וואָס איך אַליין טראַכט צו טון, דאָס מיינט, אַז אויב ער וויל, זאָל ער אויך דאָס זעלביקע טון.

איך מיט מיין פרוי זענען עטלעכע טעג אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל ווילנעוו און געזוכט דאָרט אַ פּלאַץ פאַר זיך ביי פּראַנצויזן. געווען דאָרט אַ פּראַנצויז, אַ שלאָסער און אַ ביבל־פאָרשער, וועלכן מיר האָבן באַקענט דורך אונדזער פריינט באַרווין־פּרענקל, וואָס האָט אויך געוווינט אין ווילנעוו מיט זיין פאַמיליע. דער דאָזיקער ביבל־פאָרשער, אַ זייער פיינער מענטש, האָט אויס־געהערט אונדזער בקשה און דערוייל אָנגעהויבן מיט אונדז צו דיסקוטירן וועגן דער ביבל. ער איז געווען אַ גאָר שטאַרקער אָנהענגער פון נביא חבקוק און מיט ציטאַטן פון אים, האָט ער אונדז געוואָלט באַווייזן, אַז עס דערנענטערט זיך שוין דער סוף פון דער הערשאַפט פון טייוול... ער איז גרייט געווען צו געבן אונדז

אַ פּלאַץ ביי זיך, אָבער מיר האָבן פון דעם רעזיגנירט. עס איז געווען אַ געפאַר, אַז מען וועט אונדז ביי אים גאָר גיך דערקענען אַלס פרעמדע און ייִדן.

אַ סך צייט פאַרלירן האָבן מיר שוין נישט געקענט און מיר — איך און נאָך צוויי חברים: אַבענדשטערן און גזשיב, ביידע פון בעלגיע — האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די „אָרט"־פאַרם.

די לעצטע פאַרטיי־גרופּע איז פאַרגעקומען אין מיין צימערל און ווי עס האָט אויסגעזען די געזעגענונג מיט די חברים איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן. מיר האָבן דאָך אַ לענגערע צייט געלעבט צוזאַמען ווי איין פאַמיליע און איצט האָט יעדער געמוזט אויף אייגענער ריזיקע זוכן פאַר זיך אַ רעטונג און ווער ווייס, ווי אַזוי עס וועט אויסזען די דאָזיקע רעטונג.

מיר האָבן דעמאָלט געזעען פאַר זיך דריי אויסוועגן, אַזוי האָבן מיר געגלויבט: אויסבאַהאַלטן זיך ביי די פּויערים, פאָרן קיין ליאָן, אָדער זיך אַנגאַזשירן אין דעם פראַנצויזישן פרעמדן־לעגיאָן. אַבענדשטערן, גזשיב און איך האָבן באַשלאָסן זיך איינצושרייבן אין פרעמדן־לעגיאָן מיט דער אויסרעכענונג זיך אַריינצוקריגן קיין צפון־אַפריקע און פון דאָרט זוכן אַ וועג צו דער פרייער וועלט.

מיר האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט ביים פאַרוואַלטער פון דער „אָרט"־פאַרם, אַ פראַנצויזישער ייִד לעווי, און אים מיטגעטיילט אונדזער באַשלוס. ער האָט יעדן פון אונדז געגעבן אַ געוויסע סומע געלט אויפן וועג און זיך מיט אונדז געזעגנט.

די שטימונג איז געווען ביי אַלעמען אַ זייער געדריקטע. ביז שפּעט אין אָוונט זענען מיר אַלע צוזאַמען געזעסן, חברים און פריינט און יעדער איז געווען באַהערשט פון אַ שווער געמיט. וואָס וועט זיין? צי וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל זען? צי וועלן מיר איבערלעבן דעם נאַציסטישן מאָנסטער און דערזען פאַר זיך די פרייהייט?

נאָך עטלעכע מינוט און מיר פאַרלאָזן די פאַרם, ווייל עס איז שוין נאַכט און מיר דאַרפן מאַכן אַ דרייסיק קילאָמעטער, כדי באַלד אינדערפרי צו זיין אין דער שטאָט אזשען, וווּ עס האָט זיך געפונען די ווערבירביוראָ פאַר די פרייוויליקע. געלאָזט אין וועג אַריין האָבן מיר זיך אָן באַגאַזש, ווייל דאָס קען דאָך אַרויסרופן אַ חשד ביי אַ פּאַטרול פון זשאַנדאַרן אָדער פּאָליציי.

מיין פרוי האָט מיך אַרויסבאַגלייט אויפן שאָסיי. פאַר אונדז — אַ גלייכער אַספאַלט־וועג; איבער אונדז — אַ גרויסע, קאַלטע און שווייגנדיקע לבנה.

איך האָב נישט געפרעגט מיין פרוי, וואָס וועט זיין מיט איר און ווי לאָז איך זי איבער? איך האָב נישט געהאַט קיין ענטפער און קיין ווערטער פון דערמו־טיקונג און שטאַרקונג פאַר איר. אַז זי זאָל מיטגיין מיט מיר — האָט נישט געהאַט קיין שום זין און בלייבן אויפן אָרט איז ווידער געווען שלעכט. וואָס טון? און אַזוי זענען מיר געשטאַנען אויפן שטילן, קאַלטן שאָסיי אין אַ שפעט־זומער נאַכט. צוויי פון די מיליאָנען יידן, וואָס זענען שוין געווען פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג.

— צי וועט מען אויך איבער אונדז אויספירן דעם אכזריותדיקן אורטייל? איך האָב געפילט, אַז צוריקגיין אויף דער פאַרם טאָר איך נישט. איך מוז אַוועק פון דעם אָרט וואָס ווייטער. עס איז די 12טע שעה. גיין ווייטער, אָבער וואָס טון מיט מיין פרוי? זי וועט בלייבן און וואָס וועט זיין מיט איר? צי וועל איך זי נאָכאַמאָל זען? ווי וועל איך בכלל קענען זיין רויק, נישט וויסנדיק, וואָס מיט איר איז געוואָרן? עס איז נישט געווען ביי מיר דאָס געפיל פון אַ מאָביליזירטן סאָלדאַט, בעת ער געזעגנט זיך מיט זיין פרוי, ווען ער גייט אויפן פראָנט. איך בין נישט געגאַנגען קעמפן, נאָר זיך ראַטעווען, טאָ פאַרוואָס נישט זוכן אויך פאַר איר אַ רעטונג?

זי מיטנעמען קען איך דאָך נישט, ווייל איך וויל גיין אין פרעמדן־לעגיאָן. בלייבן מיט איר, וועל איך דערמיט איר אויך נישט העלפן. האָב איך זיך געשיידט מיט דער האָפענונג, אַז זי וועט זיך אויך ראַטעווען...

אין אַ ביז־גאָר געדריקטער שטימונג האָב איך זיך מיט מיין פרוי געזעגנט. דעם גאַנצן וועג, וואָס מיר האָבן אַדורכגעמאַכט די דאָזיקע נאַכט, האָב איך זי געזען פאַר מיינע אויגן. זי איז געשטאַנען פאַר מיר מיט איר טרויעריקן בליק, פול מיט פאָרוווּרפן.

מיר דריי זענען געגאַנגען מיטן שאָסיי שווייגנדיקע. קאָנטיק, אַז אַבענד־שטערן האָט דאָס זעלביקע איבערגעלעבט וואָס איך, ווייל אויך ער האָט אי־בערגעלאָזט זיין פרוי אין דעם זעלביקן צושטאַנד.

דרייסיק קילאָמעטער האָבן מיר געמאַכט אין אַ וועלכע 5 שעה און זענען אָנגעקומען אין דער פאָרשטאָט פון אַזשען ווען עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן.

אין אַזשען האָבן מיר געהאַט אונדזער חבר שראַגער, וואָס האָט דאָרט גע־וווינט מיט זיין פרוי. זענען מיר צו אים געגאַנגען.

חבר שראַגערס פרוי האָט דעמאָלט געשוואַנגערט. ער אַליין איז געווען אַז

אַנטלאָפענער פון אַ דייטשן געפאַנגען־לאַגער און דערצו איז ער געקומען קיין פראַנקרייך פאַרן יאָר 1936.

פעטענס משרתים האָבן געלאָזט וויסן, אַז די דאָזיקע קאַטעגאָריעס יידן וועט מען נישט טשעפּען. שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, ווי פאַלש די דאָזיקע פאַרזיכערונגען זענען געווען. אגב, האָט שראַגער נישט געגלייבט אין די אַלע אילוזיעס און איז נישט געשלאָפן ביי זיך אין שטוב, נאָר ביי באַקאַנטע פראַנצויזן.

נאָך אַ נאַכט גיין האָבן מיר זיך אָביסל ביי אים אָפּגערוט און עפּעס איבערגעביסן. ער האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז עס קומען פאַר אין שטאָט אָבלאַוועס אויף יידן און אַז ביי אים איבערנעכטיקן וועט זיין זייער געפערלעך, ווייל אויף ער ריכט זיך אויף אַ „באַזוך". צו אונדזער פּלאַן וועגן איינשרייבן זיך אין פרעמדן־לעגיאָן האָט ער זיך באַצויגן סקעפּטיש.

מיר האָבן דעם טאָג פאַרבראַכט אין אַזשען און זיך געגרייט צו דער ווערביר־קאָמיסיע. דער דריטער צווישן אונדז, גזשיב, איז געווען, מיט אַ פיזישן פעלער און עס האָט נישט געהאַט קיין שום זין, אַז ער זאָל זיך שטעלן צו דער מעדיצינישער קאָמיסיע. מיר האָבן נישט געהאַט וווּ צו שלאָפן און שראַגער מיט זיין פרוי האָבן אונדז באַגלייט צום טייך, וואָס פליסט הינטער דער שטאָט, כדי דאָרט צו געפינען פאַר אונדז אַ פאַסיק אָרט איבערצונעכטיקן אונטערן פרייען הימל. מען האָט אָבער געדאַרפט זיין זיכער, אַז די לבנה וועט די נאַכט נישט לייכטן, כדי מען זאָל אונדז נישט באַמערקן ליגנדיק אונטער אַ בוים ביים שאָסיי.

מידע פון אַזאַ וועג האָבן מיר זיך איינער נאָכן צווייטן אַוועקגעלייגט אונטער אַ בוים און זיך צוגעדעקט מיט אונדזערע מאַרינאַרקעס. מיר זענען געלעגן אַ וועלכע 20 מעטער פון שאָסיי.

איך האָב אָבער נישט געקענט איינשלאָפן, ווייל אַלעמאָל האָב איך געזען, ווי דער שאָסיי ווערט באַלויכטן פון די אַדורכפאָרנדיקע מאָטאָריזירטע ביציקלעטן, אויף וועלכע עס זענען געזעסן זשאַנדאַרן און פּאָליציאַנטן אין אייזערנע קאַסקעס. זיי זענען געפלויגן איבערן שאָסיי אַהין און צוריק. און יעדעס מאָל האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ציטער. ווען זיי באַמערקן אונדז זענען מיר פאַרלאָרן.

און אַזוי זענען מיר געלעגן אַ גאַנצע נאַכט. וואָסערע קאָשמאַרע בילדער האָב איך נישט געזען פאַר מיינע אויגן?

פוילן און דער אומקום פון מיינע עלטערן, די צעשטערטע היים מיינע, וואָס

איז מיט מיין קינד אין לאַנדאַן? דער עיקר האָב איך געטראַכט וועגן מיין פרוי: איר בליק האָט מיך נישט צורו־געלאָזט.

ליגן אויף דער הוילער ערד איז נישט אַזוי שלעכט, ווען מען געפינט אַ גלייכן אויבערפלאַך. מיין געלעגער איז גראָד געווען אויף אַ נישט־גלייך שטיקל ערד און איך האָב געמוזט אַלעמאָל ענדערן מיין פּאָזיציע. נישט איך, נאָר מיין האַנט, וואָס האָט געדינט פאַר מיין קאָפּ־קישן איז אַלעמאָל איינגעשלאָפן געוואָרן.

מיינע חברים, אָבענדשטערן און גזשיב האָבן אויך נישט בעסער געהאַט. צום גליק האָב איך געהאַט ביי זיך פּאַפּיראָסן און דאָס האָט מיך אַביסל באַרויִקט.

שיין איז דער אויפברוך פון פרימאָרגן, ווען די נאַטור הייבט אָן זיך צו וועקן פון שלאָף, ווען עס דערהערט זיך דער ערשטער געשריי פון אָן איבער־געשראָקענעם פויגל און די ביימער־שפּיצן הייבן אָן צו גרויען. דאָס אַלץ איז זייער שיין, ווען עס שווידערט נישט פון קעלט און ווען מען טראַכט נישט מיט מורא, וואָס דער נייער טאָג קען ברענגען.

מיר האָבן זיך אויפגעשטעלט פון אונדזערע „געלעגערס” און ערשט דער־פילט ווי אויסגעמאַטערט אונדזערע אברים זענען. מיר זענען אַוועק אין דער ווערבירונגס־ביוראָ און דאָרט האָט מען אונדז, מיך און אָבענדשטערנען, עק־זאַמינירט צי מיר זענען קערפּערלעך געזונט, און מען האָט באַשלאָסן אונדז צו שיקן קיין מאַרסייל, ווו עס האָט זיך געפונען דער הויפּט־צענטער פון פרעמדן־לעגיאָן. מיר זענען געבליבן עטלעכע שעה אין דעם ווערביר־צענטער און שפּע־טער האָט אונדז אַ זעלנער אָפּגעפירט צו דער באַן, וואָס גייט־אָפּ קיין מאַרסייל.

# אַנשטאָט קיין צפון־אַפריקע – אין קאָנצענטראַציע־לאַגער

אויפן וועג צום וואָקזאַל האָט אונדז אָפּגעשטעלט אַ געשטאַפּאָ־אַגענט. ער האָט דערקענט, אַז מיר זענען ייִדן, האָט ער געוואָלט אונדז אַרעסטירן. מיר האָבן געמיינט, אַז איצט זענען מיר פאַרלוירן. דער סאָלדאַט האָט זיך, צום גליק, ענערגיש אַנטקעגנגעשטעלט דעם אַגענט און נישט געוואָלט אונדז אַרויסגעבן און מיר זענען בשלום אָנגעקומען אויפן וואָקזאַל. מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצע נאַכט און אינדערפרי האָט אונדז דער סאָלדאַט צוגעשטעלט צו דער מיליטע־רישער קאָמאַנדאַטור אין מאַרסייל און מיר זענען געווען זיכער, אַז מיר וועלן געשיקט ווערן קיין צפון־אַפריקע און במילא פריי ווערן. מיר האָבן אויך גע־פּלאַנעוועט אַראָפּצונעמען דאָרט אונדזערע פרויען.

אין די קאַזאַרמעס אין מאַרסייל האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף פרייוויליקע פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן אויך. מיר האָבן דאָרט אָפּגעגעסן און זיך אַביסל אויסגערוט נאָך די שווערע נעכט.

איך האָב זיך באַמיט צו וויסן צו טון די חברים אין מאַרסייל, אַז מיר זענען דאָ און עס איז געקומען אונדז באַזוכן ד״ר באַנטשעוווסקי, אַן אַלטער בונדיסט און אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער פון פאַריז, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַרסייל, ווי אַ סך אַנדערע פאַריזער, און איז דאָ געווען געזעלשאַפטלעך ווייטער טעטיק. ער האָט אונדז איבערגעגעבן אַ פּעקל שפּייז און אַ ביסל געלט.

צו אונדזער איבערראַשונג, האָט מען אונדז אַנשטאָט קיין צפון־אַפריקע, אָפּגעשיקט אין לאַגער, אַ 20 קילאָמעטער ווייט פון מאַרסייל.

אַן אומגליק! מיר זענען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, ריכטיקער געזאָגט,

אין אַ לאַגער פון וואַנען עס גייען־אָפּ יעדן טאָג טראַנספּאָרטן מיט ייִדן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אַז מען שיקט אויף פאַרניכטונג — וועגן דעם האָבן מיר נאָך דעמאָלט נישט געוווסט.

ריזיקע באַראַקן, פאַרלייגט מיט טויזנטער מענטשן, מענער, פרויען, יוגנט־לעכע און קינדער. מענטשן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן און פון פאַרשיי־דענע לענדער.

אַ טומל, אַ שמוץ, אַן ענגשאַפט, אַ שרעק! עס ווערט ביטער אויף דער נשמה.

צוליב דעם געלאָזט שטיין מיין פרוי אויפן שאָסיי? צוליב דעם פאַרלאָזט די „אָרט״־קאָלאָניע?

די ווישי־באַנדיטן האָבן פשוט אונדז אַריינגענאַרט אין זייערע נעצן. אַנט־לויפן פון דאַנען איז שוין נישטאָ קיין מעגלעכקייט. און עס גייען אָפּ טראַנס־פּאָרטן יעדן טאָג. איך האָב מיך אָנגעהויבן צוגעווינען צום געדאַנק, אַז ס׳איז פאַרפאַלן, איך בין אין דער פּאַסטקע און עס האָט זיך מיר דערמאָנט דעם דייטשן לאַגער אין אַלטדאַם, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון דאָרט האָב איך געדאַרפט רעפּאַטריִירט ווערן קיין מאָסקווע, ווו עס האָט אויפגעפלאַקערט די סאָציאַליסטישע וועלט־רעוואָלוציע. דעמאָלט בין איך געווען יונג און פול מיט ענטוזיאַזם און האָפענונג וועגן דער צוקונפט פון דער אַרבעטנדיקער מענטש־הייט און היינט בין איך אויך אין אַ לאַגער, אָבער היינט וועט מען מיך נישט רע־פּאַטריִירן, נאָר דעפּאָרטירן. היינט דראָט די וועלט באַהערשט צו ווערן פון דעם באַרבאַרישסטן רעזשים, וואָס די מאָדערנע געשיכטע האָט נאָך אַזאַ נישט געזען.

צי שטייען מיר נישט אַמאָל ערבֿ דעם אונטערגאַנג פון ר׳ער גאַנצער ציוויליִ־זירטער מענטשהייט? — האָב איך זייער אָפט ביי זיך געטראַכט.

ביינאַכט זענען געשטאַנען ייִדן איבער זייערע וואַליזקעס און געפּאַקט זייערע זאַכן און ווערטפולע חפצים און צירונג. כ׳האָב זיך צוגעקוקט אין האַלב־טונקלקייט צו זייערע נערוועזע באַוועגונגען פון די הענט און פון גאַנצן קערפּער. „צו וואָס פירט איר מיט זיך אייערע ווערטזאַכן? האָב איך זיי געפרעגט. די פראַנצויזישע ווישי־מיליץ, צום ערשט, און די דייטשע געשטאַפּאָ דערנאָך, וועט דאָס אַלץ ביי אייך צונעמען, ווען זיי וועלן קאָנטראָלירן אייערע באַגאַזשן. גיט בעסער אָפּ דאָס געלט פאַר די ייִדישע הילפס־קאָמיטעטן, זאָלן זיי געניסן פון אייערע פאַרמעגנס״.

עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, מ׳האָט באַהאַלטן אין די באַגאַזשן און אויף זיך וואָס מען האָט נאָר געקענט.

מיט יעדן טאָג האָט זיך דערנענטערט אונדזער ריי דעפּאָרטירט צו ווערן.

אין מיין אונטערבאַוווסטזיין האָט אויפגעטויכט אַ שטיקל האָפענונג, אַז איך וועל נישט אומקומען, אַז היות ווי איך בין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעטער און פיזיש געזונט, קען איך אַמאָל, אַ דאַנק דעם, איבערהאַלטן די שרעקלעכע צייט. די דייטשן קענען מיך שיקן אויף אַרבעט אין אַ דאָרף און דאָס קען מיר געבן אַ שאַנס אויסצומיידן דעם אומקום.

פון דער אַנדערער זייט האָב איך זיך פסיכיש אויך צוגעגרייט דערצו, אַז ס'איז מעגלעך איך זאָל שוין נישט אַרויס קיין לעבעדיקער פון דער דאָזיקער פאַסטקע און אַז עס איז געקומען דער מאָמענט אונטערצופירן אַ סך־הכל, צו מאַכן אַ מין חשבון־הנפש פון מיין גאַנץ לעבן. פאַר וועמען? פאַר קיינעם נישט, פאַר זיך אַליין. עס איז גוט אַוועקצוגיין פון דער וועלט מיט אַ קלאָרן חשבון. אפשר איז די דאָזיקע אינערלעכע באַדערפעניש געקומען ביי מיר דערפאַר, ווייל דער מענטש אין דעם דאָזיקן לאַגער איז געווען אַזוי ווערטלאָז און נישטיק אין די אויגן פון די, וואָס האָבן מיט אים דיספּאָנירט? און אפשר איז דאָס געווען אַ ריין־מאָראַלישע באַדער־פעניש, אַן אַ פאַרוואָס?

אין מיין לעבן האָב איך שוין אַ סך מאָל געהאַט גרויס מזל. תמיד, אין די סאַמע קריטישסטע מאָמענטן איז פאַר מיר געקומען אַ הילף.

אַזוי איז דאָס געווען, בעת איך האָב אַמאָל געשמוגלט די סאָוועטיש־פּוילישע גרענעץ און בין פאַרהאַלטן געוואָרן פון אַ פּוילישער מיליטערישער וואַך. עס האָט דעמאָלט געהערשט אויסנאַם־צושטאַנד און זי האָט געהאַט אַ רעכט מיך צו שיסן; אַזוי האָט פּאַסירט אַ צווייט מאָל מיט מיר, ווען כמעט אַלע מיינע נאָענטע חברים, זענען אין רוסלאַנד אומגעקומען אַלס „שפּיאָנען" און איך האָב צופעליק אויסגע־מיטן זייער גורל. איך האָב נישט געזוכט צו בלייבן אין מאָסקווע און באַצייטנס איבערגעריסן מיטן סטאַליניזם. און אַזוי וועט דאָס אפשר אויך מיט מיר פּאַסירן בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין פראַנקרייך.

מיין חבר אָבענדשטערן האָט זיך צופעליק דערוווּסט, אַז אָנגעשטעלטע ביים „אָרט", „אָזע" און אַנדערע אינסטיטוציעס, וואָס זענען אָנגעשלאָסן אין „איזשיף", באַפרייט מען פון לאַגער. איך האָב זיך זייער סקעפּטיש באַצויגן צו דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע. אבענדשטערן האָט זיך אָבער ענערגיש גענומען צו דער זאַך און צו מיין איבערראַשונג האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז געווען גערעכט. מיר האָבן באַקומען פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע באַפרייונגס־שיינען.

דאָס איז געווען אַרום 11 אַזייגער אין אָוונט. ס'איז געווען אַ פינצטערע נאַכט און מען האָט אונדז געראָטן איבערצונעכטיקן אין לאַגער און אינדערפרי זיך לאָזן

אין וועג אַריין. איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן תיכף־ומיד אַרויס פון לאַ־גער, ווען אַפילו עס זאָל אונדז אויסקומען צוגיין צו פוס אין דער פינצטערער נאַכט די 20 קילאָמעטער פון לאַגער ביז מאַרסייל. מאַלע, וואָס עס קען פּאַסירן? טאָמער רופט מען אָפּ אונדזערע באַפרייונגס־צעטלען?

איך האָב געוווסט, אַז קיין איין מינוט טאָרן מיר נישט בלייבן לענגער אין לאַ־גער. און מיר האָבן זיך שפּעט אין דער נאַכט געלאָזט אין וועג אַריין. אויפן וועג, אין דער פינצטערניש, האָבן אויף אונדז אַ לייכט־געטון טאַשן־לעמפּלעך. זשאַנדאַרן האָבן אונדז לעגיטימירט, אָבער מיר זענען געווען זיכער מיט אונדזערע באַפרייונגס־שיינען. אין מאַרסייל האָבן מיר זיך אויך נישט לאַנג אַרומגעדרייט און גענומען דעם וועג צוריק קיין אַזשען.

צוערשט — צוריק אויף דער „אָרט״־פאַרם צו אונדזערע פרויען, מיט דער גוטער בשורה. וואָס עס וועט זיין ווייטער, ווענגן דעם האָב איך אין דעם מאָמענט נישט געוואָלט טראַכטן. דערווייל בין איך פריי און קען לעבן אַ געוויסע צייט אויף דער „אָרט״־קאָלאָניע. די פרייהייט פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ צויבער־קראַפט, אַז זי באַלעבט דעם מענטש מיט אַ נייער קראַפט. עס זינגען אין אים אַלע אברים און עס ברויזט מיט לעבנס־ווילן און עס שטראַלט אויס פון אים גוטסקייט. פרייהייט! נישטאָ נאָך אַזאַ וווּנדער־קראַפט אין דער נאַטור און צוליב איר איז ווערט געווען, אַז די וועלט זאָל באַשאַפן ווערן. אָבער נישט בלויז דעם יחיד אַליין באַצויבערט זי, נאָר דעם גאַנצן אַרום.

ווי ליב איז איצט פאַר מיר געווען דער זעלביקער אַספאַלט־שאָסיי, וואָס האָט זיך אַציינד געטונקען אין דער זון, ווי זיכער האָב איך אים איצט געפילט אונ־טער מיינע פיס. מיט גאָר אַנדערע אויגן האָב איך איצט געזען די זעלביקע טאָפּאָלעס אויף ביידע זייטן וועג און העלער און פריילעכער האָבן מיר איצט אויסגעזען די ברייטע פעלדער, כאָטש זיי זענען שוין געווען פּוסט. נאָך די אָראָפּ־גענומענע תבואות. מיט וואָסערע שווערע געפילן האָב איך זיך מיט זיי געזעגנט. און ווען איז דאָס געווען? אַ וועלכע 8—10 טעג צוריק, און עס דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז געווען שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג... איך דערנענטער זיך צו דער פאַרם. דער הונט, מיין אַלטער פריינט, באַפאַלט מיך מיט גרויס פרייד און לאַש־טשעט זיך צו מיינע פיס. אַלטער, גוטער פריינט! ווען ער וואָלט געקענט רעדן און דערציילן...

פון בריקל זע איך אויף די לאָנקעס די זעלביקע בהמות. זיי קוקן מיך אָן מיט זייערע תמימותדיקע בליקן און באַוועגן די עקן. פאַר זיי האָט זיך גאָרנישט

געענדערט. די זעלביקע שניי־ווייסע הינער און העגער מיט צונטער־רויטע קאַמען אויף די קעפּ. אויף מיין רוף לויפן זיי זיך צוזאַמען. געמיינט, אַז איך גיב זיי עפּעס. הינער זענען נאַריש און מער ווי די קאַריטע פאַרשטייען זיי נישט. „דער אייזל קען די קאַריטע פון זיין באַלעבאָס".

נאָר די פערד פון שטאַל האָבן עפּעס אויף מיר געקוקט מיט גרויסע, טרויע־ריקע אויגן און אויסגעצויגן צו מיר זייערע מאָרדעס.

אומגיין מיט די פערדלעך איז געווען אבענדשטערנס ספּעציאַליטעט. ער האָט מיט זיי געאַרבעט און זיי געפּאַשעט. מיר האָבן זיך באַוויזן פאַר דעם פאַר־וואַלטער, מעסיע לעווי און זיין פרוי, זיי זענען געווען איבערראַשט פון אונדזער וויזיט. מיר האָבן זיי אַלץ בקיצור דערציילט און זיך געפרעגט אויף אונדזערע פרויען.

מיין פרוי האָט דורכגעמאַכט אַ געפאַרפולע עפּאָפּייע. פאַרלאָזט די „אָרט"־פאַרם, צוליב דער געפאַר נישט געגומען צו ווערן פון די דייטשן, האָט זי זיך געלאָזט אין וועג אַריין אָן אַ ציל, נישט וויסנדיק ווו זיך אַהינצוטון. געגאַנגען ווו די אויגן האָבן געטראָגן מיט נאָך עטלעכע דייטשע יידן פון דער פאַרם. געגעבּ־טיקט אין וואַלד און ווען די דייטשע יידן, פאַרצווייפלטע פון דער דאָזיקער וואַנ־דערונג, האָבן זיך שוין געוואָלט אונטערגעבן און זיך צושטעלן צו די דייטשן, האָט מיין פרוי זיי שטאַרק דערפון אָפּגערעדט און דאָס האָט געהאָלפן.

געיאָגט ווי אַ ווילדע חיה, האָט מיין פרוי אויפן וועג געטראָפן אַ פּוילישן פּויער, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט נישט־ווייט פון דער „אָרט"־קאָלאָניע „לאַראָש". ער איז געווען אַ דאָקטער־מעדיצין און אַ טיף־גלייביקער קאַטאָליק. מיין פרוי און די פרוי פון אָבענדשטערן, וואָס איז מיט איר אַוועק אין וועג אַריין, האָבן וועגן דעם נישט געוווסט און זיך צו אים געווענדט מיט דער בקשה, אַז ער זאָל זיי צו זיך אַריינגעמען, זיי זענען יידישקעס און מוזן זיך איצט אויסבאַהאַלטן. דער פּאָליאַק, זיין נאָמען איז זוואַלאַקאָווסקי, האָט זיי אין פּשוטע ווערטער געענטפערט: „איך בין אַ קאַטאָליק, מסתמא וויל אייך גאָט באַשיצן דורך מיר, איך האָב נישט קיין מורא, אַז מיר וועט עפּעס דערפאַר פאַ־סירן מצד די דייטשן. קומט צו מיר, איך טו דאָס פאַר קריסטוסן. איר קענט בלייבן ביי מיר ווי לאַנג איר ווילט. ביי מיר וועט אייך גאָרנישט פּאַסירן". און די צוויי פרויען האָבן געפונען אַ פּלאַץ ביי דעם דאָזיקן נאָבעלן פּאָליאַק. ער האָט געהאַט אַ פרוי, אַ פראַנצויזין, אַ מוזיקערן און צוויי יונגע זין, זייער נאָבעלע קינדער. זוואַלאַקאָווסקי האָט נישט פּראַקטיצירט אַלס דאָקטער. נאָר

געאַרבעט אויף דער פאַרם, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער, ווי איינפאַכע פויערים. געלעבט האָט ער זייער באַשיידן און זיך געפירט ווי אַ טיף־גלייביקער קאַטאָליק. ער האָט געהאַט אַ רייכע ביבליאָטעק אין דער פוילישער און פראַנ־צויזישער שפּראַך און פלעגט ביי איר פאַרברענגען אין די אָוונטן. דאָס איז גע־ווען אַ רויקע שטוב פון אַן אינטעליגענטער, אַרבעטסזאַמער פויליש־קאַטוי־לישער פאַמיליע.

די וואָלאַקאָווסקיס און זייערע קינדער האָבן די ביידע פרויען אַרומגערינגלט מיט וואַרעמקייט. מיין פרוי האָט צוגעהאָלפן אין דערווירטשאַפט און אַרום דער ווירטשאַפט. חברטע אַבענדשטערן איז געווען אַ שניידערין פון פאַך און האָט געניים פאַר דער פאַמיליע. עס איז נאָך געווען אַן אַלטיטשקע מוטער פון דער פרוי וואָלאַקאָווסקאַ, אַ פראַנצויזין, וואָס האָט געטרייסט די אומגליקלעכע ביי־אַנגעקומענע געסט, מיט איר וואַרעם מענטשלעך וואָרט. די פאַרם האָט זיך גע־פונען וויים פון די אַרומיקע פויערים און מען האָט זיך געקענט אויף איר אויס־באַהאַלטן. איך האָב באַזוכט מיין פרוי און עס איז געווען וועגן וואָס זיך אָנצו־דערציילן. אָבער וואָס ווייטער ?

דערווייל איז געוואָרן אַביסל רויקער מיט דעם כאַפּן יידן. די פראַנצויזישע באַאַמטע פון דער גמינע אין פּען און ווילנעוו, האָבן זיך נישט אַזוי שטאַרק גע־מיט אויסצופירן די אַנטי־יידישע געזעצן פון דער ווישי־רעגירונג און פון קסאַוויע וואַליאַ, דעם קאָמיסאַר פאַר יידישע ענינים, אָדער זיין שפּעטערדיקן פאַרטרע־טער דאַרקיע פעלפּואַ.

בין איך דערווייל געבליבן אויף דער „אָרט"־פאַרם און מיין פרוי ביי די וואָלאַקאָווסקיס. איך האָב אָבער אָנגענומען נאָך שטרענגערע פאָרזיכטס־מיט־לען. זיך געמאַכט אַ געלעגער אין אַ בוידעם־שטיבל און דעם אַריינגאַנג אַזוי פאַרקאָנספּירירט, אַז אין פאַל פון אַ נאַכט־אָבלאַווע זאָל מען מיך נישט געפינען. איך האָב צום טירל פון צימערל אָנגעקלאַפּט אַ שענקל מיט פּאָליצעס און אויף זיי אָוועקגעשטעלט קיך־זאַכן, אַזוי אַז עס האָט זיך גאָרנישט געמערקט, אַז דאָס איז גאָר אַן אַריינגאַנג־טיר. אייגנטלעך איז דאָס נישט געווען קיין צימערל, נאָר אַ שמאָלע לאָך מיט אַ פּיצעלע דאַך־פענצטער, קוים פאַר אַ געלעגער. אַזוי האָב איך דאָרט פאַרברענגט עטלעכע וואָכן מיינע נעכט. ביי טאָג איז מען שוין געווען מער זיכער, ווייל די פראַנצויזן וואָלטן גלייך מיטגעטיילט, אַז עס קומען אַן זשאַ־דאַרן און מען וואָלט געקענט פאַרשווינדן.

דאָס איז אָבער בלויז געווען אַ קורצע אָטעם־פּויזע, ווייל עס האָבן זיך ווייטער געמערט די פאַלן פון כאַפּן אויסלענדישע ייִדן און זיי אָפּשיקן אין די לאַגערן און דערנאָך אויף דעפּאָרטאַציע און דער באַפרייונגס־שיין פון לאַגער איז שוין נישט געווען מער קיין גענוגנדיקער שוץ־מיטל. איך בין געווען אַ ייִד פון אויסלאַנד און דאָס איז געווען אַ גענוגנדיקע סיבה, מען זאָל מיך, אָן אַ פאַרוואָס דעפּאָרטירן. דאָס זעלבע איז אויך געווען נוגע מיין פרוי און אַלע אַנ־דערע פון אונדזער קרייז. יעדן טאָג זענען געפאַלן קרבנות. פון אונדזער גרופּע האָט מען צוגענומען די פאַמיליע זילבערבערג, אַ יונג פּאָרפאָלק פון בעלגיע מיט אַ פּיצעלע קינד, אַ מיידעלע, מרים. צוזאַמען מיט דער גרופּע בונדיסטן איז ער אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך, בעת די דייטשן זענען אַריין קיין בעלגיע.

אַרויסבאַקומען די זילבערבערגס פון לאַגער איז געווען אַ גאַר שווערע זאַך, ממש אַ האָפענונגסלאָזע אונטערנעמונג, כאָטש דורכן „אָרט" האָט מען פּרובירט פאַר אים צו אינטערווענירן, אָבער דאָס קינד זייערס האָט מען געמוזט פאַר יעדן פּרייז ראַטעווען.

מיין פרוי האָט ממש נישט געקענט רוען. מיר האָבן וועגן דעם לאַנג גע־טראַכט און געשמועסט ווי אַזוי די קליינע אַרויסצונעמען פון לאַגער. די עלטערן האָבן דאָס אויך אומבאַדינגט געוואָלט. מיין פרוי איז געלונגען צו געפינען די געהעריקע פאַרבינדונגען מיטן פּערסאָנאַל פון לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען נישט־ווייט פון ווילנעוו און אַ דאָקטער און קראַנקנשוועסטער פון לאַגער האָבן מסכים געווען דאָס קינד אַרויסצוגעבן אונטערן פּרעטעקסט, אַז עס איז פאַרשווונדן. די זילבערבערגס האָבן געהאַט ביי זיך עטלעכע הונדערט דאָלאַר און זיי האָבן דאָס געלט אַרויסגעגעבן דעם אַגראָנאָם פון „אָרט", שאָמבערג, אַז ער זאָל דאָס געלט האַלטן פאַר דער קליינער מרים.

מיין פרוי האָט געהאָלפן די קליינע מרים איינאָרדענען ביי אַ פראַנצויזישער פרוי און במילא געבראַכט דאָס קינד אונטער אַ זיכערן דאַך. די זילבערבערגס האָט מען דעפּאָרטירט און זיי זענען שוין,ליידער, מער נישט צוריקגעקומען.

נישט אַזוי גרינג איז אָבער דעמאָלט אָנגעקומען צו ראַטעווען דאָס קינד. מיט וויפיל מי און אומרו די דאָזיקע אונטערנעמונג איז דאַן געווען פאַרבונדן! אָבער מיין פרוי האָט געקעמפט פאַר דער קליינער מרים מיט אַן אויסערגעוויינ־לעכער ענערגיע און קוראַזש. ראַטעווען אַ ייִדיש קינד פון אַ זיכערן אונטער־

גאַנג, — די דאָזיקע אויפגאַבע האָט זי אײַנגאַנצן באַהערשט און ווי גליקלעך איז זי געווען, ווען די קליינע מרים איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון די תלינימס לאַפּעס.

דאָס לעבן אויף דער „אָרט״־פּאַרם איז געוואָרן מיט יעדן טאָג אומרויִקער׳ מען האָט זיך געמוזט גוט אַרומקוקן אַלע מאָל צי עס דערנענטערט זיך נישט עפּעס אָ פּאַרדעכטיקע סילועטקע אויפן שאָסיי אָדער איבער די פעלדער און ביינאַכט האָט מען מיט מורא זיך געמוזט אַריינגנבענען אין דער באַהעלטעניש.

# אין ליאָן

עס איז שוין געווען סוף 1942. די מלחמה פאַרשלעפּט זיך; עס מערקן זיך נאָך נישט קיין סימנים פון דער דייטשער מפּלה. ווי ביי יעדער מלחמה זענען אויך איצט געווען צוויי לאַגערן: איינער אַן אָפּטימיסטישער — היטלער וועט גאָר אינגיכן ליידן אַ מפּלה — און אַ צווייטער, וואָס האָט געהאַלטן, אַז איראָפּע איז פאַרלאָרן אויף לאַנגע יאָרן און מיר ייִדן אין דער ערשטער ריי.

אַרגומענטן פאַר און קעגן האָבן נישט געפעלט. איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן, אַז אין איראָפּעיִשן מאַסשטאַב קען היטלער געווינען די מלחמה, אָבער נישט אין וועלט־מאַסשטאַב. מיט דעם מאָמענט, ווען רוזוועלט האָט דערקלערט, אַז אַמעריקע איז דער אַרסענאַל פאַר דער דעמאָקראַטיע, איז פאַר מיר קלאָר געווען, אַז דער נאַציזם וועט ליידן אַ צעשמעטערנדיקע מפּלה. וואָס שייך אונדז ייִדן, קען אַמאָל פּאַסירן, אַז „ביז די זון וועט אויפגיין, וועט דער טוי אונדז די אויגן אויסעסן".

איך האָב דערפילט, אַז עס איז זינלאָז דאָ ווייטער צו זיצן אויף דער „אָרט"־פאַרם און פירן אַ לעבן פול מיט שרעק און אָן אַ ציל. אויב שרעקן זיך, טאָ זאָל כאָטש זיין צוליב וואָס און אויב אַריינפאַלן זאָל דאָס האָבן אַ באַרעכטיקונג. ליידן און קרבנות מוזן האָבן אַ זין. אַריינפאַלן דאָ אויף אַ פאַרם, אין אַ פאַרוואָר־פענעם ווינקל פון פראַנקרייך, און זיי נאָך איין מאַכטלאָזער קרבן פון דעם אַנטי־סעמיטישן קאַניבאַל, דאָס האָט מיר נישט געגעבן קיין רו.

מיר האָבן צווישן זיך אַ סך וועגן דעם גערעדט און מיין פרוי האָט אויך מסכים געווען, אַז איך זאָל פאַרלאָזן די פאַרם און פאָרן קיין ליאָן, וווּ עס האָט זיך צו יענער צייט געפונען אַ ייִדישער צענטער און אויך אונדזער בונדישער

צענטער. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז איך זאָל פאָרן דער ערשטער און שפּעטער וועט נאָכקומען מיין פרוי.

אין ליאָן האָט דעמאָלט (סוף 1942), געדאַרפט פאָרקומען אַ בונדישע קאָנפערענץ, האָב איך שוין אַזוי זיך איינגעאָרדנט, אַז איך זאָל אָנקומען צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ. דער וועג ביז ליאָן איז מיר בשלום אַדורכגעגאַנגען און אויפן וואָקזאַל פעראַש אין ליאָן האָט מיך אָפּגעוואַרט דער חבר ישראל גערטלער, וואָס איז געווען אַקטיוו אין אונדזער אַרבעט און מיך אַוועקגעפירט אויף אַ דירה קיין סאַן־דידיע, אַ שטעטעלע נישט ווייט פון ליאָן.

דאָס איז געווען די וווינונג פון חבר יאָסל שטאַרק, ער האָט שוין זינט אַ לענגערע צייט דאָרט געוווינט מיט זיין פרוי און קינד. יאָסל שטאַרק איז געווען אַן אַקטיווער בונדיסט נאָך פאַר דער מלחמה און געהערט זינט אַ ריי יאָרן צום פּאַריזער קאָמיטעט פון „בונד". זיין הויפּט־טעטיקייט איז פון שטענדיק אָן געווען פּראַקטישע אַרבעט. אַ שניידער־אַרבעטער פון פאַך, האָט ער פון דער סאַמע פרי־יעסטער יוגנט אָן געהערט צום „בונד" אין דעם שטעטל אין פּוילן, פון וואַנען ער האָט געשטאַמט. איצט, אין דער טראַגישער צייט איז ער ווידער געווען אַקטיוו און זיין שטוב אין סאַן־דודיע איז געוואָרן אַ בונדישער צענטער. זיין פרוי, בינע, אויך אַ חברטע, האָט פּאַקטיש געפירט ביי זיך אין שטוב אַ גאַנצן רעסטאָראַן, חברים האָבן ביי זיי געגעסן און פאַרבראַכט גאַנצע טעג. מען האָט דיסקוטירט און מען האָט געברענגט פּאָליטישע נייעס און זיך איבערגעגעבן, וואָס עס הערט זיך אין פּאַריז, און דאָס וואָרט פּאַריז האָט ביי יעדן אַרויסגערופן אַ געפיל פון טיפער בענקשאַפט. פּאַריז, אונדזער פּאַריז!

צי ביי שטאַרקן, צי מען האָט שפּאַצירט איבער די גאַסן פון סאַן־דידיע, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָ איז מען עפּעס זיכערער ווי אין דאָרף.

נישט בלויז בונדיסטן האָבן זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אין ליאָן און אין סאַן־דידיע, אויך די ציוניסטישע גרופּירונגען און אומפּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן צו יענער צייט זיך געפונען דאָרטן.

אין ליאָן, אויף דער גאַס סאַן קאָטערין, האָט זיך געפונען דער הילפס־צענטער פאַר די פּליטים פון פּאַריז.

דאָרט האָבן זיך יעדן טאָג קאָנצענטרירט צענדליקער און צענדליקער ייִדן, מענער, פרויען און קינדער. איינער האָט געדאַרפט מאַטעריעלע שטיצע, אַ צווייטער האָט געזוכט „גוטע פּאַפּירן", אַ דריטער — הילף פאַר זיין קראַנק קינד, אַ וווינונג אאַ"וו.

עס איז געווען אַ מין צווישן־פּאַרטייִשער אָדער אומפּאַרטייִשער הילפס־צענטער פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע יִדן און אונדזערע חברים האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין זיינע אַרבעטן.

יעקב פּעסקין, פּ. שראַגער, א. אַראָנאָוויטש, יאָסל שטאַרק, לייזער האָניגמאַן און אַנדערע, האָבן זיך באַמיט דורך דעם דאָזיקן הילפס־צענטער צו פאַרלייכטערן דעם גורל פון די נויטבאַדערפטיקע חברים און סימפּאַטיקער פון „בונד" און פון סתם יִדן, וואָס האָבן זיך צו זיי געווענדט.

אין לאָקאַל אויף סאַן קאַטערין האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שטיק פון דער יִדישער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1939 פאַר די איינגעוואַנדערטע מזרח־אייראָפּעיִשע יִדן.

מען האָט דאָ געטראָפן מענטשן פון פאַרשידענע סאָציאַלע שיכטן, אַרבעטער און אינטעלעקטואַלן. פרויען, וועמענס מענער עס זענען נישט צוריקגעקומען פון דער מלחמה, אָדער וועמעס מענער מען האָט דעפּאָרטירט פון פּאַריז מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און געזוכט הילף, פאַמיליעס מיט קינדער, וואָס האָבן זיך נישט געהאַט ווו אַהינצוטון, קינדער, טראַוריזירטע און נערוועיִשע, וואָס פון מורא, האָבן זיי נישט געוואָלט אויף אַ טריט פאַרלאָזן זייער פאָטער אָדער מוטער.

איך דערמאָן זיך אַ סצענע: עס קומט די ריי אויף אַ פאָטער מיט אַ ייִנגעלע אַריינצוגיין צום באַאַמטן אין דעם אויפנעם־צימער. דאָס ייִנגעלע וויל בשום אופן נישט בלייבן אויף דער זייט טיר. דער פאָטער בעט אים און עס העלפט נישט. דער קליינער האַלט זיך פעסט ביים פאָטערס מאַנטל און וויל אים נישט אָפּלאָזן. זאָגט דער פאָטער צום קינד: „בלייב דאָ, ווייל דרינען שניידט מען אויף בייכער". דאָס קינד האָט מורא באַקומען און געבליבן אויף דער זייט טיר...

דער לאָקאַל איז אַ גאַנצן טאָג געווען איבערפולט פון נויטבאַדערפטיקע און עס האָט אין אים געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. אין איין ווינקל האָט מען פאַרקויפט אַ „גוטע" שפּייז־קאַרטע, אין אַ צווייטן האָט מען געטוישט דאָלאַרן, אין אַ דריטן ווינקל — האָבן יוגנטלעכע געלאַכט אויפן קול און אַרומגעשטיפט.

ווי לאַנג וועלן זיי נאָך אַזוי לאַכן?

איך האָב דורך די חברים באַקומען אַ צימערל אויפן דריטן שטאָק ביי אַ פראַנצויזישער פרוי, מישו, אין סאַן־דידיע. מיין פרוי איז אַ ביסל שפּעטער צו מיר געקומען פון טולוז, ווו זי האָט זיך אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטער פון איר חברטע, לערנער, אַ פרוי פון אַ קריגס־געפאַנגענעם און עס

האָט זיך פאַר מיר אין ליאָן אַנגעהויבן אַ נייער פּעריאָד פון פּאַרטיי־טעטיקייט. עס איז געווען נאָוועמבער 1942. ביז דער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען סוף דעצעמבער 1942, האָב איך דערווייל געהאַט אַ געלעגנהייט זיך גענויער צו באַקענען מיט דער בונדישער טעטיקייט אין ליאָן און אין אַנדערע שטעט, ווי פּאַריז, מאַרסייל, גרענאָבל און טולוז.

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אומלעגאַלע פּאַרטיי פאַרזאַמלונגען אין פּריוואַטע שטובן, אויף וועלכע מיר האָבן אַ סך צייט געווידמעט דער הילפס־טעטיקייט, וואָס האָט דעמאָלט פאַרשלונגען דעם גרעסטן טייל פון דער פּאַרטיי־ענערגיע. אַ סך צייט האָט מען אויך פאַרלאָרן ביי דעם ראַדיאָ־קעסטל, פון וועלכן מיר האָבן אויפגעכאַפּט ידיעות פון לאָנדאָן און שפּעטער זיי קאָמענטירט.

די חברים, ווי בכלל אַלע פּאַריזער ייִדן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין ליאָן און אין די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן געלעבט אָן אַ סטאַבילער באַשעפטיקונג און מען האָט געהאַט גענוג צייט. דער הויפּט־אויסהאַלט־קוואַל איז געווען דאָס ביסל אָפּשפּאָרונג, וואָס יעדער האָט מיט זיך געבראַכט פון פּאַריז, אָדער מען האָט געלעבט פון מאָגערע אונטערשטיצונגען. שפּעטער האָט מען שוין אויך אָנגעהויבן צו־ביסלעך צו אַרבעטן יעדער אין זיין פאַך. צווישן בונדיסטן, ווי תמיד און אומעטום אין דער וועלט, הערשט אַ משפּחהדיקייט און קיינער האָט ניט געהונגערט. מען האָט געגעסן ביי אַ חבר אָדער חברטע און מען איז זיך צונויפגעקומען ווי משפּחה־מיטגלידער כמעט יעדן טאָג.

# מיט קייטעלעך אויף די הענט צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז געווען באַזאָרגן די חברים און סימפּאַטיקער פון אונדזער באַוועגונג מיט „גוטע" פאַלשע פּאַפּירן. עס קען הײַנט קלינגען ווי אַ וויץ „גוטע" פּאַפּירן, בעת מיר ווייסן שוין מיט וועלכע מיטלען און מעטאָדן די געשטאַפּאָ האָט זיך באַנוצט, כדי אויסצוכאַפּן די ייִדן און זיי אַוועקשיקן אין גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז בײַ די דײַטשן איז אַלץ געגאַנגען מיט אַן אָרדענונג, אַז די פאַרניכטונג פון אונדזער פאָלק איז פאָרגעקומען עטאַפּנווײַז, און מיט יעדן עטאַפּ איז געוואַקסן די אכזריות לגבי דער ייִדישער באַפעלקערונג.

סוף 1942 האָט נאָך געהאַט אַ באַדײַטונג, ווי אַ רעטונגס־מיטל קעגן די אָפּטע אָבלאַוועס אין גאַס, אַ „גוטער" פּערזענלעכער דאָקומענט. בעת מען האָט קאָנטראָלירט די פּערזענלעכע דאָקומענטן, האָט אַ גוטע קאַרט־ד'אידענטיטע (פּערזאָנאַל־אויסווײַז) און אָריגינעלע שפּײַז־קאַרטע געהאַט אַ באַדײַטונג און מען האָט געקענט אויסמײַדן אַ דורכפאַל. דאָס זעלביקע האָט אויך געגילט בעת אַ רײַזע אויף דער באַן, בײַם אַריבערגיין פון דער דײַטשער זאָנע אין דער פרײַער, בײַם אײַנמעלדן זיך אין דער מערי אד"גל.

„גוטע פּאַפּירן" צו יענער צײַט האָבן נאָך נישט געמיינט קיין פּאַפּירן אַלס געבוירענער פראַנצויז אָדער פראַנצויזקע. מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געטשעפּעט קיין ייִדן, פראַנצויזישע בירגער, וואָס שטאַמען פון דורות געבוירענע אין פראַנקרײַך און אויך אַפילו נישט קיין ייִדן פון מזרח־אייראָפּע, וואָס זענען געווען נאַטוראַליזירטע אַלס פראַנצויזישע בירגער. זיי האָבן נאָר געדאַרפט האָבן אויף

זייערע דאָקומענטן און שפּייז־קאַרטן דאָס שטעמפּעלע „זשוויף" (אַ ייד), אַ רויט שטעמפּעלע אויפן אָנגעזעעצסטע אָרט פון דאָקומענט. „גוטע" פּאַפּירן איז דע־מאָלט געווען אַ זייער וויכטיק פּראָבלעם. אַ חוץ דעם האָט דאָס אויך פּסיכיש גוט געווירקט. עס האָט באַרויִקט, געגעבן מער זיכערקייט, בעת מען איז גע־גאַנגען איבער דער גאַס אָדער זיך געפונען אין אַן עפנטלעכן לאָקאַל.

וואָס הייסט אָבער גוטע פּאַפּירן?

דאָס מיינט, אַז דער אויסלענדישער ייד, דאַרף האָבן אַ פּערזענלעכן דאָקו־מענט אַלס פראַנצויזישער בירגער און ער דאַרף זיין רעגיסטרירט אין דער מערי, ווו ער איז ווירקלעך אַרויסגעגעבן געוואָרן.

כדי צו באַקומען אַזאַ דאָקומענט אין דער מערי, דאַרף מען צושטעלן אַ נאַטוראַליזאַציע־אַקט, אין וועלכן עס זאָגט זיך, אַז די באַטרעפנדיקע פּערזאָן האָט אויפן סמך פון מלוכה־דעקרעט באַקומען די פראַנצויזישע בירגערשאַפט און זיין נאָמען פיגורירט אין דעם „זשורנאַל־אָפיסיעל" פון פראַנצויזישן יוסטיץ־מיניס־טעריום, וואָס דערשיינט פּעריאָדיש אין פּאַריז. האָט מען דאָס ערשטע געמוזט זיך באַזאָרגן מיט אַזאַ דעקרעט, אָדער מען האָט זיך אים געבאָרגט ביי אַ צווייטן און אַוועק אין דער מערי פון אַן אַנדער אָרט און דאָרט, אויף דעם סמך, אַרויס־גענומען אַ פּערזענלעכן דאָקומענט. מען האָט אויך געקענט אַרויסנעמען פון דער רשימה, אין דעם „זשורנאַל אָפיסיעל" אַ נאָמען (פאַרשטייט זיך: אַ יידישן), וואָס איז אין דעם און דעם יאָר נאַטוראַליזירט געוואָרן און אויף דעם נאָמען זיך מאַכן אַ פאַלשן דעקרעט. מען האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דער קאַנדידאַט אויפן געפעלשטן דעקרעט זאָל מער אָדער ווייניקער אַנטשפּרעכן די יאָרן פון דעם נאַ־טוראַליזירטן, וואָס פיגורירט אין דעם „זשורנאַל־אָפיסיעל" און אויך אַז זיין פאַמיליע־סיטואַציע זאָל זיין מער אָדער ווייניקער די זעלביקע.

דעם דאָזיקן „זשורנאַל־אָפיסיעל" פלעגט מען קענען געפינען אין די עפנט־לעכע פראַנצויזישע ביבליאָטעקן אין די גרעסערע שטעט פון גאַנצן לאַנד.

האָט מען שוין געהאַט דעם דעקרעט און דעם פּערזענלעכן דאָקומענט וואָס איז געווען אַ נאָרמאַלער, מחמת אַרויסגענומען פון דער מערי, האָט מען לייכט געקענט באַקומען אַן אָריגינעלע שפּייז־קאַרטע. דאָס איז אָבער נאָך געווען ווייניק. מען האָט אויך געדאַרפט האָבן אַ דעמאָביליזאַציע־שיין, פאַר די וואָס זענען געווען אין מיליטער־פליכטיקן עלטער און אַ קאַרטע מיט פונקטן אויף מלבושים און דער עיקר זיין איינגעמאָלדן אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ. ווער עס האָט שוין געהאַט אין קעשענע דאָס דאָזיקע פּעקל פּאַפּירן האָט זיך געפילט זיכער, ווייל

ייִדן, נאַטוראַליזירטע פראַנצויזישע בירגער, האָט מען נאָך דעמאָלט נישט גע־טשעפּעט.

עס זענען אָבער געווען אַ סך, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט לחלוטין פאַלשע פּאַפּירן.

האָבן זיך דעמאָלט געמערט די פאַבריקלעך פון פאַלשע פּאַפּירן און די פאַרשיידענע דאָקומענטן ווי אַ דעקרעט, אָדער דעמאָביליזאַציע־קאַרטע האָבן געהאַט זייער פּרייז. די פּרייזן זענען נישט געווען קיין סטאַבילע, אַמאָל העכערע און אַמאָל נידעריקע.

איך האָב געהאַט מזל. חבר גערטלער האָט געהאַט אַ שוואָגער, אַ ייִד פון פּוילן, וואָס איז געווען נאַטוראַליזירט און איז נאָך פאַר דער מלחמה געשטאָרבן. האָט ער מיר באַזאָרגט די פּאַפּירן פון זיין געשטאָרבענעם שוואָגער. דאָס מיינט דעם דעקרעט פון נאַטוראַליזאַציע און זיין מיליטער־ביכל. אויף דעם סמך האָב איך אַרויסבאַקומען אַן אָריגינעלן אינערלעכן פּאַס אָדער קאַרט־ד׳אידענטיטע מיטן שטעמפּעלע „זשיף״.

עס האָט נישט אויסגעמאַכט, וואָס די פרוי פון פאַרשטאָרבענעם מיט אירע קינדער האָבן געלעבט אין דער זעלביקער שטאָט ליאָן, וואָס איך.

וואָס שייך מיין פרוי, האָט זי אויך געדאַרפט האָבן אַנדערע פּאַפּירן. אין אַ שטעטל דעמילין, נישט ווייט פון ליאָן, האָט מען געקאָנט אַרויסנעמען אין דער מערי אַ נאָרמאַלע קאַרטע, אויפן סמך פון די נייטיקע פּאַפּירן, וואָס מען האָט געדאַרפט צושטעלן. פאַר אַ פרוי איז דאָס אַרויסנעמען אין דער מערי אַן אידענ־טיטעט־קאַרטע געווען אַ סך לייכטער. זי האָט זיך אַפילו נישט געדאַרפט פּער־זענלעך צושטעלן. אין דער דאָזיקער מערי האָבן דער בירגערמייסטער און זיינע באַאַמטע געהאַט אַ שייכות צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און זיי האָבן אַן גרויסע שוועריקייטן אַרויסגעגעבן אַזעלכע פּאַפּירן.

מיין פרוי האָט נישט געהאַט קיין גרויס חשק אַליין צו גיין אין דער מערי און איך האָב מיך אונטערגענומען פאַר איר אַרויסצונעמען די קאַרטע.

אין אַ באַשטימטן טאָג, אין אַ נאָכמיטיק, בין איך אַריין אין דער מערי פון דעמילין און דאָרט האָב איך דעם באַאַמטן, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט דעם רעסאָרט, אָפּגעגעבן די דעקלאַראַציע וועגן אַרויסנעמען אַן אידענטיטעט־קאַרטע און אים אויך איבערגעגעבן אַלע נייטיקע פּאַפּירן און פאָטאָגראַפיעס. ער האָט נישט געשטעלט מער קיין שום איבעריקע פראַגעס, קאָנטיק זיך אַנגעשטויסן, אַז עס האָט צו טון מיט אַ „ספּעציפישן פאַל״ און מיך געהייסן קומען מאָרגן. איך

בין אַרויס אַ צופרידענער פון דער מערי. אַזוי גרינג און אַזוי גיך אַלץ דער־לידיקט און זיך געאיילט, וואָס גיכער אַנצוזאָגן מיין פרוי די גוטע בשורה.

אָבער ווען איך בין אַפּגעגאַנגען אַ וועלכע הונדערט מעטער פון דער מערי־געביידע האָב איך דערפילט הינטער מיר, וואָס אַמאָל אַלץ בולטער, האַסטיקע טריט. איך האָב זיך נישט אומגעקוקט. פלוצים באַפאַלט מיך אַ פּאָליציאַנט פון הינטן און בליץ־שנעל טוט ער מיר אָן קייטעלעך אויף די הענט. די גאַנצע סצענע האָט געדויערט סעקונדעס. איך בין געווען אַזוי שטאַרק איבערראַשט, אַז ביז איך בין געקומען צו זיך האָב איך שוין דערפילט, אַז מיינע הענט זענען געבונדן אין די קייטעלעך.

דער פּאָליציאַנט האָט מיר באַפוילן מיט אים צוריקצוגיין אין דער מערי, פון וואַנען איך בין ערשט אַרויס.

איך האָב צו אים קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט פון גרויס איבערראַשונג און ביי זיך געטראַכט: „מען האָט מיך געפּאַקט און איצט וועט זיך אַלץ אויפדעקן מען האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב פאַלשע פּאַפּירן, אַז פאַר מיין פרוי האָב איך אויך געוואָלט אַרויסנעמען אַזעלכע פּאַפּירן און איצט ליג איך שוין טיף אין דער אדמה. זעט אויס, אַז די מערי פון דעמעלין איז „פאַרשיט״ געוואָרן און מיר האָבן נישט געוווסט וועגן דעם.

אפשר הונדערט מעטער בין איך אַזוי געגאַנגען מיטן פּאָליציאַנט, אָבער וואָ־סער גאַנג איז דאָס פאַר מיר געווען. מען וועט נישט וויסן ווי איך בין אַהינגע־קומען און מיין פרויס עגמת־נפש און צער קען איך מיר פאָרשטעלן.

מען וועט נישט וויסן, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, ווייל קיינער אויפן וועג, האָט נישט געזען די דאָזיקע סצענע און קיינער זעט גראָד נישט ווי מען פירט מיך.

אויף אַ וועג פון אַ 100 מעטער די לענג קען מען אַמאָל מער איבערלעבן ווי אויף אַ לאַנגן טויזנט קילאָמעטערדיקן וועג.

דער פּאָליציאַנט האָט צו מיר קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט און איך האָב געפילט, אַז ס׳איז גאָרנישט מיט אים צו מאַכן.

מיר זענען אַריין אין דער מערי און ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ פּאָליציאַנט פון אַ העכערער ראַנגע. זעט אויס אַ קאָמיסאַר. ער האָט מיך געפרעגט צי איך בין דאָ ערשט געווען אין דער מערי. איך האָב אים געענטפערט, אַז יאָ. ער האָט זיך געהייסן ברענגען די פּאַפּירן, וואָס איך האָב אָקאָרשט איבערגעלאָזט און פאַר־לאַנגט פון מיר מיין פערזענלעכן דאָקומענט. ער האָט געקוקט אויף מיר און אין מיינע פּאַפּירן, אַזוי אפשר אַ מינוט און דערנאָך צו מיר געזאָגט: „איר קענט גיין,

ס׳איז געווען אַ טעות, מיר זוכן אַ מענטש וואָס איז ענלעך צו אייך, אַנטשולדיקט וואָס מיר האָבן אייך באַמיט..."

יאָ, ווען דער פּאָליציאַנט האָט מיך אַריינגעפירט צום קאָמיסאַר, האָט ער מיר אַראָפּגענומען די קייטעלעך פון די הענט. איך בין אַרויס פון דער מערי מיט אַזאַ געפיל ווי אַמאָל מיט יאָרן צוריק, ווען איך בין באַפרייט געוואָרן אויף דער סאָ־וועטיש־פּוילישער גרענעץ. לייכט ווי אַ פעדערל האָב איך זיך אַ לאָז־געטון קיין סאַן־דידיע, כדי צו דערציילן מיין פרוי און די חברים מיינע וועגן דער דאָזיקער איבערלעבעניש.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיינע חברים האָבן שוין וועגן דער דאָזיקער פּאַסירונג זיך דערוווּסט אויף אַן אַנדער אופן. די גאַנצע סצענע מיטן פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט נישט ווייט פון דער מערי, האָט צופעליק אָבסערווירט פון זיין פענצטער מיינער אַן אַלטער פריינט פון פּאַריז, לעאָן גדאַנסקי, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צום „בונד", און ער האָט וועגן דעם מודיע געווען מיינע חברים. מען האָט געמיינט, אַז כ׳בין שוין פאַרשוווּנדן.

עס האָט זיך איצט געשטעלט פאַר מיר די פראַגע, צי איך זאָל גיין נאָכאַמאָל אין דער מערי און אַרויסנעמען די קאַרטע, אָדער נישט. מיין פרוי איז געווען קעגן דעם, מורא־האָבנדיק פאַר נייע קאָמפּליקאַציעס, בעסער שוין דאָרט נישט גיין האָט זי געטענהט.

איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז אויב די קאַרטע האָט שוין מיך אַזויפיל נערוון געקאָסט, מוז איך זי אַרויסקריגן און וועל יאָ גיין.

נישט אָן אינערלעכן אומרו בין איך געגאַנגען צומאָרגנס אין דער מערי און אין דער אָנגעוויזענער שעה האָט דער באַאַמטער מיט אַ פריינטלעכן שמייכל אויפן פּנים מיר אַרויסגעגעבן די קאַרטע.

עס איז שוין אפשר ווערט געווען די גאַנצע סצענע, כדי צו זיין אַן עדות פון אַזאַ נאָבעלער האַנדלונג פון אַ פראַנצויזישן באַאַמטן.

ווי מיט אַ טייערן אוצר אין קעשענע בין איך שנעל אַהיימגעפאָרן מיט דער קאַרטע, אַן אָריגינעלע קאַרטע, אַ רעגיסטרירטע אין דער מערי מיט צוויי גרויסע ריכטיקע שטעמפּלען, וואָס האָבן דרייסט אַרויסגעשיינט פון איר. און דער עיקר: די סאַטיספאַקציע, אַז עס איז געלונגען צו דערגרייכן דעם ציל.

# איך ווער צוגעצויגן צו אַקטיווער פּאַרטיי־אַרבעט

אין דער ווילנער וווינונג פון יאָסל שטאַרק איז פאָרגעקומען די פּאַרטיי־קאָנפערענץ, וועלכע האָט געדויערט צוויי טעג מיט איבעררייסן. עס זענען אויסגעהערט געוואָרן באַריכטן פון די ערטער און מען האָט אַרומגערעדט די פּלענער וועגן דער ווייטערדיקער הילפס־טעטיקייט. יעקב פּעסקין וואָס איז נאָך געווען אַן אָנגעזעענער בונדישער טוער אין די צאַרישע צייטן, האָט נאָך פאַר דער מלחמה פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און געווען סעקרעטאַר פון אַ פּאַריזער סעקציע. ער האָט געהאַט אַ סך פאַרבינדונגען מיט דער אומלעגאַלער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס זעלבע אויך זיין פרוי חברטע פּעסקין. פּעסקין איז אויך געווען אונדזער פאָרשטייער אין די פאַרשיידענע ייִדיש־אַלגעמיינע קערפּערשאַפטן, צוערשט אין פּאַריז און שפּעטער אין דער פראַנצויזישער פּראָווינץ.

ער האָט דעריבער באַריכטעט וועגן דער טעטיקייט פון די חברים אין די אַלגעמיין־ייִדישע קערפּערשאַפטן. באַריכטן זענען אויך געווען וועגן דער טעטיקייט פון די חברים אין דער שווייץ. עס איז געווען סוף 1942, ווען היטלער האָט שוין געהאַט פאַראַטן זיין שותּף סטאַלין און במילא האָבן שוין די קאָמוניסטן איינגעלייגט וועלטן, כּדי צו שאַפן די איינהייט, די אַנטיפאַשיסטישע, מיט די אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיי האָבן ערשט נישט־לאַנג צוריק אַזוי שאַרף באַקעמפט.

אַרום דער דאָזיקער פראַגע זענען ביי אונדז געווען חלוקי־דעות. אַ טייל האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף גיין צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן, איצט קעמפן זיי מיטן נאַציזם, אאַ"וו. פאַר דער שטעלונג איז געווען אַ מערהייט.

איך האָב געהאַלטן, אַז אונטער קיין שום באַדינגונגען טאָר מען נישט גיין צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן; אַז די מלחמה מיט היטלערן האָט מען אָנגעוואָרפן

סטאַלינען קעגן זיין ווילן; אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט וועט ער ווידער פאַראַטן דעם קאַמף פון דער דעמאָקראַטיע און אַז אין באַצוג צו דעם דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם האָט זיך אויף קיין האָר דער סטאַליניזם נישט געענדערט.

עס האָט אָבער דעמאָלט, סיי ביי די ציוניסטן און סיי ביי די סתם ייִדן געהערשט אַ שטימונג צו גיין צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן און מער ווי קעגנשטעלן זיך האָב איך נישט געקענט. איך האָב אָבער געהאָפט, אַז די אַטמאָספער וועט זיך ענדערן און מען וועט זיך אַרומזען, ווער עס זענען די דאָזיקע אָנהענגער פון איינהייט. אויף ציוניסטן אָדער בונדיסטן האָב איך זיך נישט געוווּנדערט, וואָס זיי האָבן אילוזיעס בנוגע דעם קאָמוניזם (זיי האָבן נישט געקענט גרינטלעך די קאָמוניסטישע באַוועגונג און איר ווירקלעכע באַציִונג צו די סאָציאַליסטן), אָבער אויף געוויסע קאָמוניסטן האָב איך זיך שטאַרק געוווּנדערט און צו די אָנהענגער פון גיין צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט אויך געהערט אַזעלכע געוויסע קאָמוניסטן ווי יחיאל ניימאַן, פ. שראַגער, ש. באַרנשטיין א״אַנד.

פ. שראַגערס אַרגומענטן פאַר גיין צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן זענען געווען אין קורצן פאָלגנדיקע: א) די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי איז פאַר איינהייט מיט די קאָמוניסטן און אַזאַ איז אויך די שטעלונג פון דער גאַנצער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג; ב) די ייִדישע מאַסן וואָלטן נישט באַגריפן אונדזער אַנטי־איינהייט שטעלונג; ג) די איינהייט מיט די קאָמוניסטן וואָלט סוף כל סוף פאַרגעקומען אָן אונדז און קעגן אונדז און מיר וואָלטן פאַרשריגן געוואָרן אַלס „שפּאַלטער״ אד״גל.

פאַרשווערט מיין פּאָזיציע האָט דער פאַקט, וואָס אויך די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן.

אַלס דיסציפּלינירטער מיטגליד האָב איך זיך נישט געקענט עפנטלעך אַנטקעגנשטעלן דעם באַשלוס, אָבער ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך אין דער אָרגאַניזאַציע געקעמפט פאַר מיין שטאַנדפּונקט. די קאָנפערענץ האָט געטראָגן מער אַ פּראַקטישן אַרבעטס־כאַראַקטער און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ נייע אָנפירונג, עס איז אָבער לאַנג נישט באַשערט געווען דער דאָזיקער אָנפירונג צו זיין טעטיק.

מיר האָבן פאַרברענגט צוזאַמען דעם סילוועסטער פון 1942, לויט דער אַלטער פּאַריזער געוווינהייט, מיט קורצע פּאָליטישע רעדעס, געזונגען אַרבעטס־לידער, אָבער די אַטמאָספער איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערע, ווי אין די פאַר־

מלחמהדיקע צייטן אין פּאַריז. דעמאָלט האָבן מיר געהאַט דעם טראַדיציאָנעלן נײַ־יאָר באַל פון „אַרבעטער־רינג" אין אַ גרויסן פּאַריזער זאַל און אים פּאַר־ענדיקט אינדערפרי אין אַ פּאַריזער קאַפע.

דעם ערשטן יאַנואַר זענען מיר זיך נאָך צוזאַמענגעקומען אין אַן ענגערן קרייז מיט די חברים י. פּעסקין און זיין פרוי קלאַראַ און לייזער האַניגמאַן, י. שטאַרק א"אַנד.

מיר האָבן דעמאָלט נישט געטראַכט, אַז דאָס איז שוין אייגנטלעך דאָס לעצטע מאָל ווי מיר פאַרברענגען צוזאַמען.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אין פעברואַר איז פאָרגעקומען אַן אַבלאַווע אויפן לאָקאַל פון רי סאַן קאַטערין אין ליאָן און מען האָט פון דאָרט אַוועק־געפירט עטלעכע צענדליק מענטשן, צווישן זיי די ח"ח פּעסקין, האַניגמאַן, שטאַרק און אַ ריי אַנגעזעענע טוער פון דער „פעדעראַציע" און אַנדערע פּאַרטייען. דער דאָזיקער אַרעסט האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. פּ. שראַגער האָט געהאַט גרויס מזל, אַ דאַנק זיין קאַלט־בלוטיקייט און דרייסטקייט איז אים געלונגען זיך אַרויס־צודרייען פון די בלוטיקע לאַפּעס פון דער געשטאַפּאָ. ער האָט באַוויזן, אַז ער איז אַ קריגס־געפאַנגענער, וואָס איז אַנטלאָפן פון דייטשער געפאַנגענשאַפט און ער איז דאָ געקומען צופעליק זיך אינפאָרמירן וועגן אַן ענין און מען האָט אים אָפּגעלאָזט.

אַ חוץ אים האָבן זיך דעמאָלט געראַטעוועט פון דער געשטאַפּאָ: שולקלאַפּער, פון די פּועלי־ציון, די טאָכטער פון פרוי גאָטליב, פרוי וואַגמאַן און נאָך עטלעכע פּערזאָן. אַלע האָבן זיך געראַטעוועט אַ דאַנק די פאַלשע פּאַפּירן, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך אַלס נישט־יידן. עס איז געווען נאָך אין דער ערשטער צייט פון דער דייטשער הערשאַפט איבער דער פרייער זאָנע (פעברואַר 1943) און מען האָט זיך נאָך געקענט ראַטעווען מיט דער הילף פון פאַלשע פּאַפּירן.

די אַלע אַרעסטירטע האָט מען דעפּאָרטירט און קיינער פון זיי איז שוין ליידער מער נישט צוריקגעקומען.

פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע איז דאָס געווען אַ ביז־גאָר שפּירעוודיקער קלאַפּ, ווייל די אַרעסטירטע חברים האָבן געהערט צו די אַקטיווסטע פון אונדזער באַ־וועגונג. האָט מען געמוזט אויספילן דעם געשאַפענעם גרויסן בלויז און מען האָט מיך צוגעצויגן צו דער אָנפירונג פון אונדזער באַוועגונג.

ווי באַקאַנט האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין פראַנקרייך דריי זאָנעס. צפון־פראַנקרייך איז געווען באַזעצט פון די דייטשן, אַ פרייע זאָנע אונטער דער ממשלה

פון דער ווישי־רעגירונג און אַן איטאַליענישע זאָנע, צו וועלכער עס האָט געהערט דער דרום־טייל פון לאַנד מיט אַזעלכע שטעט ווי: ניצע, גרענאָבל א״אַנד.

אין דער איטאַליענישער זאָנע האָבן זיך ייִדן געפילט אומפאַרגלייכלעך פרייער ווי אין די אַנדערע זאָנעס. די איטאַליענישע אָקופּאַציע־מאַכט האָט נישט געפירט קיין אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק. פאַרקערט, אין אַ סך פאַלן האָט זי זיך אַפילו אַנט־קעגנגעשטעלט די אַנטיסעמיטישע רדיפות פון דער ווישי־רעגירונג, און זיין קאָמי־סאַריאַט פאַר ייִדישע ענינים. עס פלעגט פּאַסירן, אַז די איטאַליענישע מאַכט האָט באַפרייט ייִדן, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן דורך דער פּעטעניסטישער מיליץ און זיי גענומען אונטער איר שוץ.

דערביי האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל דער איטאַליעניש־ייִדישער באַנקיר דאָ־נאַטי, וועגן וועלכן מען האָט זיך אַנדערציילט פאַרשיידענע געשיכטעס מכח זיינע אויפטועך פאַר ייִדן. אַ פאַקט איז, אַז ער האָט געהאַט אַ צוטריט צו דער איטאַליע־נישער מיליטערישער קאָמענדאַטור און אַפילו צום איטאַליענישן אויסערן־מיניס־טער אין רוים און ער האָט אַ סך אויפגעטון פאַר ייִדן. עס האָט שוין אפילו געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל אַ געוויסע צאָל ייִדן אַריינלאָזן קיין איטאַליע און פון דאָרט זיי ווייטער לאָזן עמיגרירן אָדער זיי געבן רעכט צו בלייבן אויפן אָרט.

אין ניצע און אין גרענאָבל האָט זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט די טעטיקייט פון די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע גרופּירונגען.

פון גרענאָבל האָט מען אָרגאַניזירט טראַנספּאָרטן פון ייִדישע קינדער און גאַנצע פאַמיליעס קיין שווייץ. פון גרענאָבל און אַנדערע ערטער האָבן די ציוניסטן אָר־גאַניזירט זייערע טראַנספּאָרטן קיין ארץ־ישראל.

דער זיץ־אָרט פון צענטראַלן איינהייטס־קאָמיטעט איז געווען אין ליאָן און אין גרענאָבל האָט זיך אויך געפונען אַזאַ לאָקאַלער איינהייט־קאָמיטעט צו וועלכן עס האָבן געהערט אַלע פּאַרטייען און ייִדישע אָרגאַניזאַציעס.

מען איז געזעסן אין די קאַפעס גרופּנווייז סיי אין ניצע, אין גרענאָבל און אין אַנדערע שטעט פון דער איטאַליענישער זאָנע און מען האָט זיך אַפילו גרופּירט אויף דער גאַס. ביי דער פּאָסט אין גרענאָבל האָט מען געקענט יעדן טאָג טרעפן ייִדן, אַזוי ווי אַמאָל אין וואַרשע אויף די נאַלעווקעס אָדער אין לאָדזש אויף דער פּיעטריקאָווער גאַס און ווי אין קראָקע אויפן קוזמיר. ווער עס האָט געדאַרפט אַ פּאַפּירל, ווער אַ ברויט־קאַרטע, ווער אויסטוישן אַ דאָלאַר, ווער אַ וווינונג אד״גל., האָט דאָס געקענט באַקומען אין די קאַפעס אָדער אויף דער גאַס.

נאָכן שרעקלעכן קלאַפּ, וואָס מיר האָבן געליטן, האָבן מיר באַשלאָסן אַריבער־צוטראָגן אונדזער צענטראַלע טעטיקייט קיין גרענאָבל.

אויך „אָרט" און „אָזע" האָבן געהאַט זייערע צענטראַלע אָנפירונגען אין דער איטאַליענישער זאָנע. דאָס האָט אַבסאָלוט נישט געשטערט ווייטער אָנצוהאַלטן אונדזער נאָרמאַלע פאַרבינדונג מיט די חברים פון פּאַריז. די חברטע דינטשע וואָס איז געווען אונדזער פאַרבינדלערין מיט פּאַריז און פלעגט דאָרט פאָרן אין אונדזער שליחות, האָט דאָס געקענט ווייטער־טון און די חברטע צירל שטיינגאַרט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אונדזער יוגנט איז געפאָרן קיין פּאַריז פון דער פרייער זאָנע. פון דער אַנדערער זייט האָבן אונדז באַזוכט שליחים פון פּאַריז, ווי לענע, די טאָכטער פון יחיאל ניימאַן, א״אַנד.

דאָס אַריבערטראָגן זיך קיין גרענאָבל האָט אויך נישט אָפּגעשוואַכט אונדזער פאַרבינדונג מיט דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

מיין פרוי און איך האָבן שוין געהאַט גוטע פּאַפּירן און מיר האָבן זיך אַריבער־געקליבן קיין גרענאָבל. אין אַן אַלטן, שמוציקן האָטעל, ווייט פון שטאָט־צענטער, האָבן מיר באַקומען אַ קליין צימערל. עס האָט אָבער געהאַט די מעלה, וואָס מען האָט געקענט זיך באַנוצן מיט דער קיך און דאָס איז געווען אַ גרויסע עקאָנאָמיע פאַר אונדזער קעשענע, ווייל מיר האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט יעדן גראָשן. גרענאָבל איז געווען אַ סך קלענער פון ליאָן אָבער אומפאַרגלייכלעך שענער. אַ שטאָט אַרומגערינגלט פון פּרעכטיקע מיטל־הויכע בערג, אונטער די מילדע בלויע הימלען פון זוניקן דרום. און אַ שטאָט מיט אַ סך ביימער און פּלאַנצן. האָט מען זיך דאָ געפילט רויִקער, ווי אין דעם שווערן און טרוקענעם ליאָן, וואָס האָט דער־מאָנט אָן דעם אַמאָליקן לאָדזש מיט זיינע קוימענס און טעקסטיל־פאַבריקן.

טייל האָבן באַצייכנט גרענאָבל אַלס „באָמבאָניערקע". שיין זענען געווען די פאָרשטעט פון גרענאָבל, וואָס זענען געווען פאַרבונדן דורך אַ טראַמוויי־קאָמוני־קאַציע מיטן צענטער. מיר האָבן שפּעטער געפונען אַ צימער מיט פּענסיאָן, ביי אַן אַלט פראַנצויזיש פּאָרפּאָלק אין דער פאָרשטאָט עבענס, ווו עס האָבן געוווינט אַ היפּשע צאָל ייִדישע פאַמיליעס און אונדזערע חברים.

אַ חוץ דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדזער אָרגאַניזאַציע אין ליאָן, אין שייכות מיטן אַרעסט, איז אונדזער אָנפירונג אָפּגעשוואַכט געוואָרן אויך צוליב דעם, וואָס אַ רייע חברים, וואָס זענען פריִער געווען די פּאַקטישע אָנפירער האָבן זיך אַריבערגעטראָגן קיין שווייץ (נאַטאַן־פרענקעל, א. אַראָנאָוויטש, ראפאל און דינה ריבאַ, מענדל גליקסמאַן, משה צעשינסקי, פּ. שמאַיער א״אַנד). אין דער שווייץ האָבן

זיי געבילדעט, צוזאַמען מיט פּראָפעסאָר ליבמאַן הערש, אַן אויסלענדישן הילפס־צענטער פון אונדזער באַוועגונג אין פראַנקרייך און אונדז פאַרבונדן מיט אַמעריקע.

זייער אַרבעט אין דער שווייץ איז געווען אַ וויכטיקע אויך צוליב דעם, וואָס מיט זייער הילף האָט מען געקאָנט אָרגאַניזירן טראַנספּאָרטן פון קינדער און דער־וואַקסענע חברים, צי סתם יידן, קיין שווייץ.

מיר זענען געוואָרן, צום באַדויערן, צאַלמעסיק און קוואַליטאַטיוו אָפּגעשוואַכט. די שטרייטן, וואָס האָבן פריִער אָנגעהאַלטן אין דער אָרגאַניזאַציע, זענען איצט פאַרשוווּנדן. אין דער באַנייטער אָנפירונג האָט געהערשט אַ פולקאָמע האַרמאָניע אין דער פּראַקטישער אַרבעט און אַ קעגנזייטיקער צוטרוי. מיר האָבן אָפּטמאָל געשמועסט איבער פּאָליטישע פראַגן, אָבער דאָס האָט נישט געהאַט קיין השפּעה אויף אונדזערע קעגנזייטיקע פּערזענלעכע באַציִונגען. דאָס זעלביקע קען מען אויך אין אַ גאַר גרויסער מאָס זאָגן וועגן די באַציִונגען מיט אַנדערע פּאַרטייען. נישט געקוקט אויף די טיפע חלוקי־דעות, וואָס האָבן דעמאָלט צווישן אונדז עקזיסטירט אין די איינהייטס־קאָמיטעטן, האָט פונדעסטוועגן צווישן אַלע געהערשט אַ גרויסע און אויפריכטיקע סאָלידאַריטעט.

האָט אַ ציוניסט געוווּסט, ווו מען קען באַקומען „גוטע" פּאַפּירן האָט ער אונדז בונדיסטן וועגן דעם מיטגעטיילט.

האָבן מיר געקענט רעקאָמענדירן אַ גוטע דירה פאַר אַ ציוניסט איז דאָס געטון געוואָרן. אַפילו מיט געלט האָט מען זיך קעגנזייטיק אַרויסגעהאָלפן און מיט טעכ־נישע הילף אויך.

פון די קאָמוניסטן, כאָטש מיר זענען מיט זיי געזעסן אין געמיינזאַמע קאָמי־טעטן, האָט אונדז אָפּגעטיילט אַ גרויסע דיסטאַנץ און עס האָט געהערשט צווישן אונדז אַ קאַלטקייט... מיר האָבן געוווּסט, אַז די „פריינט" פון היינט קענען מאָרגן ווידער ווערן אונדזערע דם־שונאים.

אין גרענאָבל איז אונדזער אַרבעט קאָנצענטרירט געווען אויף עטלעכע געביטן: הילפס־טעטיקייט אויפן אָרט פאַר חברים און פריינט, אין דער פאָרם פון געלט אין פּאַפּירן, טראַנספּאָרטן קיין שווייץ, אַרבעט אין די אַלגעמיינע יידישע קאָמיטעטן, פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע, אַרבעט צווישן דער יוגנט, פאַרבינדונג מיט די בונדישע גרופּעס און באַזונדערס מיט פּאַריז, פינאַנצן און קאָנטאַקט מיט די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן און מיט אויסלאַנד.

די פּאַרטיי־אַרבעט אין גרענאָבל האָט פאַרשלונגען דעם גאַנצן טאָג און דאָך איז נאָך געווען צייט, אַ דאַנק די מער פרייערע באַדינגונגען אין דער איטאַליענישער

זאַנע, צו באַוווּנדערן די באַצויבערנדיקע נאַטור. מיר האָבן געוווינט אין אַ פּאַרטער־צימער, וואָס דער פענצטער איז אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס און מ׳האָט געקענט אָבסערווירן דעם פּרעכטיקן זון־אויפגאַנג אויף די שפּיצן פון די בערג. ווי שטיקער פייער וואָס נעמען אָן די געשטאַלט פון אַפּאָקאַליפּטישע חיות, האָבן די בערג אויסגעזען אין די דאָזיקע באַגינענס. פייערדיקע חיות, וואָס קריכן אין הימל אַריין און ווערן וואָס אַמאָל אַלץ בלאַסער, לעשן זיך אויס. און אויף זייער אָרט ווערן די בערג־שפּיצן איינגעהילט אין אַ דורכזיכטיק־מילד און שניי־ווייס וואָלקנדל.

אַ קילע שטילקייט גיסט זיך פון די בערג־שפּיצן ביז אונדזער פענצטער. דאָרט אויף די בערג שפּילט זיך אויף אַפּ טאָג־טעגלעך אַ מלחמה, אָבער אַ רויִקע און נישט קיין בלוטיקע. עס איז דער קאַמף צווישן ליכט און שאָטן, צווישן דער פאַרגאַנגענער נאַכט און דעם אָנקומענדיקן טאָג. עס לעשן זיך די שטערן און עס צינדט זיך אָן דער ווייטער האָריזאָנט און אָנשטאָט די וואָלקנס זאָלן אַראָפּנידערן צום ים און זיך דאָרט אָנטרינקען, גייען די בערג אַרויף צום הימל און צינדן אָן זייערע שפּיצןביים פייער פון דער אויפגייענדיקער זון.

איך האָב שוין געוואָרט אויף דעם באַגינען, כדי צו זען די פלאַמען פון די שפּיץ בערג.

צוריקקערנדיק זיך צו אונדזער טעטיקייט אין גרענאָבל, אין יאָר 1943, וויל איך באַזונדערס אונטערשטרייכן אונדזער אַקטיווקייט אויפן געביט פון ראַטעווען, וואָס מער ייִדישע פאַמיליעס פון אומקום.

צוויי וועגן האָבן צו דעם געפירט: אויסבאַהאַלטן זיך ביי פראַנצויזישע פאַמיליעס, אָדער אַריינקריגן זיך קיין שווייץ.

די ציוניסטן מכל־המינים האָבן זיך אויך שטאַרק פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן טראַנספּאָרטן קיין שווייץ. זיי האָבן זיך אָבער נאָך מער פאַרנומען מיט שיקן גרופּעס קיין ארץ־ישראל. צו דעם צוועק האָבן זיי געהאַט איינגעשטעלט אומלעגאַלע וועגן קיין שפּאַניע. פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע אַרבעט, וואָס האָט געפאָדערט אַ סך מי און געלט און איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן, האָט נישט געטראָגן קיין מאַסן־כאַראַקטער. די קאָמוניסטן זענען געווען קעגן שיקן ייִדישע פאַמיליעס קיין שווייץ. פאַר זיי איז (נאָך יוני 1941) דאָס וויכטיקסטע געווען דער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד, דער סאַבאָטאַזש און די טעראָריסטישע אַקטן קעגן דער נאַציסטישער אָקופּאַציע־מאַכט. הילף און רעטונגס־אַרבעט איז ביי זיי געגאַנגען אויפן צווייטן פּלאַץ און אַפילו נאָך אויף אַ ווייטערן אויך. בכלל איז זי נית געווען, ווי פאַר אונדז בונדיסטן אַ ציל פאַר זיך, אַ מענטשלעכע און ייִדישע פליכט, נאָר אַ מיטל פאַרן ציל,

כדי צו קענען אַנגיין מיט די פּראָפּאַגאַנדע פאַר סאָוועט־רוסלאַנד און אויסנוצן זי פאַר זייער סטראַטעגיע און טאַקטיק. אין דער הילף און רעטונגס־אַרבעט האָבן די קאָמוניסטן זיך נישט גערעכנט מיט די מענטשלעכע און יִדישע אינטערעסן, נאָר מיט די אינטערעסן פון סאָוועט־רוסלאַנד.

אַוועקלייגן איין דייטשן זעלנער און עס זאָלן דערביי אומקומען אַפילו צען יִדישע יוגנטלעכע, דאָס איז געווען דער וועג פון די יעווסעקעס. אויספירן אַ סאַ־באָטאַזש־אַקט און דערביי זאָל ער גורם זיין אַ סך יִדישע קרבנות, איז פאַר זיי נישט געווען קיין ענין אויף וועלכן ס׳איז כדאי זיך צו פאַרטראַכטן.

העלפן יִדישע פאַמיליעס צו געפינען אַ רויִקן ווינקל, כדי אויסצומיידן די שרעקלעכע געפאַרן, וואָס האָבן אויף זיי געלויערט, דאָס איז געווען, לויט די יעווּ־סעקעס, קעגן דעם „פּאַטריאָטישן" און „נאַציאָנאַל־יִדישן" קאַמף קעגן נאַציזם. וואָס זיי האָבן געפירט. אויסבאַהאַלטן זיך — יאָ, אָבער נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, — האָבן זיי געטענהט.

מיר זענען געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז מען דאַרף ראַטעווען וואָס מער יִדן פון אומקום.

שווייץ דערלויבט אַריינצופאָרן אין לאַנד יִדישע פאַמיליעס מיט אַ קינד וואָס איז אַלט ביז 6 יאָר; שווייץ לאָזט אַריין יוגנטלעכע ביז 16 יאָר, — דאַרף מען העלפן די אַלע וואָס ווילן דאָרט פאָרן. די דאָזיקע טראַנספּאָרטן דאַרפן פינאַנצירט ווערן פון דער אַלגעמיינער יִדישער קאַסע.

ווייטער האָבן מיר געהאַלטן, אַז אין פראַנקרייך קענען מיר נישט זיין דער אַוואַנגאַרד אין אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן נאַציזם. דאָס איז די פראַנצויזישע אונ־טערערדישע באַוועגונג, וועלכע מיר שטיצן מיטן גאַנצן האַרצן. אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז הילף און רעטונג און די צווייטע אויפגאַבע איז די באַטייליקונג אין באַוואָפנטן ווידערשטאַנד־קאַמף. מיר האָבן געשאַפן אַ באַוואָפנטע קאַמף־גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון אונדזערע יוגנטלעכע און וועמעס אינסטרוקטאָר עס איז געווען אונדזער חבר א. גאָרדאָן. אונדזער חבר, דער יוגנטלעכער שאַרל שולץ, איז געפאַלן בעתן אויפשטאַנד אין ווילערבאַן, אין ליאָן. אונדזער אַ צווייטער חבר פון דער יוגנט, סאַמעק לעבער, וועמעס עלטערן, אונדזערע אַמפאַרגעסלעכע חברים דוד און ריוועטשע לעבער, זענען דעפּאָרטירט געוואָרן, האָט זיך באַטייליקט אין אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף אַ דייטש און דערביי שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אָבער ווי געזאָגט, האָבן מיר בפירוש געוואָלט שטעלן דעם טראָפּ אויף דער רעטונגס־און הילף־אַרבעט, וואָס דאָס איז געווען אַ פאַר־עקסעלאַנץ ווידערשטאַנד־טעטיקייט

און איז געווען פֿאַרבונדן מיט די גרעסטע געפֿאַרן, און נישט אויפֿן דירעקטן באַ־וואָפֿנטן קאַמף, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אינדיווידועלע טעראָריסטישע אַקטן.

מען דאַרף זיין שפּאָרזאַם מיט ייִדישע לעבנס, בעת אין פּוילן און אין גאַנץ מזרח־אייראָפּע פֿאַרגיסן די נאַצי־רוצחים גאַנצע טייכן אומשולדיק ייִדיש בלוט.

מיר, פֿערזענלעך, איז אַמאָל טאַקע אויסגעקומען צו פֿירן מיט די יעווסעקעס אַ גאַר העפֿטיקע דיסקוסיע אויף דער טעמע. איך האָב זיי געוואָרפֿן אין פּנים אַריין, אַז ביז יוני 1941 האָבן זיי גאָרנישט געהאַלטן דערפֿון, אַז מען מוז פֿאַרטיידיקן דעם ייִדישן כּבֿוד און אַז דער נאַציזם איז דער בלוטיקסטער שונא פֿון דער ציוויליזירטער מענטשהייט, דעריבער איז אַן ארויסגעוואָרפֿענע טירחה צו ווען איצט אַנדערע געבן אַ לעקציע פֿון אַנטיפֿאַשיסטישן קאַמף. און ווען עס וואָלט געווען אָפּהענגיק פֿון מיר, וואָלטן זיי זיך נישט געפֿונען אין קיין איינהייט־קאָמיטעטן אַזוי לאַנג, ווי זיי וואָלטן זיך נישט אָפּגעגרענעצט פֿון סטאַלין־היטלער־פּאַקט, וואָס האָט גורם געווען די צווייטע וועלט־מלחמה און דעם שרעקלעכן חורבן פֿון ייִדישן פֿאָלק.

# טראַנספּאָרטן קיין שוויץ

שוין בעתן אויסברוך פון דער מלחמה האָבן זיך צווישן ייִדן געפונען אַ סך, וואָס האָבן געטראַכט צו פאַרלאָזן פראַנקרייך און זיך צו ראַטעווען אין מעבר־לים־לענדער, אָדער אין נייטראַלע לענדער אין איראָפּע. כדי דאָס צו דערגרייכן, האָט מען געדאַרפט האָבן צוויי זאַכן, אַגב גאָרנישט פון די לייכטע: געלט־מיטלען און רייזע־פּאַפּירן, אָדער אַריינפאָר־וויזעס. פאַר יחידי־סגולה און באַזונדערס פאַר גאָר רייכע מענטשן איז דאָס מעגלעך געווען צו דערגרייכן, אָבער פאַר עמך־מענטשן — נישט. כל־זמן עס האָט אָנגעהאַלטן דער פּעריאָד פון „דראָל דע גער״, ביז מאַי 1940, זענען דעריבער גאָר ווייניק ייִדן אַוועק פון פראַנקרייך. דערנאָך, ווען די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן מיט ריזיקע שריט צו פראַנקרייך און באַזונדערס צו פּאַריז, איז אַנטשטאַנען אַ שטיקל בהלה צווישן די ייִדן אין לאַנד. מען האָט שוין איצט גאָר אינטענסיוו געטראַכט צו פאָרן. דער דראַנג זיך צו ראַטעווען איז געוואָרן שטאַרקער אין דער מאָס, ווי עס האָבן זיך פאַרשטאַרקט די רעפּרעסיעס קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג, באַזונדערס און הויפּטזעכלעך, ווי דאָס איז געווען אין די ערשטע צייטן, קעגן די איינגעוואַנדערטע ייִדן. די רעגיס־טראַציעס האָבן געהאַט פאַר אַ ציל, וואָס אַמאָל אַלץ אַנדערע קאַטעגאָריעס ייִדן צו שיקן אין די לאַגערן און שפּעטער אויף פאַרניכטונג. צוערשט ייִדן ביז 40 יאָר, שפּעטער פון 18 ביז 55. דערנאָך שוין ייִדישע קינדער אויך.

צוערשט האָבן זיך געפונען בלויז עטלעכע טויזנט ייִדן אין די לאַגערן פון פּיטיוויע און באָן־לאַ־ראָלאַן, שפּעטער איז שוין געשאַפן געוואָרן דער טרויעריק־באַרימטער דראַנסי־לאַגער, ווו צענדליקער טויזנטער ייִדן זענען געהאַלטן געוואָרן ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען און דערנאָך דעפּאָרטירט געוואָרן קיין מזרח־איראָפּע.

נישט אַלע פּלעגן זיך צושטעלן אויפן רוף פון דער אָקופּאַציע־מאַכט און אירע ווישי־משרתים. אַ טייל ייִדן האָט זיך אויסבאַהאַלטן צווישן פראַנצויזן און געלעבט אויף פאַלשע פּאַפּירן. פאַרלאָזן פראַנקרייך און זיך ראַטעווען אין דעם פרייען ניי־טראַלן שווייץ, — דאָס איז געווען דער גרויסער טרוים פון אונדזערע גערודפטע ייִדן אין פראַנקרייך.

האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומלעגאַלער שמוגל קיין שווייץ. די ייִדן, וואָס האָבן נאָך געהאַט אייגענע מיטלען, האָבן זיך פאַרבונדן מיט פּאַסערס און זענען אַריבער די גרענעץ. ערגער איז געווען די לאַגע פון די פּאָלקס־מענטשן. זיי האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן. איז עס געוואָרן די אויפגאַבע פון די ייִדישע הילף־אָרגאַניזאַציעס צו העלפן ייִדישע פאַמיליעס זיך צו קענען ראַטעווען אין דער שווייץ.

מיר האָבן פון דער ערשטער מינוט אָן געהאַט אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו דער רעטונגס־אַרבעט און אַ סך כוחות און מי איר אָװעקגעגעבן. מען קען אָן שום איבערטרייבונג זאָגן, אַז אַ דאַנק אונדזערע אָנשטרענגונגען, זענען הונדערטער ייִדי־שע נפשות, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויף אַ טויט־געפאַר, געראַטעוועט געוואָרן. מיר האָבן נישט געפירט קיין פּראָפּאַגאַנדע צווישן די ייִדן, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן פראַנקרייך. אַלע ייִדן עוואַקויִרן קיין שווייץ — דאָס איז נישט געווען דורכפירבאַר. מיר האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ פראַגע פאַר יעדן איינציקן באַ־זונדער, וועלכער דאַרף האַנדלען ווי ער פאַרשטייט. אויב אָבער אַ ייִדישע פאַמיליע האָט זיך צו אונדז געווענדט, אַז מיר זאָלן איר העלפן פאָרן קיין שווייץ, האָבן מיר איר נישט געקענט ענטפערן, אַז זי מוז בלייבן אויפן אָרט און מיר וועלן איר נישט העלפן אין איר גרויסער נויט. און מיר האָבן אַלץ געטון, כדי זי צו ברענגען אין אַ זיכערן אָרט. וועגן אונדזערע חברים וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן באַזונדער.

ווי ליבעראַל און הילף־גרייט די שווייצאַרישע רעגירונג איז נישט געווען, האָט זי דאָך איינגעפירט באַשטימטע באַגרענעצונגען. זי האָט אַריינגעלאָזט צו זיך אין לאַנד פאַמיליעס מיט קינדער ביז 6 יאָר. עלטערע פון 6 יאָר, האָט זי שוין נישט געוואָלט אַריינלאָזן, צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. דאַקעגן, יוגנטלעכע ביז 16 יאָר, אָן פאַמיליעס און זקנים איבער 60 יאָר האָבן געקענט פאָרן קיין שווייץ. קומט אויס, אַז קינדערלאָזע פאַמיליעס, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט קינדער איבער 6 יאָר, האָבן נישט געקענט פאָרן צוזאַמען מיט זייערע קינדער. דאַקעגן די קינדער זייערע ביז 16 יאָר — יאָ, אָבער שוין אָן די עלטערן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר אַ סך ייִדישע פאַ־מיליעס און איינצלנע פערזאָנען — מענער און פרויען. אָבער אַ גרויסע ישועה איז

שווייץ דאַך געווען. מיר האָבן זיך באַמיט, ווי ווייט דאָס איז געווען מעגלעך, „אויס־צובעסערן" די דאָזיקע פאַראָרדענונג פון דער שווייצאַרישער רעגירונג, און קינ־דער, וואָס זענען שוין געווען עלטער פון 6 יאָר, אָבער האָבן אויסגעזען יונגער, האָבן מיר באַזאָרגט מיט געפעלשטע מעטריקעס און דאָס פלעגט אַדורכגיין. פאַרשטייט זיך, אַז אַ 10 אָדער 9־יאָריק קינד האָבן מיר נישט געקענט געבן קיין געבורט־שיין פון אַ 5 אָדער 6־יאָריק קינד. אָבער אַ 7־יאָריק אָדער אַפילו אַן 8־יאָריק קינד, האָבן מיר געקענט „מאַכן" יינגער. דער פּאַסער איז געווען דער עקספּערט און ער האָט געדאַרפט אָפּשאַצן, צי דאָס קינד קען גיין אויף דער געפעלשטער מעטריקע. צו דער קאַטעגאָריע פּריווילעגירטע, וואָס די שווייצאַרישע מאַכט האָט דערלויבט אַריינצוקומען קיין שווייץ, האָבן אויך געהערט שוואַנגערדיקע פרויען, אַלץ איינס, אין וועלכע חדשים זיי זענען געווען. האָט פּאַסירט, אַז פרויען, וואָס האָבן שוין זיבט יאָרן אויפגעהערט צו קינדלען, זענען ווידער פאַרגאַנגען אין טראָגן. אַזעלכע פּאַלן זענען אויך געווען צווישן אונדזערע חברטעס. שוואַנגערשאַפט איז געוואָרן אַ מיטל זיך צו קענען ראַטעווען. זי איז געוואָרן אַ מין וויזע פאַר דער פרוי און דעם מאַן.

מיר האָבן געהאַט פריינט פון דער „אָרט"־קאָלאָניע, וועלכע האָבן געוואָלט אומבאַדינגט פאָרן קיין שווייץ, מחמת אויפן אָרט האָבן זיי זיך געפילט זייער שטאַרק באַדראָט. זיי זענען נישט געווען קיין בונדיסטן, אָבער מענטשן מיט סאָ־ציאַליסטישע איבערצייגונגען, דער עיקר אָבער אַן אַ גראָשן ביי דער נשמה. האָב איך צו זיי געשריבן פון גרענאָבל, אַז זיי קענען קומען צו אונדז און מיר וועלן זיך באַמיִען זיי אַריבערצופעקלען קיין שווייץ. דאָס איז געווען אַ יונג פּאָר־פאָלק. די פרוי איז געווען שוואַנגער און קומענדיק צו אונדז קיין גרענאָבל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער עמבריאָן לעבט נישט מער.

מיר האָבן געוווינט אין זייער אַ קליינער דירה און מיר האָבן פאַר אונדזערע געסט אויסגעבעט אַ געלעגער אויף דער ערד.

די יונגע פרוי האָט זיך געקוועלט אויף אַזאַ געלעגער, וויסנדיק, אַז די קוועלע־נישן זענען גאַנץ אומזיסטע, אַז זי טראָגט אונטערן האַרצן אַ טויט קינד, אָבער זי טאָר זיך נישט פון אים שיידן, ווייל דאָס איז געוואָרן די רעטונג פאַר איר און איר מאַן, אַז דאָס איז איר אַריינפאָר־וויזע קיין שווייץ. נאָך דעם, ווי אויף דער שווייצאַרישער גרענעץ וועט פעסטגעשטעלט ווערן, אַז זי איז שוואַנגער און זי וועט שוין זיין אין דעם פרייען לאַנד, וועט זי מוזן תיכף־ומיד ענדערן איר סיטואַ־

ציע, דערווייל מוז זי ווייטער אָפּהיטן איר „שוואַנגערשאַפט”. מיר האָבן זיי באַ־זאָרגט מיט דעם נייטיקסטן און זיי זענען בשלום אָנגעקומען קיין שווייץ.

כדי צו אָרגאַניזירן זיכערע טראַנספּאָרטן איבער דער פראַנצויזיש־שווייצאַרי־שער גרענעץ, האָט מען געמוזט, קודם־כל, האָבן סאָלידע פּאַסערס, וועלכע מען זאָל קענען אָנפאַרטרויען אַזאַ איידעלע מאַטעריע, ווי דאָס זענען יידישע קינדערלעך. דאָס איז דאָן נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. די פּאַסערס האָבן געמוזט זיין סאָליד סיי בנוגע די מענטשן, וואָס זיי פירן איבער דער גרענעץ, ווייל עס האָבן געטראָפן צווישן זיי אַזעלכע, וועלכע האָבן באַגנבעט די, וואָס זיי האָבן געדאַרפט ראַטעווען. צווייטנס, האָבן זיי געמוזט האָבן גוטע וועגן און נישט ריזיקירן צופיל מיט מענטש־לעכע לעבנס, וואָס זענען זיי אָנפאַרטרויט געוואָרן. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די גרענעצן זענען גוט באַוואַכט געוואָרן פון דייטשישע פּאַטרולן מיט פּאָליציייִשע אויסשפּיר־הינט. אמת, די פראַנצויזישע באַפעלקערונג (אחוץ קליינע אויסנאַמען) איז געווען פיינטלעך געשטימט צו די נאַציס און עס זענען געווען זייער ווייניק אַזעלכע פאַלן, אַז אַ פראַנצויז אָדער פראַנצויזקע זאָל מסרן אַ ייִד, וואָס שמוגלט אַ גרענעץ. פראַנקרייך איז נישט פּוילן. פונדעסטוועגן איז דאָס שמוגלען די גרענעץ תמיד גע־ווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן צוליב די דייטשישע גרענעץ־הינט.

דער הויפּט־שמוגל איז געגאַנגען איבער דער פראַנצויזישער שטאָט אַנע־מאַס, נישט־ווייט פון דער שווייצאַרישער גרענעץ. די שמוגלערס האָבן שוין גע־ווּסט, ווען עס איז דער פּאַסיקער מאָמענט צוצופירן די פּאַסאַזשירן צו די שטעכל־דראָטן און אויסצומיידן די דייטשישע גרענעץ־וואַך. נישט שטענדיק האָט זיך געמאַכט אַ גוטע געלעגנהייט און מען האָט געמוזט אין האָטעל אָדער רעסטאָראַן וואַרטן אויף דעם פּאַסיקן מאָמענט.

מיר האָבן געפונען די פּאַסיקע פּאַסערס. צוויי יונגעלייט — יידן און אַ יונגע פרוי, אַ פראַנצויזקע, וועלכע האָט געשטאַמט פון קאָרסיקאַ. איינער פון די יונגעלייט איז געווען אַ סטודענט פון בריסעלער אוניווערסיטעט און געשטאַמט פון אַ פּויליש־ייִדישער עמך־פאַמיליע, דער צווייטער איז געווען פון גאַליציע. זיי זענען געווען זייער טיכטיקע מענטשן און פּינקטלעך אויסגעפירט די מיסיעס, וואָס זיי האָבן אויף זיך גענומען.

אמת איז, אַז זיי האָבן געשמוגלט יידן און יידישע קינדער פאַר געלט און דערצו פאַר היפּשע סומעס און זענען רייך געוואָרן, אָבער זיי זענען געווען ער־לעכע און פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן און אין יענע צייטן האָט דאָס געשפּילט אַ גוואַלדיקע ראָל.

עס פלעגט אויך ביי זיי פּאַסירן, אַז אין געוויסע פאַלן פלעגן זיי נעמען אַביסל אונטערן „אָפּיציעלן" פּרייז פאַר אַ קאָפּ. זיי האָבן געמאַכט פון יידישן אומגליק אַ פאַרדינסט פאַר זיך און גלייכצייטיק האָבן זיי געבראַכט נוצן די גע־רודפטע יידישע מאַסן. נאָך דער מלחמה האָט זיך איינער פון די דערמאָנטע פּאַסערס צו מיר געווענדט, אַז איך זאָל אים אַרויסגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ראַטעווענדיק יידן און קינדער פון היטלעריסטישע גאַז־קאַמערן און קאַלך־אויוונס. ער האָט עס געדאַרפט האָבן פאַר דער מלוכה־מאַכט.

איך האָב אים אָפּגעזאָגט זיין בקשה. אַ פאַקט איז, אַז ער האָט געהאָלפן ראַטעווען און אַפילו ריזיקירט מיט זיין פרייהייט און לעבן, אָבער ער האָט דאָס געטון אין דער ערשטער ריי — פאַר געלט. בחינם וואָלט ער אַזאַ זאַך נישט געטון. ער האָט געבראַכט גרויס נוצן דער יידישער זאַך, אָבער קיין אידעיִשער ווידערשטענדלער איז ער דאָך נישט געווען.

***

די פּאַסערס האָבן אַריבערגעפירט די גרופּעס קינדער אָדער די פאַמיליעס אויף יענער זייט גרענעץ און אַזוי גייענדיק עטלעכע קילאָמעטער, שוין אויף דער שווייצאַרישער טעריטאָריע, האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויפן ערשטן שוויי־צאַרישן צאָל־באַאַמטן. זיי האָבן אויפן וועג אויך געמוזט אַריבערגיין אַ קליינ־טשיקן טייך. דער באַאַמטער האָט פאַרהאַלטן די דערוואַקסענע אָדער קינדער און די שווייצאַרישע גרענעץ־פּאָליציי האָט זיך שוין פאַרנומען מיט די ביידע געסט.

מיר האָבן מיט די פּאַסערס געהאַט איינגעשטעלט אַ גענויע פּראָצעדור, נאָכדעם, ווי מיר האָבן געהאַט באַזאָרגט די קינדער אָדער דערוואַקסענע מיט די געהעריקע דאָקומענטן, וואָס זאָלן גילטיק זיין פאַר דער שווייצאַרישער מאַכט, האָבן מיר אויך פעסטגעשטעלט מיט די פּאַסערס דעם פּרייז פאַר יעדן קאָפּ. פאַר אַ קינד האָבן מיר געצאָלט אַ האַלבן פּרייז, אַזוי ווי עס פירט זיך אין דער גאַנצער וועלט...

דאָס געלט איז אויסגעצאָלט געוואָרן אין דאָלאַרן, אָפּטמאָל אין גאָלד־דאָלאַרן. מיר האָבן עס אָבער אויסגעצאָלט ערשט דעמאָלט, ווען די פאַמיליע, אָדער די קינדער, וואָס זענען פון אונדז געשיקט געוואָרן קיין שווייץ, האָבן געגעבן צו וויסן דורך דעם פּאַסער, אַז זיי זענען שוין אין דער שווייץ, אויף

יענער זייט גרענעץ. מיר האָבן אָפּגערעדט אַ באַשטימטן צייכן, אָדער פּאַראָל און אויב דער פּאַסער האָט אונדז געבראַנגט דעם אָפּגערעדטן צייכן, אָדער פּאַראָל, האָבן מיר געוווּסט, אַז דער טראַנספּאָרט איז בשלום אָנגעקומען קיין שווייץ און דעמאָלט האָבן מיר אויסגעצאָלט די געהעריקע סומע די פּאַסערס. זיי האָבן געהאַט צו אונדז צוטרוי און נישט געפאָדערט, אַז מען זאָל דאָס געלט איינלייגן ביי אַ דריטער פּערזאָן.

שווער, גאָר שווער זענען געווען פאַר אונדז די טעג און שעהן, ווען עס איז אַוועק פון אונדז אַ טראַנספּאָרט און מיר האָבן געוואַרט אויף אַ ידיעה, אַז ער איז שוין בשלום אָנגעקומען קיין שווייץ.

די מאַמעס און טאַטעס פון די קינדער פלעגן אונדז שוין אָפּוואַרטן אויף דער גאַס אָדער ביי אַ קאַפע, כדי עפּעס געוווּיר צו ווערן פון זייערע קרובים און קינדער. וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין האַרצן פון אַזאַ מאַמע און טאַטע, וואָס האָט זיך צעשיידט מיט זיין קינד, נישט־וויסנדיק אויף ווי לאַנג און בכלל, צי זיי וועלן זיך נאָך אַמאָל זען, איז באמת שווער איבערצוגעבן. און וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם יונגן האַרץ פון אַ ייִדיש קינד, וואָס האָט אינסטינקטיוו דערשפּירט אויף זיינע אייגענע יונגעטשקע פּלייצעס דעם טויזנט־יאָריקן ייִדישן גורל, דאָס וואָלט אַפילו שווער געווען צו דערציילן פאַר אַ זייער געניטן קענער פון דער קינדערשער נשמה.

ווי פּריש און לעבעדיק שטייען נאָך איצטער פאַר מיינע אויגן די קינדער, מיט די רוק־זעק אויף די פּלייצעס, גרייט זיך צו לאָזן אין וועג אַריין.

אָפטמאָל האָט מען געמוזט מיט די קינדער (און עלטערן אויך) איינחזרן זייערע נעמען און זייערע יאָרן, כדי אויפן פאַרהער ביי דער שווייצאַרישער פּאָליציי זאָל אַלץ שטימען.

איין ביישפּיל פון הונדערטער וועגן דער פּסיכיק פון דעם דעמאָלטיקן קינד: אונדזער געטרייע און סימפּאַטישע חברטע העלע טאַבאַטשניק, וועמענס מאַן איז שוין דעמאָלט נישט געווען מיט איר און זיך שוין קיינמאָל מער, ליידער, נישט אומגעקערט פון דער דעפּאָרטאַציע, האָבן מיר געדאַרפט שיקן קיין שווייץ מיט איר קליין יינגעלע ראָזשע. זי האָט נישט געקענט אַריינקומען קיין שווייץ און ביי גרויסע געפאַרן פאַר איר און איר קינד זיך געמוזט אומקערן קיין גרענאָבל. דער קליינער ראָזשע איז געווען זייער פאַרביטערט פון דעם דורכפאַל און שפּאַצירנדיק איבערן צימער אַרויף און אַראָפּ, האָט ער אַן אויפגערעגטער געזאָגט צו זיין מוטער:

— „נו, וואָס וועט איצט אַלעקסאַנדער זאָגן, אַזויפיל געלט האָט אָפּגעקאָסט אונדזער רייזע און מיר זענען צוריקגעקומען!".

אָדער אַ צווייטער פאַל:

ביים שיקן די פרוי פון אונדזער חבר יאָסל שטאַרק, וועלכער איז דעפּאָרטירט געוואָרן, האָט מען געמוזט פּאַר איר און איר קינד מאַכן פאַלשע פּאַפּירן, כדי די חברטע בינע און איר פיר־יאָריק קינד, מילע, זאָלן געדענקען ווי זיי הייסן, האָב איך איר נאָמען אַביסל בלויז פאַרדרייט. אַנשטאָט שטאַרק, האָב איך אין דער אידענטיטעטס־קאַרטע אַריינגעשריבן דעם נאָמען: שטאַרקאָווסקי, דאָס זעלבע אויך אין דעם געבורט־שיין פון דער קליינטשיקער מילע און גוט אָנגעזאָגט דער חברטע בינע, אַז זי זאָל פאַרגעדענקען איר נייעם נאָמען. די קליינע מילע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי דאַרף איצט הייסן, נישט מילע שטאַרק, נאָר שטאַרקאָווסקי און ביידע זענען בשלום אָנגעקומען קיין שווייץ.

אַזעלכע קינדער האָט דעמאָלט די צייט געהאָדעוועט.

אויפן געביט פון אָרגאַניזירן טראַנספּאָרטן פון קינדער, זענען זייער אַקטיוו געווען צירל שטיינגאַרט, מיין פרוי און בערטאַ מערינג. פון דער „קאָלאָניע סקאַלער" האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די פרוי פון ד"ר יוכנאָוויעצקי. מיין פרוי האָט געפּיבערט, ווען זי האָט געקענט ראַטעווען אַ יידיש קינד, אָדער העלפן אַ יידישע מוטער אין איר נויט. און עס פלעגן זיך שוין צו איר יאָווען פרויען מיט קינדער אויף די הענט, וועלכע זי האָט געהאָלפן, צי אויפן וועג פון „אָזע" אָדער דורך אונדזער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער זי האָט, אַגב, נישט געהערט.

צירל שטיינגאַרט און איר מאַן האַנרי זענען געווען זייער ענערגיש אויף דעם געביט און כדי צו זיין זיכערער אין איר אַרבעט און נישט ליידן פון אַ „שלעכט אויג", האָט זי זיך פון אַ ברונעטער פרוי, פאַרוואַנדלט אין אַ בלאָנדער..

בערטאַ מערינג האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אין „אָזע" און אויך אין פאַרשידענע יידיש־בירגערלעכע קרייזן, מחמת פאַר דער מלחמה האָט איר מאַן געהערט צו די פאַרמעגלעכע יידן פון פּאַריז. אַ חוץ דעם זענען די מערינגס געווען אַלטע מענשעוויקעס און בונדיסטן. בערטאַ מערינג האָט געהאַט צו הילף צוויי יונגע מיידלעך פון „אָזע", וואָס פלעגן פאַר איר דערליידיקן די דרינגענדסטע טעכנישע אַרבעטן און זי איז געשטאַנען מיט אונדז אין אַ פאַרבינדונג.

אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט האָט מיין פרוי געשאָנקען דער קליינער

מרים זילבערבערג, וואָס איז אַרויסגעגנבעט געוואָרן פון לאַגער און זיך איצט געפונען ביי אַ פראַנצויזישער פאַמיליע.

מיר האָבן זי געוואָלט איינאָרדענען אויף אַ זיכערן פּלאַץ, דאָס מיינט זי שיקן קיין שווייץ. מען האָט די קליינע מרים געבערענגט צו אונדז און נאָך עטלעכע טעג, ווען עס איז פאָרמירט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט קינדער קיין שווייץ, האָבן מיר זי באַגלייט צו דער באַן און ווידער אַמאָל מיטן געפיל: ווער ווייס, צי מיר וועלן זי נאָך אַמאָל זען?

זי איז גוט אָנגעקומען קיין שווייץ און אָפּגעגעבן געוואָרן צו אַ שווייצאַרישער קאַטוילישער פאַמיליע. די דאָזיקע פאַמיליע האָט געוואָלט דאָס קינד אַדאָפּטירן. וועגן דעם האָט מיין פרוי באַקומען אַ ידיעה פון דער פרוי גורוויטש פון „אָזע". מיין פרוי האָט נישט געוואָלט מיט דעם מסכים זיין צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, וועט דאָס קינד ווערן אַ קריסטן, ווייל די פאַמיליע וועט עס דערציִען אין קאַטוילישן גייסט, און צווייטנס, געהער דאָס קינד דער פאַמיליע זילבערבערג, וואָס וווינט אין אַרגענטינע. און אַזוי איז עס טאַקע געבליבן. נאָך דער מלחמה איז די קליינע מרים געפאָרן קיין אַרגענטינע צו איר משפּחה.

פון דער אַנדערער זייט דאַרף מען פעסטשטעלן, אַז דאָס אָפּנעמען די קינדער פון די נישט-יִדישע פאַמיליעס, איז פון ריין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט געוואָרן שפּעטער אַ זייער קאָמפּליצירטער פּראָבלעם. אָפּרייסן אַ קינד פון דער פאַמיליע, מיט וועלכער עס האָט זיך זינט יאָרן צונויפגעלעבט און אַליין שוין נישט געהאַט קיין עלטערן, איז נישט אַזוי איינפאַך. צונעמען אַ קינד, וואָס איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון דער פאַמיליע, איז אויך נישט פון די לייכטע זאַכן. דאָס זענען נישט געווען קיין פאַראייִנצלטע פאַלן. עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע פון אָפּנעמען הונדערטער קינדער פון נישט-יִדישע הענט, וואָס האָבן בעת דער מלחמה געפונען אַ וואַרעמע היים ביי נישט-יִדן. די קינדער האָבן זיך שטאַרק אַסימילירט מיט דער נייער סביבה און די נישט-יִדישע פאַמיליעס האָבן זיך צוגעוווינט צו די יִדישע קינדער. אין יענער צייט, ווען עס האָט געדראָט אַ טויט-געפאַר דעם יִדישן קינד און יעדן טאָג האָט ממש געברענט דער באָדן אונטער די פיס, האָט מען נישט גאָר שטאַרק געטראַכט וועגן דעם, וואָס עס וועט ווערן פון די קינדער, וואָס מען האָט אויסבאַהאַלטן ביי קריסטלעכע פאַמיליעס. אמת, עס זענען געווען אַזעלכע פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט געשטרעבט צו כאַפּן יִדישע נשמות, די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן קינדער צו פראַנצויזישע פאַמיליעס אָדער אינסטיטוציעס, האָבן געזאָרגט אין

די ראַמען פון די מעגלעכקייטן, אַז די ייִדישע קינדער זאָלן נישט פאַרלוירן גיין פאַר זייער שטאַם, אָבער דאָס האָט נישט געקענט אָפּהאַלטן דעם אַסימילאַציע־פּראָצעס מיט דער נייער פרעמדער סביבה, אין וועלכער דאָס ייִדישע קינד איז איצט געוועזן געצוווּנגען צו לעבן און ווען די מלחמה וואָלט אָנגעהאַלטן נאָך עטלעכע יאָר, וואָלטן גאָר אַ סך ייִדישע קינדער פאַרלוירן געגאַנגען פאַרן ייִדישן פאָלק.

די עלטערן האָבן דאָן געוואָלט ראַטעווען זייערע קינדער און די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אויך, האָבן מיר אָנגענומען יעטוועדע צו אונדז אויסגעשטרעקטע האַנט, צי דאָס איז געווען אַ קאַטוילישע, אַ פּראָטעסטאַנטישע, צי אַפילו פון אַזאַ משומד, ווי פון גלח גלאַזבערג.

זאָל דאָ, אגב, באַמערקט ווערן, אַז דער גלח האָט געשטאַמט פון פּוילן, גע־רעדט אַ גוטן ייִדיש און אין זיינע גלחישע מלבושים אַרומגעדרייט זיך צווישן ייִדן און געהאָלפן ראַטעווען ייִדישע קינדער און דערוואַקסענע.

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט „אבע גלאַזבערג" געהאַט דערביי זיינע מיס־יאָנערישע כוונות. אָבער קיין גאָר גרויסע פּראָפיטן פאַר קריסטוטן האָט ער מיט זיין רעטונגס־אַקציע נישט דערגרייכט. עטלעכע ייִדישע מיידלעך האָבן זיך אָנ־געשטעקט מיטן קאַטאָליציזם. דאָקעגן איז פון אַן אומפאַרגלייכלעכן גרעסערן באַדייט געווען די הילף, וואָס דער כומר האָט אַרויסגעוויזן צו די גערודפטע און פאַרצווייפלטע ייִדן אין יענער טראַגישער צייט.

לאָמיר פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל, דער שמוגל קיין שווייץ, מיט פאָלגנדיקן עפּיזאָד: דאָס איז שוין געווען האַרט פאַר דער לאַנדונג פון די אַלייִרטע כוחות אין צפון־פראַנקרייך. מיין פרוי האָט אָרגאַניזירט אַ טראַנספּאָרט פון קינדער קיין שווייץ. דער אומגליק האָט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן אַריינפאַלן אין די הענט פון דער דייטשער גרענעץ־וואַך אין אַנעמאַס. די שרעקלעכע ידיעה האָט ממש צעבראָכן מיין פרוי. זי האָט אויפגעהערט צו עסן און צו טרינקען און פון גרויס פאַרצווייפלונג האָט זי איבערגעלעבט קאָשמאַרע נעכט. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז די עלטערן פון די קינדער יאָגן זיך נאָך איר און פאָדערן ביי איר זייערע קינדער. מיין פרוי איז געבליבן אין בעט און געפאַסט. די לאַגע איז באמת געוואָרן אַ טראַגישע. געשעט אַ נס און עס הייבט זיך אָן די לאַנדונג פון די אַלייִרטע אַרמייען און דער מער פון שטעטל אַנעמאַס גייט צו דער גע־שטאַפּאָ אינטערווענירן פאַר די ייִדישע קינדערלעך. דער שעף פון דער געשטאַפּאָ איז גראָד געווען אַן עסטרייכישער דייטש. ער איז געווען זייער צעטרודערט פון

דער לאַנדונג און דער מער האָט ביי אים געפּועלט, אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן די קינדער אונטער זיין —דעם מערס— פּערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַז קיין קינד וועט נישט פעלן, ווען די געשטאַפּאָ וועט פון אים צוריק פאַרלאַנגען די קינדער.

דער מער האָט עטלעכע קינדער תיכף געשיקט אין שפּיטאָל אַריין — אַלס קראַנקע אויף שקאַרלאַטינע. דייטשן, ווי באַוווּסט, האָבן שרעקלעך מורא פאַר אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען די דייטשן האָבן שוין געהאַט צו טון גאָר שטאַרק מיט זיך, האָט די ווידערשטאַנד־גרופּע פון אַנעמאַס אַלע קינדער אַריבערגעוואָרפן קיין שווייץ. די קינדער האָבן געהאַט שקאַרלאַטין. אָבער גאָר אין אַ לייכטער פאָרעם. אַזוי אַרום איז געראַטעוועט געוואָרן אַ גרופּע יידישע קינדער ערב דער דייטשישער מפּלה אין פראַנקרייך.

מיין פרוי האָט נישט געוווּסט, צי עס האָט געהאָלפן איר פּאַסטן, אָדער די קאָניונקטור איז געווען אַ גינסטיקע פאַר די קינדער.

אינסטינקטיוו פלעג איך איבערלעבן אַן אינערלעכן ויתרוצו, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין ראַטעווען יידישע קינדער מיט דער הילף פון קאַטוילישע אינסטיטוציעס, אָדער קאַטוליש־געשטימטע פראַנצויזישע פאַמיליעס.

מען איז געשטעלט געוואָרן פאַר דער דילעמע: פיזישער אונטערגאַנג פון יידישן קינד ביי די שרעקלעכסטע עינויים אין די דייטשישע פאַרניכטונג־לאַ־גערן, אָדער נאַציאָנאַלער אונטערגאַנג אין די שוואַרצע אָרעמס פון דער קאַטוי־לישער קירך? דער ענטפער איז נישט געווען קיין לייכטער.

אַז מען דאַרף ראַטעווען די הילפלאָזע, אומשולדיקע יידישע קינדערלעך פון די רוצחישע הענט, דאָס איז דאָך געווען פאַר אונדז אַ נאַטירלעכע זאַך און מיר האָבן קיינמאָל נישט געשפּאָרט קיין מי און געלט פאַר דעם דאָזיקן ממש הייליקן צוועק. אָבער ראַטעווען זיי מיטן באַוווּסטזיין, אַז פאַרן יידישן פאָלק וועלן די דאָזיקע יידישע קינדערלעך זיין אויף שטענדיק פאַרלוירן. — דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ שווערער נסיון. ראַטעווען זיי אַלס מענטשן און זיי פאַרלירן אַלס יידן — צי דאַרף מען דאָס טון?

אויב זיי זענען שוין פאַרלוירן פאַרן יידישן שטאַם, צי דאַרפן מיר שוין נישט בלייבן גלייכגילטיק צו זייער פּערזענלעכן גורל? ווען מען האָט געקוקט אויף די קינדערלעך מיט זייערע ריינע אָפענע פּנימלעך, האָט מען געטראַכט: זאָלן זיי שוין בלייבן לעבן אַלס קאַטוילישע קינדער, איידער אומקומען אין די דייט־טשישע לאַגערן. שפּעטער אָבער האָט געגאָגט דער געדאַנק און געעגבערט דאָס

גזעוויסן: צי האָט מען אַ רעכט צו ראַטעווען די יידישע קינדער פאַרן פרייז פון שמד? צי דאַרף איך צוהעלפן צו מאַסן־שמד און קאַפּיטולירן פאַר דער אינס־טיטוציע, וואָס האָט שוין אויף איר חשבון אַזוי פיל מאַרטירער פאַרן יידישן גלויבן?

אַז די קינדער, קליינטשיקע קינדער זאָלן ווערן אנוסים און מאַראַנען, קען דאָך אויך נישט זיין קיין רייד.

איך בין צו יענער צייט געקומען צום אויספיר, אַז מען מוז ראַטעווען יידי־שע קינדער, אַפילו ווען מען זאָל וויסן, אַז זיי וועלן זיין פאַרלוירן פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער געמיינשאַפט.

דער מענטש איז געווען פריער פאַרן ייד. פון מענטשן זענען שפּעטער געוואָרן יידן. אברהם איז געווען דער ערשטער ייד, אָבער די דורות פאַר אים זענען געווען מענטשן אויף אַ באַשטימטן שטאַפּל פון ציוויליזאַציע און קולטור.

נישט אַלע קינדער, וואָס מיר וועלן ראַטעווען מיט דער הילף פון דער קאַ־טוילישער קירך אָדער דורך קריסטלעכע פאַמיליעס, וועלן פאַרלוירן גיין. קען זיין, אַז אַ טייל וועט געדענקען זיין יידישן אָפּשטאַם, און אויב די מלחמה וועט זיך נישט לאַנג פאַרציען און אויב אַ טייל עלטערן פון די קינדער וועלן דאָך איבערלעבן דעם היטלעריסטישן גהינום, וועלן די דאָזיקע קינדערלעך נאָך אַ באַשטימטער צייט קושן דעם צלם און בוקן זיך פאַר די קאַטוילישע הייליקייטן, זיך צוריקקערן צו זייער פאָלק. און אויב אַפילו איין יידיש נפש וועלן מיר קענען צוריקגעווינען, דאַרף מען זיך שוין נישט אַנטקעגנשטעלן דער הילף פון די קריסטן. לאָמיר אַפילו גיין נאָך ווייטער. ווען אַפילו קיין איין יידיש קינד וועט זיך שוין נישט אומקערן צו זיין שטאַם, דאַרף מען זיי אויך ראַטעווען פון דער היטלעריסטישער פאַרצוקונג. מיר האָבן נישט קיין רעכט צו דיספּאָנירן מיט מענטשלעכע לעבנס און באַשטימען ווער לחיים און ווער למות.

אגב איז נישט זיכער, אַז די קינדער, וואָס וועלן אויסוואַקסן אַלס קריסט־לעכע, וועלן שוין דאָס גאַנצע לעבן בלייבן רעליגיעז. זיי קענען בייטן זייערע איבערצייגונגען און ווערן אַטעיסטן. ס'איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אַז פון צווישן די קינדער קענען אויסוואַקסן באַגאַבטע, גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס קענען ווערן דער שטאָלץ פון דער גאַנצער מענטשהייט און אַ סך צוהעלפן צו דער באַפרייונג פון דער וועלט פון די אַלע שרעקלעכע פלאָגן און אומגליקן, פון וועלכע עס ליידט די גאַנצע מענטשהייט — און צווישן איר, אין דער ערש־טער ריי און צום שטאַרקסטן — דאָס יידישע פאָלק.

נאָר רעליגיעזע פאַנאַטיקער אָדער שטאַרק־פינצטערע נאַציאָנאַליסטן, קע־נען פועלן ביי זיך נישט צו ראַטעווען קיין יידיש קינד מיט דער הילף פון קריסטן. עס איז אָבער אַלץ געטון געוואָרן, וואָס עס איז מעגלעך געווען אין יענע, זייער שווערע באַדינגונגען, כדי דאָס יידישע קינד צו האַלטן אונטער אַ באַשטימטער אויפזיכט און די יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן קינדער צו קריסטלעכע פאַמיליעס, האָבן געהאַלטן און גוט אָפּגעהיט די אַדרעסן פון די דאָזיקע קינדער. אָפטמאָל ביי אַ גרויסער ריזיקע, באַזוכט די יידישע קינדער און זייערע פאַמיליעס.

נאָך דער באַפרייונג איז דער פּראָצענט קינדער, וואָס איז געראַטעוועט גע־וואָרן מיט דער הילף פון קריסטלעכע פאַמיליעס אָדער דורך דער קירך געווען גאָר אַ באַדייטנדיקער און גאָר אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך גיך באַפרייט פון די קריסטלעכע געוווינהייטן און טראַדיציעס, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָנ־גענומען און צוריק געוואָרן פיינע יידישע קינדער.

אַ קלענער טייל איז דאָך פאַרלוירן געגאַנגען פאַר אונדזער פאָלק, דאָס הייסט: זיך אויסגעמישט מיט זיין נייער סביבה.

מיר האָבן, בכן, דעמאָלט ריכטיק געהאַנדלט.

*****

בנוגע מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט פאַרפליכטעט אַן אַנדער שטעלונג. די אָנפירונג האָט קיינעם נישט צוגערעדט, אַז ער זאָל פאַרלאָזן פראַנק־רייך, אָדער אַז ער זאָל אַוועקגיין פון דער אַקטיווער אַרבעט און זיך אויסבאַ־האַלטן אין לאַנד. ווען אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, אַפילו אַן אַקטיווער, האָט באַשלאָסן זיך אויסצובאַהאַלטן, האָבן מיר אים אין דעם צוגעהאָלפן מיט דעם, אין וואָס ער האָט זיך געניטיקט. די דעציזיע, האָט יעדער איינער געמוזט פאַר זיך אַליין אָננעמען. עס האָט אויך נישט געהערשט קיין פיינטלעכע אַטמאָס־פער בנוגע אַזאַ חבר ביי די, וואָס האָבן אויך זיך געקענט ראַטעווען און דאָס נישט געוואָלט טון. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז דער חבר וויל שוין נישט און קען שוין ווייטער נישט לעבן אונטער די שווערע און געפאַרפולע באַדינגונגען, און וויל אַוועקגיין פון אַקטיווער אַרבעט.

טיילמאָל האָבן דערביי אויך געשפּילט אַ ראָל פאַמיליע־מאָטיוון.

אונדזער פאַרטיי־אָנפירונג, איז ווי געזאָגט, געווען אין דער היגזיכט לאָ־

יאַל. כאָטש זי האָט געהאַט אַ מאָראַלישן רעכט צו זיין קעגן, ווייל די חברים פון דער צענטראַלער אָנפירונג האָבן נישט געזוכט זיך צו ראַטעווען, כאָטש זיי זענען געווען מער פון אַלע אונדזערע חברים באַדראָט שוין צוליב דעם, וואָס זיי האָבן געהערט צו די אַקטיוויסטע. און אַזוי דאַרף דאָס זיין. די אָנפירונג דאַרף דינען פאַר די מ״טגלידער אַלס מוסטער אין אַלע הינזיכטן. דערפאַר טאַקע האָבן מיר נישט געהאַט קעגן זיך קיין שום אָפּאָזיציע אין דער אָרגאַניזאַציע און אויף יעדער קאָנפערענץ, וואָס מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אין די אָקופּאַציע־יאָרן, איז שטענדיק אויסגעוויילט געוואָרן (אין געהיימע וואַלן) די זעלבע אָנפירונג.

דאָס האָט זיך אויך איבערגעחזרט שוין נאָך דער באַפרייונג. די חברים, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט אונדזער פּאַרטיי־אַרבעט אין די צייטן פון אונטער־גרונט, זענען אויך שפּעטער, נאָך דער באַפרייונג, ווייטער אויסגעוויילט געוואָרן אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן אונדזערע.

איך הייב אַרויס דעם דאָזיקן מאָמענט, ווייל פון דער אָנפירונג הייבט זיך אָן דער בוי און די טעטיקייט פון יעטוועדער דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע; ווייל אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן עקזיסטירט מחלוקות און ריוואַליזאַציעס; ווייל נישט געקוקט דערויף, וואָס אַ געוויסע צייט איז די אָנפירונג געווען צו־טיילט אויף עטלעכע חלקים: איין טייל פון איר האָט זיך געפונען אין ליאָן און די אַנדערע טייל אין גרענאָבל און אין פּאַריז, זענען פונדעסטוועגן ביי אונדז נישט אַנטשטאַנען קיין שום אינערלעכע רייבונגען. מיר אַלע האָבן געאַרבעט אין דער פולסטער האַרמאָניע.

# אַ באַזוך אין ניצע

אין די גרעסערע שטעט פון דער איטאַליענישער זאָנע האָבן זיך געפונען לאָקאַלע איינהייטס־קאָמיטעטן, וואָס זענען געבויט געוואָרן לויט דעם זעלבן מאָדוס, וואָס דער צענטראַלער איינהייטס־קאָמיטעט.

אונדזער שטענדיקער פאָרשטייער אין צענטראַלן איינהייטס־קאָמיטעט איז געווען פ. שראַגער, אָבער אויך מיר איז אויסגעקומען צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט מיטגלידער פון דעם דאָזיקן צענטראַלן איינהייט־קאָמיטעט, וואָס האָבן זיך געפונען אין ניצע. ווייטע נסיעות האָב איך דעמאָלט בדרך־כלל אויסגעמיטן. דערצו פלעגן מיר זיך באַנוצן מיט אונדזערע קוריערינס, וואָס האָבן גוט און געוויסנהאַפט אויסגעפירט די אָנפאַרטרויטע אויפגאַבן. עס זענען אָבער געווען פאַלן, ווען איך פערזענלעך האָב געמוזט זיך טרעפן מיט מיטגלידער פון דער אַלגעמיינער צענטראַלער אָנפירונג.

אַזאַ רייזע האָב איך געדאַרפט מאַכן קיין ניצע אין פרילינג 1943, כאָטש זי איז געווען אומפאַרגלייכלעך ווייניקער געפערלעך, ווי די רייזעס פון גרענאָבל קיין ליאָן, פונדעסטוועגן האָב איך אויסגעמיטן צו פאָרן מיט דער באַן און בין געפאָרן מיט „גאַפּאַלעאָנס וועג". דאָס מיינט מיט אַן אויטאָבוס, וואָס פאָרט פון גרענאָבל קיין ניצע דורך די אַלפּן. אַזאַ רייזע האָט גענומען 12 שעה.

מיר זענען געפאָרן מיט די געשלענגלטע וועגן פון די פּרעכטיקע אַלפּן־בערג. דער וועג האָט זיך געוויקלט פאַר אונדזערע אויגן, ווי אַ סערפּענטין, אָט העכער און העכער צווישן די בערג, ווי אַ מין ספּיראַל, און אָט, ווידער זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריקער און נידעריקער. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דער שמאָלער וועג האָט אַרומגענומען די בערג ווי מיט אַ גאַרטל און אונדזער אויטאָבוס באַוועגט זיך אויף אים איבערן באַרג־אָפּהאַנג. ווען מען האָט

פון דער הויך אַראָפּגעקוקט, האָט מען געזען פאַר זיך אַן אימהדיקן תהום און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ווען דער שאָפער זאָל מאַכן אַן אומפאָרזיכטיקע באַוועגונג מיטן רודער, פאַלן מיר אַלע אַראָפּ פון באַרג, גלייך אין דעם טיפן, פינצטערן תהום אַריין.

שעהן־לאַנג האָבן מיר זיך אַזוי באַוועגט איבער דער טאַשמע, וואָס האָט אַרומגעגאַרטלט די בערג, און אַלעמאָל, אומגעריכט פאַר זיך אַליין, זענען מיר אַרויסגעפאָרן אויף אַ פלאַכן שטח און געמיינט, אַז עס איז שוין אויס מיט די בערג. דאָס איז אָבער בלויז געווען אַ פּרעכטיקער גרינער טאָל צווישן צוויי גרופּעס פון בערג. און זיין וועג האָט ווידער געפירט אַרויף צו די ווייסע בערג־שפּיצן. מיר האָבן זיך ווייטער געשלענגלט אין די בערג. פון אַ ליכטיקן שטח־פּאַס פלעגן מיר אַריינפאַלן אין אַ שאָטנדיקן און פאַרקערט. מיר האָבן אויף די רוקנס פון די בערג געזען דעם שפּיל פון ליכט און שאָטן, אַ שפּיל פון הימל מיט דער זון און די וואָלקנס און איבער אַלץ האָבן געקיניגט די שניי־ווייסע בערג־שפּיצן.

אונטער אונדז אַנטפּלעקן זיך געקעסטלטע פעלדער אויף וועלכע עס פּאַשען זיך בהמות. אַן אומעטיקער און מאָנאָטאָנער קלאַנג טראָגט זיך פון זייערע האַלדז־גלעקלעך. עס איז שוין געווען פרילינג און אַלץ אַרום האָט זיך געוועקט צו אַ נייַ לעבן.

אין וועג האָבן מיר זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט און באַזוכט די שטעט גאַפּ און דיק, וואָס ליגן אין די באַס־אַלפּן און עס זענען שוין געווען, פאַר אונדז פּאַסאַזשירן, צוגעגרייט אין רעסטאָראַן טישלעך, באַשטעלט מיט פאַרשידענע מאכלים און געטראַנקען.

לאַנג פאַרהאַלטן האָבן מיר זיך נישט געקענט, מחמת עס איז געווען גענוי אויסגערעכנט, ווען אונדזער אויטאָבוס דאַרף אָנקומען קיין ניצע. האָבן מיר ווידער גענומען דעם וועג אין די טונקעלע בערג מיט זייערע ליכטיקע שפּיצן. מיר זענען אַדורכגעפאָרן די שטאָט פון בלומען אין פראַנצויזישן פּערפום־גראַס, די פּרעכטיקע געגנט פון דעם באַרימטן פאַרוויילונגס־צענטער קאַן, מיט זיינע לוקסוס־האָטעלן און ווילעס פון וועלט־באַרימטע פילם־סטאַרן און אַמעריקאַנער מאַגנאַטן און מיר זענען אָנגעקומען שוין פאַרנאַכט קיין ניצע.

אויף די וועגן, בעת מיר זענען אַריין און אַרויסגעפאָרן פון די שטעט, האָט אונדז די איטאַליענישע מאַכט נישט קאָנטראָלירט. דאָ און דאָרט פלעגן מיר באַמערקן איטאַליענישע סאָלדאַטן, אָבער סיי זייער אָפּגעלאָזענער הולך און סיי

זייערע אויגן האָבן נישט אַנגעדייט אויף עפּעס שלעכטס. זיי האָבן זיך געשלעפּט מיט די ביקסן, ווי מיט עפּעס אַ לאַסט, פון וועלכן זיי וואָלטן וועלן וואָס גיכער פּטור ווערן.

דאָס זענען נישט געווען די דייטשע זעלנער מיט זייער פּאַריסנקייט און געפּאַסטע מונדירן און מיט די כלי־זין אויף די אַקסל, וואָס זענען צו זיי צוגעוואַקסן, ווי עפּעס אַן אָרגאַנישער טייל פון זייערע קערפּערס.

די סאָלדאַטן, וואָס מיר האָבן געזען ליגן אין גראָז, האָבן די ביקסן זייערע באַצירט מיט פעלד־בלומען, אַז זיי זאָלן נישט האָבן אַזאַ רוצחישן אויסזען...

בכלל האָט זיך דאָס איטאַליענישע מיליטער געפּילט אַביסל זשענירט פאַר די פראַנצויזן. אַ קלייניקייט: אָקופּירן פראַנקרייך. די פראַנצויזן, ווידער, האָבן זיך געפילט טיף באַליידיקט. נישט אַזוי ווייט צוליב דער איטאַליענישער אויפפירונג, נאָר ווייל זיי האָבן נישט געקענט שלום־מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איטאַליענער זאָלן אָקופּירן זייער לאַנד. פראַנקרייך האָט הינטער זיך אַזאַ גלאָררייכע מיליטערישע טראַדיציע און וואָס פאַרמאָגן, משטיינס־געזאָגט, די איטאַליענער?

אָנקומענדיק קיין ניצע איז די ערשטע זאַך געווען: זיך זען מיט אונדזער חבר דוד בערקהויער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין די אַרבעטן פון אַלגעמיינעם פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט און זיך ביי אים אינפאָרמירן וועגן דער לאַגע אין ניצע. ער האָט געהאַט אַ שיינע וווינונג און מיך פאַרהאַלטן אויף אָוונטברויט. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט ווו צו טרעפן זיך מאָרגן און איך בין געגאַנגען זוכן פאַר מיר אַ נאַכטלעגער (ביי די גרויסע אָבלאַוועס אין ניצע, וואָס זענען שפּעטער דאָרט פאָרגעקומען, האָט מען דעם חבר בערקהויער און זיין פרוי דעפּאָרטירט קיין דייטשלאַנד. זיין פרוי איז אומגעקומען און ער אַליין איז על־פּי־נס אַרויס גאַנץ פון היטלעריסטישן גהינום).

טרעפן מענטשן אין ניצע, דאָס מיינט, אונדזערע יידישע יידן, האָט מען געעקנט, הויפּטזעכלעך, אין דער שול. די שטאָט אַליין האָט אויף מיר געמאַכט אַ מאָדנעם איינדרוק. איך האָב שוין אין מיין לעבן געזען אַ סך שטעט, אָבער אַזאַ שטאָט, ווי ניצע איז זייער שווער צו טרעפן אין דער גאָרער וועלט. אַ שטאָט מיט אַ יום־טובדיקן אויסזען אינדערוואָכנס. צבי לעווין, אַ זייער אַקטיווער צו יענער צייט טוער פון דער מפא״י, מיט וועלכן איך פלעג זיך אָפט טרעפן, האָט געפונען אַ ריכטיקע באַצייכענונג פאַר ניצע, בעת איך האָב אים דאָרט געטראָפן. דאָס איז אַ חול־המועד־שטאָט — האָט ער צו מיר געזאָגט.

איך בין אַוועק אינדערפרי אין דער שול. זי איז געווען פול מיט אַ סך מתפללים און נאָך מער מיט אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געוואָלט מיט עמעצן טרעפן וועגן עפּעס אַן ענין. עס איז גראָד געווען פּורים.

די שטימונג איז געווען אין שול אַזאַ, ווי אַמאָל אין פּוילן, פּורים צום מגילה־לייענען. אַ בעל־קורא האָט געלייענט די מגילה לויטן אַלטן פּויליש נוסח און יעדעס מאָל, ווען ער האָט דערמאָנט המנען, האָט מען געקלאַפּט מיט די פיס אין דער פּאָדלאָגע. עס זענען געשטאַנען אויף די טישן קערות און דער עולם האָט אַריינגעוואָרפן מטבעות אויף פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע צוועקן.

אַ צונויפגעלויף פון מענטשן פון פאַרשידענע שטעט און געגנטן פון פראַנקרייך גופא און פון פּוילן, בעלגיע, דאַנציק א״אַ. אַ קליינער קיבוץ־גלויות ביי די ברעגעס פון מיטללענדישן ים.

אין פאָליש און פאַר דער שול — פרויען מיט קינדערלעך אויף די הענט און קינדערלעך ביי זייערע קליידער. אשכנזישע און ספרדישע ייִדן. מען האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין אַנונג, אַז איבער דער אָנגעלאָפענער עדה ייִדן אין ניצע הענגט שוין אַ שווערד און אַ ליאַדע טאָג וועט זי זיך אַראָפּלאָזן אויף די קעפּ פון אונדזער אומגליקלעכער שארית־הפליטה.

נישט קיין שווערד פון איטאַליענישן אָקופּאַנט, נאָר פון נאַציסטישן. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז נישט געקוקט אויף די געמיינזאַמע צילן פון דיביידע פאַשיסטישע רעזשימען און אויף זייער געמיינזאַמען גורל, האָט דאָך דער איטאַליענישער פאַשיזם נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ חיהשע באַציִונג צו ייִדן, ווי דאָס איז געווען מצד דעם היטלעריזם.

אמת איז, אַז נאָך אין 1938 האָט מוסאָליני איינגעפירט אין איטאַליע די ראַסן־געזעצן, וואָס זענען געווען גאָר ענלעך צו די נאַציסטישע, אָבער אין דער פּראַקטיק האָט מען זיי אין אַ גאָר קליינער מאָס אָנגעווענדט.

עס איז באַקאַנט געווען דער דרוק, וואָס די נאַציס האָבן אויסגעאיבט אויף די איטאַליענישע גענעראַלן, אַז זיי זאָלן איינפירן אין זייער זאָנע די אַנטי־ייִדישע געזעצן, אָבער עס האָט זיי ווייניק וואָס געהאָלפן. נאָך מער, די איטאַליענער האָבן זיך קעגנגעשטעלט דער ווישי־פּאָליציי און אירע אַנטי־ייִדישע רדיפות. מען דערציילט, אַז אויך אין אַנדערע לענדער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער איטאַליענישער אָקופּאַציע, ווי גריכנלאַנד און קראָאַציע, האָבן די איטאַליענער נישט גערודפט קיין ייִדן.

די גוטע באַציִונג צו די ייִדן אין פראַנקרייך מצד דער איטאַליענישער מאַכט, האָט אַרויסגערופן סימפּאַטיע ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג, אַזוי ווייט, אַז מען האָט שוין פאַרגעסן, וואָס פאַרא ראָל דער איטאַליענישער פאַשיזם שפּילט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

אויף אונדזערע פּאַרטיי־גרופּעס האָב איך קלאָר אונטערגעשטראָכן, אַז נישט געקוקט אויף דער באַשיינפּערלעכער פריינטלעכער האַלטונג פון די איטאַליע־נער און דער וויכטיקער ראָל, וואָס דער איטאַליעניש־ייִדישער באַנקיר אַנזשע־ליקאָ דאָנאַטי שפּילט איצט אין די באַזעצטע דורך די איטאַליענער דעפּאַרטאַ־מענטן, דאַרפן מיר זיך דיסטאַנצירן פון דער איטאַליענישער אָקופּאַציע־מאַכט און אין אונדזערע אומלעגאַלע אויסגאַבעס פאַרנעמען אַ פיינטלעכע שטעלונג צו די איטאַליענישע אָקופּאַנטן, ווייל דאָס איז דאָך אַ פאַשיסטישע מאַכט, וואָס האָט אין בלוט אונטערדריקט די איטאַליענישע פרייע אַרבעטער־באַוועגונג, דערמאָרדעט דעם גרויסן סאָציאַליסטישן פירער מאַטעאָטי און איצט שטרעבט מוסאָליני מיט היטלערן צו באַהערשן גאַנץ אייראָפּע. איך האָב געהאַלטן, אַז מען דאַרף געניסן פון דער הילף מצד דער איטאַליענישער אָקופּאַציע, וואָס זי גיט ייִדן, אָבער מיר טאָרן נישט דערפאַר מאַכן איר וועלכע עס איז פּאָליטישע קאָנ־צעסיעס אָדער פאַרטונקלען איר רעאַקציאָנערן, פאַשיסטישן, אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער. מיר זענען ייִדן און סאָציאַליסטן, מיר זענען דעמאָקראַטן און לעבן אין פראַנקרייך, וואָס איז אָקופּירט פון די „אַקס־מלוכות” און וועגן דעם טאָרן מיר נישט פאַרגעסן.

אין דער שול האָב איך געטראָפן מיין אַלטן פּאַריזער פריינט, דעם באַקאַנטן שרייבער און זשורנאַליסט וואָטשע וועוויורקע. ער האָט געוווינט אין ניצע מיט זיין פרוי און קינדער. פון אים האָב איך זיך אַ סך דערוווּסט וועגן ייִדישן געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין ניצע און אין דער גאַנצער איטאַליענישער זאָנע פון פראַנק־רייך. ער האָט זיך זייער שטאַרק באַקלאָגט אויף דער ייִדישער פילאַנטראָפּיע און מיר האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַרברענגט צוזאַמען אין זיין קליינער וווינונג.

איך האָב געמוזט ווערן זיין גאַסט און זיין פרוי, אַ זייער טיכטיקע און ענער־גישע, האָט באַוויזן אירע קולינאַרע פעיִקייטן. פאַר דער מלחמה האָט זי געפירט אַ רעסטאָראַנדל אין פּאַריז.

איך האָב נישט געטראַכט דעמאָלט, אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע מאָל. ווי

איך פאַרברענג צוזאַמען מיט די דאָזיקע סימפּאַטישע ייִדישע מענטשן ביי דער פּורימדיקער סעודה.

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ניצע, האָבן זיי דאָרט אַדורכגעפירט אַ שרעקלעכע שחיטה.

עס איז נישט געלונגען צו רעאַליזירן דעם פּלאַן וועגן עוואַקויִרן די ייִדן קיין איטאַליע און דערנאָך קיין צפון־אַפריקע, אַ פּלאַן, וואָס איז אַקצעפּטירט געוואָרן דורך דער נייער איטאַליענישער רעגירונג פון באַדאָגליאָ און זיין אי־נערן־מיניסטער באַנאָמי.

אויך וועוויורקען מיט זיין פרוי האָבן די דייטשן דעפּאָרטירט און זיי זענען אומגעקומען. די צוויי זין זייערע, זייער ווילע, דעמאָלט נאָך יונגע ייִדישע סאָציאַליסטן, האָב זיך געראַטעוועט אין דער שווייץ.

עטלעכע טעג האָב איך פאַרברענגט אין ניצע, דערליידיקט אַלע אָרגאַני־זאַציאָנעלע און פינאַנציעלע ענינים מיטן אַלגעמיינעם פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט און מיט אַ גרעסערער סומע געלט, בשלום זיך אומגעקערט קיין גרענאָבל.

# די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג

עס וואָלט פאַלש געווען צו מיינען, אַז גאַנץ פראַנקרייך — אַלע קלאַסן און שיכטן פון פראַנצויזישן פאָלק זענען געווען קאַטעגאָרישע קעגנער פון היטלער־דייטשלאַנד און געווען באַהערשט פון דער אידעע און הייסן ווונטש, אַז היטלער־דייטשלאַנד זאָל ליידן אַ צעשמעטערנדיקע מפלה.

עס זענען געווען קרייזן, וואָס האָבן געשטרעבט דערצו, אַז אויך אין פראַנקרייך זאָל איינגעשטעלט ווערן אַ טאָטאַליטאַרער רעזשים און אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע קרייזן זענען געשטאַנען מאַרשאַל פּעטען און פּיער לאַוואַל. פון אָנהייב האָט נאָך געווירקט אויפן ברייטערן עולם די לעגענדע, פּעטען, דער העלד פון ווערדען. און אַ סך האָבן געטראַכט, אַז די ווישי־רעגירונג מיט פּעטענען אין דער שפּיץ, וועט אויסנוצן די לאַגע, כדי צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד קעגן דייטשישן אָקופּאַנט. אַ באַשטעטיקונג פון דעם האָט מען געוואָלט זען אין דעם פאַקט, וואָס די דייטשן האָבן נישט פאַרנומען אַלע זאָנעס אין פראַנקרייך און דאָרט, ווו עס האָט נאָך געהערשט די ווישי־רעגירונג, האָט די באַפעלקערונג גענאָסן פון געוויסע פרייהייטן. אויב די ווישי־רעגירונג האָט דורכגעפירט אַרעסטן צווישן די ווידערשטעענדלער, האָט אָבער אויך פּאַסירט און דאָס נישט זעלטן, אַז די פּאָליציי האָט געהאָלפן די פרייהייט־קעמפער און אַרויסגעוויזן גרויס סימפּאַטיע צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. די דייטשן זענען אָבער געוואָרן די בעל־הבתים פון גאַנצן לאַנד און זיי האָבן פאַרלאַנגט פון דער ווישי־רעגירונג אַ ריינע, אַ גאַנצע אַרבעט. דער אָנזען פון די ווישי־לייט האָט אָנגעהויבן פאַרטונקלט צו ווערן. פראַנצויזן האָבן אָנגעהויבן איינצוזען די אמתע ראָל פון פּעטענען און זיינע מיטהעלפער און זיך אָנגעהויבן אָפּצוקערן פון פּעטענען און זיין „נאַציאָנאַלער רעוואָלוציע“. דאַקעגן האָט פּעטען און זיין קליקע גענאָסן פון

גרויס סימפּאַטיע אין די קרייזן פון דער פראַנצויזישער פּלוטאָקראַטיע און ביי די קעגנער פון דער רעפּובליק. אויך צווישן דעם הויכן קלער געפינט דער ווישי־רעזשים אַנהענגער, און עס האָט זיך אַנגעהויבן אַ וואַקכאַנאַליע קעגן פראַנ־צויזישן פּאַרלאַמענטאַרישן רעזשים, וועלכע די פראַנצויזישע פאַשיסטן און דייַ־טשישע קאָלאַבאָראַציאָניסטן האָבן געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מפּלה פון דער פראַנצויזישער אַרמיי.

עס וואָלט אויך געווען פאַלש צו טראַכטן, אַז באַלד נאָך דער פראַנצויזישער מפּלה, אַלס תיכפדיקער ענטפער אויף איר, איז אַנטשטאַנען די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס האָט ביי אַנדערע באַדינגונגען און מיט אַנדערע מיטלען פאָרגעזעצט דעם קריג אין לאַנד און אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס קעגן היטלעריסטישן אָקופּאַנט.

מען דאַרף געדענקען, אַז פראַנקרייך האָט פאַרלוירן אַ וועלכע 115 טויזנט טויטע און פאַרשוווּנדענע און אין דער דייטשישער געפאַנגענשאַפט זענען אַריינ־געפאַלן 1 מיליאָן 800 טויזנט מיליטער־לייט. צו דער דאָזיקער קאָלאָסאַלער ציפער דאַרף מען נאָך צוגעבן 600 טויזנט דעפּאָרטירטע אויף צוואַנג־אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אַזאַ מעכטיקן בלוט־אָפּפלוס פון די סאַמע יינגסטע און לעבעדיקסטע כוחות פון פאָלק, האָט געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויף דער קאַמף־גרייטקייט פון די פראַנצויזישע דעמאָקראַטישע און פּאַטריאָטישע כוחות.

די גרויסע מערהייט פון פראַנצויזישן פאָלק איז נאָך דער מפּלה באַהערשט געוואָרן פון אַן אַפּוואַרטנדיקער שטימונג פון דעם אַזוי־גערופענעם „אַטענטיזם". מען איז געווען אַנטי־דייטשיש, אָבער אַטענטיסטיש.

די ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז דעריבער אַנטשטאַנען אַ סך שפּעטער, ביי באַדינגונגען פון וואַקסנדיקער פאַראַרעמטקייט אין לאַנד, ווען דאָס פאָלק האָט זיך געפילט אָפּגענאַרט, ווען אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשטאַרקן דער דייטשישער טעראָר פון איין זייט און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אין פאָלק דער פאַרראַט מצד די פראַנצויזישע פאַשיסטישע און קאָרומפּירטע עלעמענטן פון דער צווייטער זייט.

פירן ביי אַזעלכע באַדינגונגען אַ ווידערשטאַנד־אַרבעט איז געווען אַ סך שווערער און מען האָט געדאַרפט באַזיצן מער קוראַזש און אויסדויער־קראַפט, ווי בעת אַן אָפענעם באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן דעם פרעמדן אָקופּאַנט.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען זענען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אין די ערשטע צייטן, געגאַנגען, נאָר און הויפּטזעכלעך, אידעאַליסטן און מיט דער אָר־

גאַניזירונג און אָנפירונג פון אָט דער באַוועגונג האָבן זיך פאַרנומען די פּאָ־ליטישע פּאַרטייען, אין דער ערשטער ריי — די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. שפּע־טער, ווען היטלער־דייטשלאַנד איז באַפאַלן רוסלאַנד, זענען אויך די קאָמוניסטן אַריבערגעגאַנגען צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. דאָס איז נוגע דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג אין אינערן פון לאַנד. אין אויסלאַנד, אין לאָנדאָן, איז אין דער שפּיץ פון קאַמף פאַר פראַנקרייכס פרייהייט געשטאַנען גענעראַל דע גאָל, אַרומ־גערינגלט פון די קאָנסערוואַטיווע פראַנצויזישע קרייזן.

אַ מאַסן־כאַראַקטער, אין דעם רעלאַטיוון זין פון וואָרט, איז די ווידער־שטאַנד־באַוועגונג געוואָרן ערשט דעמאָלט, ווען די דייטשישע מאָביליזאַציע אויף אַרבעט איז אַדורכגעפאַלן אין פראַנקרייך.

די דייטשן האָבן אַפילו געפּרוווט צו גיין אויף אַ „הנחה". פאַר 3 (דריי) פראַנצויזישע פאַכמענער, אַהיימלאָזן פון די דייטשישע לאַגערן אין פראַנצויזישן קריגס־געפאַנגענעם. ווען דאָס איז אויך נישט געלונגען, האָבן די דייטשן דער־קלערט אַ צוואַנגס־מאָביליזאַציע אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און מען האָט אָנגעהויבן צו כאַפּן יוגנטלעכע פון די גאַסן, צו מאַכן אָבלאַוועס אד"גל.

אָט די דאָזיקע דראַקאָנישע מאָסמיטלען, כדי צו ברעכן דעם פראַנצויזישן ווידערשטאַנד, האָבן גורם געווען אַ שטאַרקן צופלוס צו דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

עס זענען אַנטשטאַנען די שפּעטער באַרימטע „מאַקיס" (דאָס וואָרט נעמט זיך פון קאָרסיקע). די מאַקיס, דאָס זענען געווען באַהעלטענישן אין די בערג, אין די וועלדער און ביי פּויערים אד"גל. פאַר די פראַנצויזישע פּאַטריאָטן און ווידערשטענדלער. ווער עס האָט נישט געוואָלט ווערן מאָביליזירט צו אַרבעט אין דייטשלאַנד, איז אַוועק אין די „מאַקיס". פון זיי האָבן זיך רעקרוטירט די אַנטי־פאַשיסטישע פראַנצויזישע קאַמף־גרופּן אונטער די פאַרשידנסטע נעמען, ווי: „פ. פ.", „פ. פ. ל." (פאָרס פראַנסעז ליבער), פ. פ. י. פ. פ. פ. (פראַנצויזישע אינערלעכע קראַפט, פראַנצויזישער פּאַטריאָטישער פראָנט), וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ גאָר גרויסע געפאַר פאַר דער אָקופּאַציע־מאַכט. באַוואָפנט זענען די גרופּעס געווען מיט געווער, וואָס איז געוואָרן פּאַראַשוטירט פון ענג־לאַנד, באַשפייזט זענען זיי געוואָרן פון די אַרומיקע פּויערים און געשטיצט פון די מעריס.

עס איז שווער געבוי אָנצווייזן אויף דער מיליטערישער באַדייטונג פון די

„מאַקיזאַרן" און זייער הילף פאַר דער אַלייִרטער אַרמיי בעת דער באַפרייונג פון פראַנקרייך.

די מאַקיזאַרן מיט זייערע אָפטע איבערפאַלן אויף דייטשישע סאָלדאַטן און גאַנצע אָפּטיילונגען, מיט זייערע סאַבאָטאַזש־אַקטן און אַטענטאַטן, האָבן ביי די דייטשן געשאַפן אַ געפיל פון אומזיכערקייט און דעמאָראַליזירט די דייטשישע כוחות און זייערע פראַנצויזישע צוהעלפער פון ווישי.

דער גענעראַל אייזענהאַוער האָט אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון די פראַנצוי־זישע מאַקיס אויף 15 נאָרמאַלע דיוויזיעס.

אמת איז, אַז אַפילו אָן דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָלטן די אַלייִרטע אַרמייען באַזיגט היטלער־דייטשלאַנד, אָבער דאָס וואָלט געמוזט נעמען מער צייט און אויך פאַראורזאַכן אַ סך מער קרבנות.

עס איז גענוג אָנצוווייזן אויף דער הילף פון די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־כוחות בעת דער לאַנדונג פון די אַלייִרטע אין צפון־פראַנקרייך (זייער אינפאָר־מאַציע־דינסט, די הילף פון דער ציווילער באַפעלקערונג און די דיוויזיעס פון גענעראַל לעקלערק און פון דעלאַטער דע טאַסיני), כדי אָפּצושאַצן די וויכטיקע באַדייטונג פון די ווידערשטענדלער בלויז אַפילו פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט.

איז דעריבער פאַרשטענדלעך, די שנאה מיט וועלכער די דייטשן און די ווישי־לייט האָבן באַקעמפט די מאַקיס און די אכזריות, מיט וועלכער זיי האָבן פאַרפאָלגט די פראַנצויזישע פרייהייט־קעמפער.

דאָס לעבן פון אַ ווידערשטענדלער האָט זיך געפונען אין אַ פּערמאַנענטער געפאַר. עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן די דראַקאָנישסטע געזעצן קעגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

לויט אַ געזעץ פון 14טן אויגוסט 1941 זענען ביי די אַפּעלאַציע־געריכטן געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע סעקציעס אין וועמענס קאָמפּעטענצן עס זענען גע־לעגן אַרויסצוטראָגן ענדגילטיקע אורטיילן.

אין ליאָן און פּאַריז זענען געשאַפן געוואָרן רעגירונגס־טריבונאַלן, וואָס האָבן געקענט אַנגאַזשירן אַלס ריכטער, וועמען זיי האָבן נאָר געוואָלט. שפּעטער זענען געשאַפן געוואָרן שנעל־געריכטן, כדי אָן שום באַגרענעצונגען און אָן קיין שום פאָרמעלע שטערונגען צו קענען פאַראורטיילן די ווידערשטענדלער צום טויט און תיכף ומיד אויספירן דעם אורטייל. עס איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער טעראָריסטישער סיסטעם, וואָס האָט געדינט דער אָקופּאַציע־מאַכט צו גאַ־

ראַנטירן איר זיכערקייט אין לאַנד און העלפן פאַרפעסטיקן די ממשלה פון דער ווישי־רעגירונג איבערן לאַנד.

פון די פאַרשידנסטע דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען איז די שרעקלעכסטע געווען די געשטאַפּאָ. אַריינפאַלן אין אירע לאַפּעס, האָט באַטייט — טויט, אָבער נישט קיין איינפאַכער, אָדער גיכער טויט.

צוערשט האָט מען דעם ווידערשטענדלער געפּייניקט מיט די ראַפינירטסטע מיטלען. די געשטאַפּאָ האָט געוואָלט עפּעס פון אים געוווּיר ווערן. מען האָט זיך גענומען צו זיין פאַמיליע, מען האָט פאַרניכטעט זיין פאַרמעגן. אויב דער ווידערשטענדלער האָט שוין אַריבערגעטראָגן די שרעקלעכסטע פּייניקונגען, איז דאָס נאָך נישט געווען פאַר אים גענוג. מען האָט אים פאַרשיקט אין דייטשישן קאָנצענטראַציע־לאַגער. דאָ איז ער ווידער אויסגעשטאַנען שרעקלעכע פּייניקונגען און צרות. און וויפל פון די פראַנצויזישע העלדישע ווידערשטענדלער האָבן זיך שוין נישט אומגעקערט פון דעפּאָרטאַציע?

די פון די מאַקיזאַרן, וואָס מען האָט געכאַפּט מיט געווער אין האַנט, האָט מען אויפן אָרט דערשאָסן. אין אַ געוויסער צייט שפּעטער פלעגט מען געפינען דערשאָסענע מאַקיזאַרן און עס איז אָפטמאָל שווער געווען פעסטצושטעלן זייער אידענטיטעט. עס איז געווען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט.

אָפט זענען אין די גאַסן אויסגעבראָכן פּלוצימדיקע שיסערייען. די גאַסן ווערן אין איין מינוט ווי אויסגעשטאָרבן. וואָס האָט פּאַסירט? אַ ווידערשטענדלער האָט דערשאָסן אַ דייטשישן הונט און ער האָט זיך אָפּגעשאָסן און זיך געראַטעוועט פון די פאַרפאָלגערס. די דייטשן האָבן זיך דערפאַר נוקם געווען אין די צופעליקע פאַרבייגייער און זיי געכאַפּט אויף דעפּאָרטאַציע.

ווי אין יעדער אומלעגאַלער באַוועגונג האָבן זיך אויך אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אַריינגעגנבעט פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר ביידע צדדים. עס זענען דעריבער פאָרגעקומען גרויסע אַרעסטן און מען איז שטענדיק געווען אויסגעשטעלט אויף גרויסע געפאַרן.

כדי צו האָבן אַ שטיקל פאָרשטעלונג וועגן דעם פאַרנעם פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין די שפּעטערדיקע יאָרן, איז כדאי אָנצוווייזן, אַז אַן ערך 115 טויזנט ווידערשטענדלער זענען געוואָרן דעפּאָרטירט קיין דייטשלאַנד, פון זיי האָבן זיך בלויז 40 טויזנט צוריקגעקערט קיין פראַנקרייך נאָך היטלערס מיליטערישער מפּלה.

אין די קאַמפּן מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן (אָפּטמאָל נאָך מיט יונגע לעבנס) אַ װעלכע 30 טויזנט פראַנצויזישע װידער־שטענדלער, צװישן װעלכע עס האָט זיך געפונען אַ היפּשע צאָל ייִדן.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט די װידערשטאַנד־באַװעגונג געמוזט זייער שטאַרק זאָרגן פאַר דער זיכערקייט פון יעדן װידערשטענדלער.

צום לייכטסטן איז זיך געװען אויסצובאַהאַלטן אין די בערג און אין די געגנטן מיט אַ סך װאַלד. די שטאָטישע באַפעלקערונג האָט אַרויסגעװיזן גרויס סימפּאַטיע פאַר די װידערשטענדלער, דאַקעגן אין דאָרף, מצד די פּויערים, איז דאָס נישט שטענדיק געװען אַזוי. דער פּויער באַציט זיך בטבע מיט אומצוטרוי צו די שטאָטישע עלעמענטן, באַזונדערס צו מענטשן, װאָס שטאַמען נישט פון זיין געגנט און אַװדאי האָט ער זיך שוין געהאַלטן רעזערװירט בנוגע די אויסלענדער פון די מאַקיס. עס פלעגט פּאַסירן, אַז צוליב דער דאָזיקער נישט־פריינטלעכער באַציִונג האָבן די מאַקיזאַרן געמוזט בייטן זייער פּלאַץ.

די ערשטע אַרבעט פון דער אונטערערדישער װידערשטאַנד־באַװעגונג, סיי אַלגעמיינער, סיי ייִדישער, איז געװען באַזאָרגן די אַלע יונגעלייט, װאָס האָבן נישט געװאָלט גיין אויף צװאַנג־אַרבעט קיין דייטשלאַנד, מיט גוטע פּאַפּירן. מער װי אַ האַלבן מיליאָן פאַלשע אַרבעט־קאַרטן, אידענטיטעט־קאַרטן און שפּייז־קאַרטן זענען אַרויסגעגעבן געװאָרן אין מער װי 40 טויזנט פאַלשע שטעמפּלען זענען געװאָרן פאַבריצירט — נישט־רעכענענדיק די אַלע פאַלשע פּאַפּירן, װאָס די מעריס אַליין האָבן אַרויסגעגעבן.

די מאַקיזאַרן האָבן געהאַט אַ זייער שװער לעבן. עס איז זיי אָפּטמאָל אויס־געקומען צו לעבן אין עפּעס אַ נאָרע אין װאַלד, אָן ליכט און אָן באַהייצונג, אין קאַלטע װינטער־נעכט און אָפּטמאָל צו הונגערן. שוין דאָס אַליין, װאָס עס פלעגט אויסקומען צו זיין איזאָלירט לאַנגע טעג און אַפילו װאָכן פון אַ לעבעדיקן ישוב, האָט שטאַרק געװירקט אויפן געמיט.

דער װידערשטענדלער האָט זיך געמוזט צוגעװױנען צו גאָר אַ נייעם לעבנס־סדר. לעבן אויף אַ פאַלשן נאָמען, בייטן דעם װױנאָרט און פאַך, גיין פאָרזיכ־טיק איבער די גאַסן און האָבן אָפענע אויגן אויפן גאַנצן אַרום. אַריינגנבענען זיך אויף אַ קאָנספּיראַטיװער דירה און געװענוי געדענקען, װוּהין צו גיין. מאַכן אַ רייזע מיט דער באַן איז געװען אַ גרויסע אונטערנעמונג פאַר אַ װידער־שטענדלער און ער האָט געמוזט װעגן און מעסטן יעטװעדע באַװעגונג, באַזונדע־װען ער האָט געדאַרפט װאַרטן אין װאָקזאַל אויף אַ פאַרבינדונג. ער האָט געמוזט

אַפּט ענדערן זיין אויסזען און הולך. אַזוי האָט ער געלעבט חדשים און יאָרן, אויב גאָט האָט געגעבן און ער איז נישט אַריינגעפאַלן בעת אַ „ראַפלע" (אַבלאַווע) אין גאַס אָדער אין האָטעל, ווו ער האָט געוווינט, אָדער ביי דער אַרבעט צוליב אַ מסירה אָדער אומפאָרזיכטיקייט. דער עיקר: דער ווידערשטענדלער האָט געלעבט מיטן טאָג און ער האָט נישט געוווסט, וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג קען אים ברענגען. אַ לעבן, וואָס איז מיר זייער נאָענט געווען, ווייל עס האָט מיר דערמאָנט אָן מיין אייגענער פאַרגאַנגענהייט אין דעם אַמאָליקן פוילן.

די פראַנצויזן זענען אַן אינטעליגענט פאָלק מיט גרויסע דערפינדערישע פעיִקייטן און זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו דער נייער פאַר זיי, גרויזאַמער, ווירקלעכקייט. אויב אין אָנהייב איז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג געווען זייער שוואַך און איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון אידעאַלישע מענטשן, האָט זי אין די ווייטערדיקע יאָרן אָנגענומען אַ מאַסן־כאַראַקטער.

דער נאַציאָנאַל־ראַט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון פאַרשידענע פּאַרטייען און ריכטונגען, האָט אַרויסגעגעבן אַ סך אומלעגאַלע ליטעראַטור און דיספּאָנירט מיט נישט לעגאַלע ראַדיאָ־סטאַציעס, שוין אָפּגערעדט פון די ריזיקע סקלאַדעס מיט געווער, וואָס ער האָט באַקומען פון ענגלאַנד אויפן לופט־וועג. כדאי צו באַמערקן, אַז די דייטשן איז געלונגען אין משך פון דער גאַנצער צייט, צו פאַרכאַפּן 54 ראַדיאָ־פּאָסטנס און 20 טאָן קריגס־מאַטעריאַל, וואָס איז געקומען פון ענגלאַנד.

אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָבן זיך צונויפגעטראָפן פאַרשידענע עלעמענטן, אַזעלכע, וואָס זענען באַקאַנט געווען זינט יאָרן אַלס פאָרשטייער פון פראַנצויזישן קאַפּיטאַל, מיט די, וואָס האָבן זינט צענדליקער יאָרן באַקעמפט דעם קאַפּיטאַליסטישן פראַנצויזישן סדר מיט אַלע זיינע קאָנסעקווענצן פאַרן פראַנצויזישן פאָלק.

די מפּלה פון דער פראַנצויזישער אַרמיי און די דייטשישע אָקופּאַציע פון לאַנד, האָט גורם געווען אַ נייע פּאָליטישע איבערגרופּירונג ביי די פאַרשידענע פּאַרטייען מיט וועלכע פראַנקרייך איז אַזוי רייך. די פונדאַמענטאַלע טיילונג איז נישט פאָרגעקומען אָפּהענגיק פון דער קלאַסן־אָנגעהעריקייט און די קלאַסן־אינטערעסן, וואָס יעדע פּאָליטישע גרופּירונג האָט פאַקטיש רעפּרעזענטירט, נאָר גאָר לויט אַן אַנדער ליניע: ווער איז פאַר אַ וואָפן־שטילשטאַנד מיט דייטשלאַנד און ווער קעגן? האָט זי באַקומען, אַז אַזעלכע טיפּישע פאָרשטייער פון פראַנצויזישן גרויס־קאַפּיטאַל, ווי, למשל, פּאָל רעינאָ, אָדער לוי מאַרען, — מענטשן, וואָס האָבן

שוין מער ווי איין מאָל פאַרנומען וויכטיקע רעגירונגס־פּאָסטנס, האָבן זיך גע־פונען אין איין לאַגער מיט די סאָציאַליסטן און שפּעטער, ווען היטלער איז באַ־פאַלן רוסלאַנד — אין איין לאַגער אויך מיט די קאָמוניסטן, וועלכע מען האָט צוגעלאָזט צו דעם נאַציאָנאַל־ראַט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דערמיט ווילט זיך נישט זאָגן, אַז די פראַנצויזישע פינאַנץ־אָליגאַרכיע האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זייער קלאַסן־עגאָאיזם האָט זיי דיקטירט אַן אַנדער פּאָליטיק. די פינאַנץ־אָליגאַרכיע איז געווען צופרידן פון פּעטענס רעזשים, מיטן טאָטאַליטאַרן שטאַט און דער שטרעבונג אָנצושפּאַרן זיך אָן דער קירך.

אויב עס איז געווען צווישן דער פינאַנץ־אָליגאַרכיע אין דעם ווישי־רעזשים אַ געוויסער דיסאָנאַנס, האָט זיך דאָס באַצויגן נישט צו דער אינערלעכער פּאָ־ליטיק פון דער ווישי־רעגירונג, נאָר גיכער צו דער אויסערלעכער פּאָליטיק אירער.

מען האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו היטלער־דייטשלאַנד און צו דעם נייעם אייראָפּע, אויף וועלכער עס האָט זיך אָריענטירט פּעטען און לאַוואַל.

פון דער אַנדערער זייט, אָבער, ווייל די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אַריינ־גענומען אין זיך עלעמענטן פון פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן און פּאָליטישע גרופּירונגען, האָט אין איר געהערשט אַ גרויסע קאָנפוזיע, בפרט אין די ערשטע צייטן.

אין לאָנדאָן האָט זיך געפונען גענעראַל שאַרל דע גאָל, פריִער אַן אומבאַ־קאַנטער פראַנצויזישער אָפיציר, און איצט — דער אָנערקענטער פירער פון דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. ער געהערט צו די ערשטע אין פראַנק־רייך, וואָס האָבן נישט געוואָלט אַקצעפּטירן די פראַנצויזישע מיליטערישע מפּלה און אָנערקענען פאַר פראַנקרייך די ראָל פון אַ באַזיגט פאָלק.

אין זיין באַרימטער פּאַטריאָטישער ווענדונג צום פראַנצויזישן פאָלק דעם 18טן יוני 1940 האָט ער געוואָרפן די לאָזונג: „גלייבט מיר, ס'איז גאָרנישט נאָך פאַרלאָרן פאַר פראַנקרייך. דער אויסגאַנג פון קריג ווערט נישט באַשטימט דורך די שלאַכטן פון פראַנקרייך, דאָס איז אַ וועלט־מלחמה. און דערפאַר זענען מיר נישט אַליין און מיר וועלן זיגן אין דער צוקונפט״, — האָט דעמאָלט דערקלערט דע גאָל. אין 5 יאָר שפּעטער האָט פראַנקרייך צוזאַמען מיט די אַליִירטע אונטער־געשריבן די באַדינגונגלאָזע קאַפּיטולאַציע פון היטלער־דייטשלאַנד.

גענעראַל דע גאָל, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט פראַנצויזישע פּאַט־

ריאָטן פון קאָנסערוואַטיוון שניט, האָט אין אַלע זיינע רעדעס און מעסאַזשן גע־שטעלט דעם טראָפּ אויף דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג פון פראַנקרייך, אויף דעם ווידער־אויפבוי פון פאָטערלאַנד, אָבער וועגן דער ווידער־אויפריכטונג פון דער פראַנצויזישער רעפובליק, האָט ער געשוויגן. און עס האָט זיך דעמאָלט באַקומען, אַז די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין לאַנד איז געווען לינק־אָריענטירט, בעת דער לאָנדאָנער צענטער מיט דע גאָלן אין דער שפּיץ, איז געווען רעכטס.

די לאַגע האָט זיך געביטן נאָכדעם, ווי עס איז פאָרגעקומען אַ בריוו־אויס־טויש צווישן דע גאָלן און לעאָן בלומען, און ווען עטלעכע אָנגעזעענע סאָציאַ־ליסטן זענען געפאָרן קיין לאָנדאָן אַלס דע־גאָלס מיטאַרבעטער. דע גאָל האָט פאַרעפנטלעכט אַ דעקלאַראַציע, דאָס איז שוין געווען אין יוני 1942, וואָס איז דערשינען אין דער אומלעגאַלער פּרעסע אין לאַנד און אין וועלכער עס האָט זיך געזאָגט קלאָר און בולט, אַז נאָך דעם זיג וועט אין פראַנקרייך צוריק איינ־געשטעלט ווערן אַ רעפובליק און עס וועלן ווידער פאַרפליכטן די טראַדיציאָ־נעלע פראַנצויזישע פרייהייטן אד״גל.

# די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי

איינע פון די הויפּט־זיילן פון דער פראַנצויזישער אונטערערדישער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג איז געווען די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

אירע בעסטע טוער זענען געווען אַקטיוו אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און די פראַנצויזישע אַרבעטער־מאַסן האָבן שטענדיק זיך אָפּגערופן אויף דעם אַפּעל פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, צי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּאָ־ליטישן קאַמף קעגן דער נאַצישער אָקופּאַציע און אירע ווישי־מיטהעלפערס, צי ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן סאַבאָטירן און באָיקאָטירן אַלע באַשלוסן פון דער אָקופּאַציע־מאַכט וואָס האָבן געשטרעבט אויסצוזויגן דאָס לאַנד פון אירע רעסורסן און פרי׳ער פאַר אַלץ פון אירע לעבעדיקע כוחות. די אַקטיווקייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט נישט געליטן דערפון, וואָס אַ צאָלרייכע גרופּע סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאַרטיי פאַר זייער קאַפּיטולאַנטישער האַלטונג בנוגע דעם ווישי־רעזשים. די פּאַרטיי איז אויך נישט פּאַראַליזירט געוואָרן אין איר טעטיקייט נאָך דער דעפּאָרטאַציע פון אַ רייע סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי אויך לעאָן בלום. נייע און יונגע כוחות האָבן זיך אַרויסגערוקט און פאַרנומען די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע און געפערלעכסטע פּאָזיציעס אין דער פּאַרטיי.

נאָך דער ערשטער אויפטרייסלונג וואָס די פּאַרטיי האָט באַקומען, אַריבער־גייענדיק פון אַ לאַנגיאָריקער לעגאַלער עקזיסטענץ צו אַ ניי אונטערערדיש לעבן, האָט זי זיך בהדרגהדיק צוריקגעשטעלט אויף די פיס. אמת, אין די ערשטע צייטן האָט מען נישט צוריק אויפגעשטעלט די פּאַרטיי אונטער איר אַלטן פּאַרטיי־נאָמען: ס. פ. י. א. (פראַנצויזישע סעקציע פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל), נאָר אַלס „קאָמיטעט פאַר סאָציאַליסטישער אַקציע". דער דאָזיקער קאָמיטעט איז

אַנטשטאַנען אין יאַנואַר 1941 און זיין ערשטער סעקרעטאַר איז געווען ריביער, שפּעטער האָט זיין אָרט פאַרנומען דער ענערגישער אָרגאַניזאַטאָר, קלוגער פּאָליטיקער און געטרייער תּלמיד פון לעאָן בלומען — דער יונגער דאַניעל מאַיער.

עס זענען אייגנטלעך געשאַפן געוואָרן צוויי קאָמיטעטן. איינער — פאַר דעם צפון־טייל פון לאַנד און דער צווייטער — פאַר דעם דרום־טייל.

עס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די סאָציאַליסטישע צייטשריפט „סאָציאַליזם און פרייהייט". צו דע־גאָלן האָבן זיך פון אָנהייב די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן באַצויגן מיט רעזערוו. דאָס האָט זיך גענומען צוליב דעם טיף־איינגעוואָרצלטן אַנטי־מיליטאַריזם און צוליב דעם, וואָס דע־גאָל האָט, ווי שוין דערמאָנט, נאָר גערעדט וועגן פראַנקרייך און קיינמאָל נישט דערמאָנט די פראַנצויזישע רעפּובליק. אויך אין לאָנדאָן האָבן זיך די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן גרופּירט מחוץ דער דעגאָליסטישער סביבה און געשאַפן דאָרט דעם „זשאַן זשאָרעס"־קרייז.

נאָך דעם בריוו־אויסטויש צווישן דע־גאָלן און לעאָן בלומען האָט זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָנגעשלאָסן אין „פראַנס ליבר" פון דע־גאָל און דאָס האָט געהאַט אַלס קאָנסעקווענץ, אַז איין סאָציאַליסט, דער באַקאַנטער פּובליציסט און קענער פון פינאַנץ־ענינים, אַנדרע פיליפּ איז געוואָרן אַ מיטגליד פון „באַפרייונגס־קאָמיטעט" (יולי 1942) און דאָרט באַקומען דעם אַמט פון אינערן־מיניסטער און אַנדערע סאָציאַליסטן, ווי פּיער בלאָך, בראָסאָלעט א"אַנד. האָבן אויך פאַרנומען וויכטיקע אַמטן.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז נישט באַלד רעקאָנסטרויִרט געוואָרן דערפאַר, ווייל אַזאַ איז געווען די אָנווייזונג פון לעאָן בלומען, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אין טורמע אין דער שטאָט ריאָם. די מאָטיוון זיינע זענען געווען, אַז די רעקאָנסטרוקציע פון דער פּאַרטיי קען אַרויסרופן אַ ריוואַליזאַציע צווישן די פּאַרטייען אינערהאַלב דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ווייל דעם ביישפּיל וועלן אויך נאָכטאָן די קאָמוניסטן א"אַנד. און דאָס קאָן שטערן דער אַרבעט פון ווערבירן פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

די סאָציאַליסטישע אַקציע־קאָמיטעטן און די ביידע טיילן פון פראַנקרייך האָבן נישט לאַנג עקזיסטירט, ווייל שוין אין 1943 איז ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן די אַלטע ס. פ. י. א. — די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

די רעקאָנסטרוקציע פון דער פּאַרטיי איז געוואָרן באַגלייט מיט אַן ערנסטער קאָנטראָל פון די מיטגלידער. אַלע דעפּוטאַטן, וואָס האָבן קאַפּיטולירט פאַר פּע־

טענען און געשטימט פאַר אים, זענען געוואָרן באַזייטיקט פון דער פאַרטיי פאַר אָפענע קאָלאַבאָראַציע מיטן ווישי־רעזשים. דער פאַקט, וואָס די קאָמוניסטן האָבן זיך אויך צוריק רעקאָנסטרויִרט אַלס פאַרטיי און באַזונדערס דער אומשטאַנד, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַצייכענען אַלס די פאַרטיי פון ווידערשטאַנד, אָדער ווי זיי האָבן זיך דאָס שפּעטער גערופן די „פאַרטיי פון די דערשאָסענע", האָט באַווירקט די סאָציאַליסטן, אַז זיי זאָלן זיך צוויילן מיט דעם ווידעראויפבוי פון זייער פאַרטיי.

אין מאַי 1942 הייבט ווידער אָן צו דערשיינען דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פאַרטיי „דער פּאָפּולער", אָבער פאַרשטייט זיך אומלעגאַל, ווי אויך אַ ריי אַנדערע נישט לעגאַלע אויסגאַבעס אין דער פּראָווינץ.

פון קאָלאָסאַלער באַדייטונג פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין לאַנד און באַזונדערס פאַר דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, איז געווען דער פּראָצעס אין ריאָם, אָנהייב 1942 קעגן לעאָן בלומען, עדואַרד דאַלאַדיע און אַנדערע פראַנצויזישע פּערזענלעכקייטן. פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליטישע הויפּט־פיגור איז געווען לעאָן בלום, איינער פון די נאָבלסטע פראַנצויזישע הומאַניסטן און פּאַטריאָטן, וואָס פראַנקרייך האָט אַרויסגעגעבן צווישן דיביידע וועלט־מלחמות און איינער פון די שענסטע פּערזענלעכקייטן פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז דער פּראָצעס אין ריאָם, וואָס איז געוואָרן צוגעגרייט פון די פעטען־לאַוואַל־פאַררעטער, האָט געצילט צו באַווייזן, אַז פאַר דער מיליטערישער מפּלה איז פאַראַנטוואָרטלעך די רעגירונג פון פאָלקס־פראָנט, וואָס איז אַנטשטאַנען אין פראַנקרייך עטלעכע יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה און וועמענס פרעמיער־מיניסטער עס איז טאַקע געווען לעאָן בלום.

דאָס געריכט, וואָס איז באַשטאַנען פון ווישי־לייט, האָט געוואָלט דערווייזן פאַרן פראַנצויזישן פאָלק, אַז די פאָלקס־פראָנט־רעגירונג איז געווען אַן אומגליק פאַר פראַנקרייך; אַז די רעגירונג האָט נישט צוגעגרייט דאָס לאַנד צו אַ פאַר־טיידיקונג; אַז די קריגס־אינדוסטריע האָט נישט געאַרבעט ווי געהעריק; אַז די שולד פון דעם זענען געווען די נאַציאָנאַליזאַציעס, די כוואַליעס פון שטרייקן אין לאַנד אד"גל. אויף דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט לעאָן בלום מיט זיין מוטיקער האַלטונג און מיט זיינע קלאָרע און גלענצנדיקע רעדעס זיך באַוויזן, ווי אַ מענטש פון אַ גאָר גרויסן פאָרמאַט, ווייל נאָר אין קריטישע מאָמענטן אין לעבן פון אַ פאָלק, דערקענט מען ערשט די ווערט פון זיינע פירער.

דער יחיד, וואָס איז דערהויבן געוואָרן צו אַ פאָלקס־מנהיג און מלוכה־מאַן,

דאַרף אין אַזעלכע מאָמענטן אַרויסווייזן זיינע מאָראַלישע און פּאָליטישע קוואַ־ליפיקאַציעס. ס'איז נישט קיין קונץ ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען צו זיין אַ פירער פון פאָלק. דער וועג איז שוין אַן אויסגעפּלאַסטערטער און אַ ברייטער. אַנדערש איז, ווען מען דאַרף אין באַדינגונגען פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע, ווי דאָס איז געווען אין 1940, נאָך דער פראַנצויזישער מיליטערישער מפּלה, האָבן דעם כוח און דעם מוט ווייטער פעסט צו האַלטן דעם מלוכה־רודער אין האַנט און מיט אַ סך וויזיע און בטחון אין די כוחות פון פאָלק און גלויבן אין זיג פון אמת, ווייטער לענקן מיטן גורל פון אייגענעם פאָלק. די דאָזיקע גרויסע מעלות האָט פאַרמאָגט לעאָן בלום. אין די סאַמע פינצטערסטע מאָמענטן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט זיך פאַר אַ סך אויסגעדוכט, אַז אייראָפּע איז שוין פאַרלוירן און אין דער ערשטער ריי, דער אַלטער טראַדיציאָנעלער שונא פון דייטשלאַנד — פראַנקרייך, האָט לעאָן בלום, דער סאָציאַליסט און ייִד, אויס־גענוצט די געריכטס־טריבונע, פון וועלכער דער נאַציזם און די פּעטעניסטן האָבן זיך געגרייט צו געבן אַ טויט־קלאַפּ דער פראַנצויזישער דעמאָקראַטישער רע־פּובליק און באַזונדערס דעם פראַנצויזישן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם און זיין קוואַליפיצירטסטן פאָרשטייער — לעאָן בלומען. אָט די טריבונע האָט אויסגע־נוצט פאַר זיך דער סאָציאַליסטישער טריבון און געגעבן אַ ביז־גאָר שפּירעוודיקן קלאַפּ די אַלע רעאַקציאָנערע כוחות, וואָס האָבן זיך געגרייט אויפצושטעלן די טויזנט־יאָריקע הערשאַפט פון דייטשן רייך אין אייראָפּע בשותפות מיט פראַנק־רייך.

מען דאַרף געדענקען, ביי וועלכע באַדינגונגען דער פּראָצעס אין ריאָם איז פאָרגעקומען. געציילטע מענטשן, וואָס זענען געווען דורכגעדרונגען מיט פּאַטריאָ־טישע געפילן האָבן דעמאָלט אונטערגענומען אַ קאַמף קעגן אָקופּאַנט און די אַלע, וואָס האָבן געדינט דעם ווישי־רעזשים. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג איז נאָך דאַן נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע, מען האָט נאָך דעמאָלט נישט קלאָר געזען און נישט פאַרשטאַנען, אין וואָס עס דאַרף זיך אויסדריקן די לאָזונג פון אַ באַפרייט פראַנקרייך. מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז קודם־כל דאַרף די פראַנצויזישע טעריטאָריע באַפרייט ווערן. צי דאַרפן אָבער אויך צעשטערט ווערן די אַלע כוחות, וואָס האָבן דאָס לאַנד דערפירט צו דער מפּלה און צו דער פאַר־שקלאַפונג?

בלומס רעדעס אויפן געריכט האָבן אויפגעוועקט דאָס פאָלק, וואָס איז נאָך געווען אונטערן איינדרוק פון שרעקלעכן קלאַפּ. זיי האָבן צוריק אויפגעוועקט

דעם גלויבן אין דער רעפובליק און דערמאָנט די פראַנצויזישע מאַסן, אַז פונקט אַזוי ווי בעת דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז די פרייהייט פון היימלאַנד און די פרייהייט פון בירגער ענג צווישן זיך פאַרבונדן און אַז דער זעלבער קאַמף דאַרף געפירט ווערן פאַר דער דעראָבערונג אָדער פאַרטיידיקונג פון די דאָזיקע פרייהייטן.

סעקונדירט אין דעם קאַמף האָבן אים די צוויי פאַרטיידיקער זיינע: אַנדרע לע טראָקער, אויך אַן אַלטער סאָציאַליסט און גרויסער פאַרערער פון לעאָן בלומען, אַ פראַנצויזישער פאַטריאָט, וואָס האָט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרלוירן אַ האַנט און דער אַדוואָקאַט שפּאַניען. אויך זיי האָבן אַרויסגעוויזן מוט און שטאַנדהאַפטיקייט און באַוויזן די לעכערלעכקייט פון די באַשולדיקונגען קעגן בלומען.

דער פּראָצעס אין ריאָם, וואָס האָט זיך פאַרצויגן, האָט אַרויסגערופן אַ ביז־גאָר פאַרקערטע ווירקונג, ווי דאָס האָבן פון אים דערוואַרט זיינע איניציאַטאָרן פון ווישי. אין לאַנד איז געוואַקסן די פּאָפּולאַריטעט פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, ווייל לעאָן בלום האָט ביי יעדער געלעגנהייט אונטערגעשטראָכן, אַז ער האָט תמיד געהאַנדלט לויטן מאַנדאַט, וואָס זיין פאַרטיי האָט אים געגעבן, אַז ער איז שטאָלץ אויף זיין אַנגעהעריקייט צו איר.

די ריכטער און דער פּראָקוראָר האָבן איינגעזען, אַז וואָס לענגער דער פּראָצעס פירט זיך, אַלץ ערגער ווערט זייער מערכה. זיי האָבן נישט געהאַט, וואָס צו ענטפערן אויף אַלע באַשולדיקונגען, וואָס לעאָן בלום האָט אַרויסגע־בראַכט קעגן דעם ווישי־רעזשים און זיי האָבן פּלוצים דעם פּראָצעס איבערגע־ריסן. פאַרשטייט זיך, אַז לעאָן בלומען האָט מען נישט באַפרייט. אַלע באַשול־דיקטע האָט מען צוזאַמען מיט בלומען דעפּאָרטירט קיין דייטשלאַנד און זיי גע־האַלטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

דער באַריכט פון פּראָצעס און גרויסע אויסצוגן פון לעאָן בלומס רעדעס און פון די רעדעס פון זיינע פאַרטיידיקער האָט דער „קאָמיטעט פאַר סאָציאַ־ליסטישע אַקציעס" אַרויסגעגעבן אין אַ ספּעציעלער אומלעגאַלער בראָשור, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג צווישן דער פראַנצויזישער באַפעלקערונג.

אַ חוץ דער אַקטיווער באַטייליקונג אין די צענטראַלע אָנפירונגען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין לאַנד און אין לאָנדאָן, אָדער אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס, האָט די סאָציאַליסטישע פאַרטיי אויך נישט פאַרנאַכלעסיקט דעם אידעאָלאָגישן קאַמף פאַר די סאָציאַליסטישע אידעאַלן, צו וועלכע זי אין אין

אַלע סטאַדיעס געבליבן געטריי. בלייבן אידעיִש אויסגעהאַלטן, נישט פאַרלירן דעם אייגענעם פּנים, דאָס איז געווען דער לייט-מאָטיוו פון אַלע אַרויסטרעטונגען פון לעאָן בלומען, סיי אין שריפט און אין וואָרט אויף דער פריי און סיי דע־מאָלט, ווען ער האָט זיך געפונען אין טורמע אָדער אין די דייטשישע קאָנצענ־טראַציע־לאַגערן.

אַזוי, למשל, ווען עס האָט זיך געשטעלט פאַר דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און איר אָנפירונג די פראַגע וועגן פּראָגראַם, האָבן די סאָציאַליסטן פאַרלאַנגט, אַז אין פּראָגראַם זאָל זיך נישט בלויז רעדן וועגן דער קעגנוואַרט, וועגן קאַמף פאַר אַ פריי פראַנקרייך, נאָר עס זאָל אין אים אַריינגעפירט ווערן אַ צווייטער טייל, ווו עס זאָל באַרירט ווערן אויך די צוקונפט פון פראַנקרייך און עס זאָלן פאָרמולירט ווערן די סאָציאַליסטישע פּאָסטולאַטן וועגן נאַציאָנאַליזאַציעס אד״גל.

ס'איז דערביי געווען כאַראַקטעריסטיש די האַלטונג פון די קאָמוניסטן אין נאַציאָנאַלן ראַט. זיי זענען געווען קעגן דעם, אַז די סאָציאַליסטישע פּאָסטולאַטן זאָלן אַריינגענומען ווערן אין פּראָגראַם פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. זייער מאָטיוו איז געווען, אַז מען קען דערמיט אָפּשרעקן און אָפּשטויסן די מעסיקע בירגערלעכע פּאַרטייען.

די כוונה פון די סטאַליניסטן איז געווען אַ קלאָרע. דער נאַציאָנאַלער ראַט האָט געטראָגן אַ קאָאָרדיניר־כאַראַקטער און די קאָמוניסטן האָבן געזוכט מיט אַלע מיטלען אים צו באַהערשן. די אַטמאָספער אין דעם ראַט איז פאַר זיי נישט געווען קיין פריינטלעכע, מחמת די קאָמוניסטן האָבן געוואָלט באַקומען וואָס גרעסערע פּאָנדן און אַריינבאַקומען אין זייערע הענט אַ וואָס גרעסערן סכום פון געווער. האָבן זיי זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די סאָציאַליסטישע פּאָסטולאַטן וועגן נאַציאָנאַליזאַציעס און דערמיט געוואָלט געווינען די בירגערלעכע עלע־מענטן, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר די „סאָציאַליסטישע עקספּערימענטן“.

פאַר די סאָציאַליסטן איז אָבער געווען קלאָר, אַז מען קען נישט בלויז קעמפן אונטער דער לאָזונג פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע. מען מוז אויך אַרויסשטעלן אַ פּראָגראַם פון סאָציאַלע רעפאָרמען אויף צומאָרגנס נאָכן זיג איבערן היט־לעריזם. פּאָליטישע דעמאָקראַטיע אָן סאָציאַלער וועט נישט האָבן קיין אריכת־ימים. פונקט אַזוי, ווי עס קען נישט זיין קיין סאָציאַלע דעמאָקראַטיע אָן פּאָ־ליטישער דעמאָקראַטיע, ווי דאָס האָט באַוויזן דער באָלשעוויסטישער עקספּע־רימענט אין רוסלאַנד.

# די סטאַליניסטן און די ווידערשטאַנד־באַוועגונג

גאָר אַנדערש איז געווען די לאַגע פֿון דער קאָמפּאַרטיי. נאָכן עקלהאַפֿטן פּאַראַט, וואָס סטאַלין איז באַגאַנגען, שליסנדיק דעם פֿריינטשאַפֿט־פּאַקט מיט היטלערן, האָבן די סטאַליניסטן אין פֿראַנקרייך געהאַט אַ זייער שווער לעבן. אַ סך פֿון די מיטלויפֿערס האָבן זיי פֿאַרלאָזט. פֿון דער ס. זש. ט. (פֿראַנצויזישע פֿרייע סינדיקאַלע באַוועגונג) האָט מען זיי אויסגעשלאָסן. נישט געקוקט אויף דער סאָוועטיש־דייטשער פֿריינטשאַפֿט, וואָס די פֿראַנצויזישע קאָמוניסטן האָבן אַזוי הייס באַגריסט, זענען אַ סך פֿון די קאָמוניסטישע אַקטיוויסטן דעפּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער אַפּאַראַט האָט פֿאַרשטענדלעך ווייטער עקזיסטירט, אָבער ער איז געווען זייער אָפּגעשוואַכט. אין אַ רייע ערטער אין דער פּראָווינץ האָט די ווידערשטאַנד־באַוועגונג אומזיסט געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט די קאָמוניסטישע אָנפֿירונגען. קאָמוניסטן פֿלעגן זיך אינדיווידועל אָנשליסן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, זיי האָבן אָבער דערביי נישט דעקלאַרירט זייער פּאָליטישע אָנגעהעריקייט.

די לאַגע זייערע האָט זיך ראַדיקאַל געביטן, ווען היטלער האָט פֿאַרראַטן זיין שותּף און אויף אים אָנגעפֿאַלן. און ווי דאָס פֿירט זיך ביי די קאָמוניסטן, האָבן זיי איצט, פּונקט ווי שטענדיק און אומעטום, געוואָלט זיין דער „אַוואַנגאַרד". אויב פֿריִער האָט מען געפֿירט אַ קאַמף פֿאַר אַ שלום מיט דייטשלאַנד, איז מען איצט געוואָרן די פֿאַרביסנסטע קעגנער פֿון דייטשלאַנד. איצט האָבן די קאָמוניסטן זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן מיט פּאַטריאָטישע פֿראַזן און אַלעמען געוואָלט איבערליציטירן אין פּאַטריאָטיזם און אין ליבע צו דער דעמאָקראַטיע און דער רעפּובליק. זיי האָבן איצט געהאַט אַ פֿול מויל מיט לויב־געזאַנגען פֿאַר דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע און האָבן זיך געהאַלטן פֿאַר אירע אמתע יור־

שים. זיי האָבן זיך באַמיט צו באַהאַלטן דעם אייגענעם קאָמוניסטישן פּרצוף, כדי נישט אָפּצושטויסן פון זיך די אַלע, וואָס מען האָט נאָך נעכטן אַזוי ביטער באַקעמפט און באַשמוצט. איצט איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געוואָרן היפּער־רעוואָלוציאָנער און נאָר געפּרעדיקט דירעקטע אַקציעס קעגן אָקופּאַנט און אויב אַנדערע האָבן זיך נישט געאיילט נאָכצוגיין די קאָמוניסטן אין שפּאַן, האָבן די לעצטע זיי באַשולדיקט אין „אַטענטיזם".

די קאָמוניסטן האָבן זיך ווייטער באַנוצט מיט זייער אַלטער טאַקטיק פון פאַרשאַרפן די קעגנזאַצן צווישן זייערע שונאים, דאָס מאָל אינערהאַלב דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, כדי זי צו באַהערשן פון אינעווייניק. זיי האָבן זיך באַמיט צו גראָבן אַ תהום צווישן לאָנדאָן און דער אינערלעכער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אונטערשטרייכנדיק איר „לינקן" כאַראַקטער. פאַר דע־גאָלן האָבן די קאָמוניסטן פריִער געהאַט נאָר איין באַצייכענונג: דאָס איז אַן אַגענט פון דער לאָנדאָנער סיטי, פון ענגלישן אימפּעריאַליזם, און זייער לאָזונג איז געווען: „נידער מיט דע־גאָלן".

ווען דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן האָט זיך גענומען דער־נענטערן צו דע־גאָלן און זיין קאָמיטעט, האָבן אויך די קאָמוניסטישע פירער זיך דערקלערט אַלס אָנהענגער פון דע־גאָלן.

פאַרשטייט זיך, אַז די קאָמוניסטן האָבן דערביי געפירט אַ דאָפּלטע שפּיל. אָט איז נאָך איינער פון די פיל ביישפּילן פון קאָמוניסטישער היפּאָקריזיע: אין 1940 האָט דער קאָמוניסטישער גדול פּערדינאַנד גרעניע נישט געוואָלט מיט־מאַכן די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס אין פּאַרלאַמענט און געבליבן זיצן אויף זיין אָרט. שפּעטער אָבער, נאָכן דייטשישן איבערפאַל אויף רוסלאַנד, איז דער זעלבער גרעניע געוואָרן אַ קאָמיסאַר פון די פראַנצויזישע לופט־קרעפטן אין נאָרד־אַפריקע און זיך דערקלערט פונקט אַזוי ווי זיין גאַנצע פּאַרטיי, אַלס גרוי־סער אָנהענגער פון דע־גאָלן.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז גלייכצייטיק מיט זיינע הייסע ליבעס־דערקלערונגען פאַר דע־גאָלן, האָט דער זעלבער גרעניע געשיקט אַ בריוו צו די „מאַקיס", אין וועלכן ער האָט באַשמוצן דע־גאָלן. די זאַך איז געקומען אויף אַ זיצונג פון פראַנצויזישן מיניסטאָרן־קאַבינעט אין לאָנדאָן און גרעניע האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דע־גאָלן. דע־גאָל האָט דאָס אָבער געהאַלטן פאַר צו ווייניק און ער אַליין האָט דיקטירט דעם טעקסט פון אַן אַנטשולדיקונגס־בריוו, וועלכן דער קאָמוניסטישער פירער האָט טאַקע אונטערגעשריבן. אַזוי אַן

ווירדע זענען זיי, די קאָמוניסטן, ווען זיי דאַרפן דערגרייכן זייערע פּאָליטישע צילן.

עס איז געקומען צו אַן אָפּמאַך מיט די קאָמוניסטן און דע־גאָל האָט זיי אַריינגענומען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

דער קאָמוניסטישער כוח אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט גאָר עפּעס אַנדערש אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע באַטייליקטע כוחות אין דער דאָזיקער באַוועגונג.

די קאָמוניסטן האָבן געהאַט הינטער זיך אַ קאָנספּיראַטיווע דערפאַרונג און גוט־אויסגעשולטע אינסטרוקטאָרן מיליטערישע און ציווילע.

דאָס איז אָבער נאָך נישט געווען דער עיקר. די קאָמוניסטישע מענטאַליטעט איז גאָר אַן אַנדערע. זייער מאָראַל, וואָס דערלויבט אויף אַלץ, אַבי צו דער־גרייכן דעם אָנגעצייכנטן ציל, זייער פאַנאַטישע עקשנות ביים אויספירן די באַ־פעלן, וואָס קומען פון אויבן, זייער גרייטשעצונג פאַר אַ מענטשלעך לעבן און גלייכצייטיק זייער פעיִקייט צו ליידן און צו ברענגען קרבנות, דאָס אַלץ האָט זיי צוגעדינט, כדי צו פאַרכאַפּן דעם אויבנאָן אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און צוצוגרייטן פאַר זיך די באַדינגונגען אויך אויף שפּעטער, אין פאַל פון אַ דייטשישער מפּלה, צו דעראָבערן די מאַכט אין לאַנד.

כדי זיך צו שטעלן אין דער שפּיץ פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, האָבן די קאָמוניסטן געשטויסן צו וואָס מער טעראָר־אַקטן אין לאַנד. דאָס האָבן זיי געטון אויך צוליב אַנדערע טעמים: כדי צוצואיילן די אַנטשטייונג פון אַ צווייטן פראָנט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז עס לוינט אַוועקצולייגן אין דייטשן זעלנער פאַרן פּרייז פון צען פראַנצויזן אַפילו, וואָס קענען דערפאַר באַצאָלן מיט זייער לעבן.

פריִער, ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט דער פריינטשאַפט־פּאַקט, האָט דער קאָמוניסטישער פירער קאַשען, אַנדערש געהאַלטן. ער האָט פאַראורטיילט די טעראָר־אַקטן קעגן די דייטשן, כדי זיי זאָלן אים, קאַשענען, נישט טשעפּען. אויך אַ צווייטער קאָמוניסטישער גדול, ראָקאַמאָן, האָט קאַפּיטולירט, זיצנדיק אין טורמע. דאָס האָט די דאָזיקע קאָמוניסטישע פירער נישט געשטערט שפּעטער צו פאַרנעמען וויכטיקע פּלעצער אין צ. ק. פון דער קאָמפּאַרטיי און אין דער ס .זש. ט.. דאָס האָט זיי נישט געשטערט יעטוועדן איינעם, וואָס האָט נישט געוואָלט צושטימען צו זייער טעראָריסטישער טאַקטיק, צו באַצייכענען אַלס פאַר־רעטער. גלייכצייטיק האָבן די קאָמוניסטישע פירער אין רוסלאַנד און אין דער ערשטער ריי — סטאַלין גופא, געזוכט צו שליסן אַ סעפּאַראַטן שלום מיט דער

בלוטיקער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט פון פראַנקרייך. אַזוי, למשל, איז שפּע־טער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין משך פון יאָר 1943 האָט סטאַלין געמאַכט עטלעכע ווענדונגען צו היטלערן וועגן אַ סעפּאַראַטן שלום.

די קאָמוניסטן האָבן, בכן, געשפּילט אַ דאָפּלטע ראָל: פון איין זייט פאַרמערט די טעראָריסטישע אַקטן קעגן דער אָקופּאַציע־מאַכט און פון דער אַנדערער זייט געזוכט אַ וועג צו שליסן מיט היטלערן אַ נייעם שלום און „לאָזן אין שטיך" די אַליִרטע אַרמייען. פון איין זייט — זיך באַנוצט מיט פּאַטריאָטישע פראַזן און רופן צום קאַמף קעגן נאַציזם און פון דער צווייטער — פּאַראַטן דעם אַנטי־פאַ־שיסטישן קאַמף, פאַרן פרייז פון אַ סעפּאַראַטן שלום מיטן פאַשיסטישן מאָנסטער.

אייגנטלעך קען מען נישט באַשולדיקן דערפאַר די פראַנצויזישע קאָמו־ניסטן. זיי האָבן געפירט דעם קאַמף מיט דער אָקופּאַציע־מאַכט אָפטמאָל פאַרן פרייז פון גאָר אַ סך קרבנות און זיי האָבן געגלויבט, אַז מיט דעם דינען זיי דעם ראַטנפאַרבאַנד אין דער ערשטער ריי און דערנאָך זייערע אייגענע קאָמו־ניסטישע צילן אין פראַנקרייך.

אַ פאַרברעכערישע פּאָליטיק האָט געפירט דאַן סטאַלין אין זיין פּאָליט־ביוראָ. ווען סטאַלין דערקלערט דעמאָלט די פראַנצויזישע קאָמוניסטן, אַז ער האָט שוין געמאַכט עטלעכע פּרווון צו קומען צו אַן אויסגלייך מיטן גרעסטן שונא פון דער פרייער מענטשהייט, וואָלט זיין האַנדלונג אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע עמפּערונג אין די קאָמוניסטישע רייען. סטאַלינס פאַרברעכן איז, בכן, דעמאָלט געווען אַ דאָפּלטער: אי ער האָט געזוכט צו פאַראַטן די דעמאָקראַטישע וועלט און אי ער האָט אָפּגענאַרט זיינע אייגענע קאָמוניסטישע אָנהענגער, וואָס האָבן איינ־געשטעלט זייער לעבן פאַרן ראַטנפאַרבאַנד. עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו מיינען, אַז סטאַלין אַליין האָט געפירט די דאָזיקע פאַרברעכערישע פּאָליטיק, ער האָט געהאַט צו זיין הילף דעם גאַנצן פּאָליט־ביוראָ און דעם צ. ק. פון דער קאָמפּאַרטיי.

די קאָמוניסטן האָבן זיך אויפן באַפעל פון מאָסקווע מוטיק געשלאָגן. זיי האָבן זיך געשלאָגן דיסציפּלינירט און דרייסט, אָבער דאָס אַלץ האָבן זיי געטון אויף אַ באַפעל פון אויבן און ערשט נאָכדעם ווי היטלער איז באַפאַלן רוסלאַנד און נישט — ווען ער האָט אָקופּירט פראַנקרייך, מיט אַ יאָר פריִער. זיי האָבן געהאַנדלט, ווי אַ סאָוועטישע פינפטע קאָלאָנע. די קאָמוניסטן האָבן זיך העלדיש געשלאָגן, אָבער נישט אַלס אויטענטישע פרייהייט־קעמפער, וואָרום אין דער זעלביקער צייט, ווען זיי האָבן זיך געשלאָגן קעגן דעם גרעסטן מערדער פון דער

פרייער מענטשהייט, האָבן זיי אַליין געמאָרדעט און פאַרניכטעט זייערע פּאָלי־טישע קעגנער און קאָלטבלוטיק אויסגעפירט זייערע מאָרד־פּלענער קעגן נאַ־טאָרישע אַנטי־פאַשיסטישע קעמפער, נאָר דערפאַר, ווייל יענע זענען געווען קעגנער, אי פון אַ נאַציסטישער און אי פון אַ סטאַלינאיסטישער דיקטאַטור.

צענדליקער טויזנטער פּאָליטישע קעגנער זייערע האָבן די קאָמוניסטן אומ־געבראַכט. דאָס האָבן זיי געטון אין מאָמענט פון באַפרייונג פון לאַנד, אונטערן פּרעטעקסט, אַז די אומגעבראַכטע זענען געווען „קאָלאַבאָראַציאָניסטן". דאָס איז, אגב, נישט קיין נייעס אין דער געשיכטע פון קאָמוניזם. דאָס זעלבע האָבן די קאָמוניסטן געטון בעת דעם בירגער־קריג אין שפּאַניע, אין 1936.

אויך דעמאָלט האָבן זיי אומגעבראַכט נאַטאָרישע און איבערגעגעבענע קעמ־פער קעגן דער פראַנקאָ־דיקטאַטור אין שפּאַניע, נאָר דערפאַר, ווייל יענע זענען געווען אַנטי־סטאַליניסטן.

די ייִדישע קאָמוניסטן, אָדער יעווסעקעס, האָבן אויך מיטגעמאַכט דעם סטאַ־ליניסטישן קורס בנוגע דעם גרעסטן שונא פון ייִדישן פאָלק. זיי האָבן דאָך געהערט צו דער קאָמפּאַרטיי און געטריי געדינט איר פּאָליטיק. סטאַלין האָט אין משך פון גאַנצן יאָר 1943 געזוכט אַ מעגלעכקייט צו קומען צו אַן אויסגלייך מיט היטלערן אין דעם זעלבן יאָר 1943, ווען די נאַציסטישע מערדער האָבן אויסגעקוילעט מיליאָנען ייִדן, אין דעם יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער העלדישער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

די יעווסעקעס פעלשן די געשיכטע און שרייבן זיך צו דעם גאַנצן הערלעכן אויפטו פון געטאָ־אויפשטאַנד, בעת אין דער אמתן האָט סטאַלין, „דער גרעס־טער פריינט פון ייִדישן פאָלק", ווי די יעווסעקעס האָבן אים באַצייכנט, אַלץ געטון, כדי שלום צו מאַכן מיט היטלערן און געבן אים פרייע הענט צו מאָרדן ייִדן, ווי דאָס איז שוין איינמאָל געווען דער פאַל אין 1939.

דאָס שטערט נישט אָבער די יעווסעקעס אין פראַנקרייך זיך אַרויסצושטעלן אַלס די איינציקע קעמפער פאַרן ייִדישן כבוד און פאַר די אויטענטישע ווידער־שטענדלער פאַר פראַנקרייכס פרייהייט.

# די ערשטע ליכט־שטראַלן קומען פון די פראָנטן

פון פוילן האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טרויעריקע ידיעות, איינע טרויעריקער פון דער צווייטער. אמת, מיר האָבן נאָך נישט געוווּסט וועגן גאַז־קאַמערן און קאַלט־אויוונס. מען האָט אָבער שוין יאָ געוווּסט וועגן די געטאָס און דער גרויסער נויט, וואָס עס הערשט אין זיי. מיר האָבן שוין געוווּסט וועגן נגישות און פּיינען, וואָס ייִדן האָבן אויסצושטיין אונטער דער הערשאַפט פון דער בלוטיקער נאַציסטישער בעסטיע.

נישט קיין פריילעכע ידיעות זענען אויך אָנגעקומען פון רוסישן פראָנט. די דייטשן האָבן דעמאָלט געפירט אַ דערפאָלגרייכן בליץ־קריג און פאַרכאַפּט ריזיקע טיילן פון גרויסן רוסלאַנד.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי פאַלש עס איז געווען סטאַלינס טאַקטיק בנוגע דעם בלוטיקסטן שונא פון דער פרייער מענטשהייט און ווי זינלאָז עס איז געווען די קאָמוניסטישע באַהויפּטונג, אַז מאָסקווע האָט געשלאָסן דעם ריבענטראָפּ־מאָלאָטאָוו־אָפּמאַך, נאָר כדי צו געווינען צייט אויף גוט צוצוגרייטן זיך צו אַ מלחמה מיט היטלערן. ווי עס האָבן אויסגעזען די צוגרייטונגען האָט מען גלייך געזען. די דייטשישע האָרדעס זענען געלאָפן ביז צו לענינגראַד און ביז מאָסקווע און אויפן וועג געזייט מאָרד און פאַרוויסטונג. ערשט ביי סטאַלינגראַד האָט דער קרעמל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און געשטעלט אַ דערפאָלגרייכן ווידערשטאַנד. ווער ווייס, ווי אַזוי עס וואָלט אויסגעזען דער דאָזיקער ווידערשטאַנד, ווען די אַלייִרטע מלוכות, אַמעריקע און ענגלאַנד, וואָלטן נישט געגעבן קיין מיליטערישע הילף? און ווער ווייס, וואָס עס וואָלט בכלל געוואָרן פון רוסלאַנד, ווען ענגלאַנד וואַרפט נישט אָפּ דעם אָנבאָט, וואָס היטלער האָט געמאַכט טשוירטשילן דורך זיין שטעלפאַרטרעטער רודאָלף העס, וואָס איז ספּעציעל געפלויגן קיין לאָנדאָן?

דערווייל זענען די ידיעות, סיי פון פויליש־יידישן פראָנט און סיי פון רוסישן פראָנט געווען זייער טרויעריקע. היטלער איז דערווייל געווען דער זיגער.

שפּעטער, בהדרגהדיק, האָט זיך אָנגעהויבן די לאַגע צו ענדערן.

פון לאָנדאָן זענען דורך ראַדיאָ צו אונדז דערגאַנגען די דערמוטיקנדיקע רייד פון גענעראַל דע גאָל.

אין לאַנד איז געוואַקסן די ווידערשטאַנד־באַוועגונג און אין אויסלאַנד און באַזונדערס אין צפון־אַפריקע האָבן זיך קאָנסאָלידירט די פראַנצויזישע באַפריי־אונגס־כוחות.

די ראַדיאָ־סטאַציע פון לאָנדאָן, וועלכע מיר האָבן, אגב, געהערט אויף זייער אָ פאַרזיכטיקן אופן, ברענגט גוטע ידיעות. דער וווקס פון די „מאַקיס" און דער עיקר די געשעענישן אויפן פראָנט, האָבן אָנגעהויבן אין אַ גאָר גרויסער מאָס צו באַווירקן די געמיטער. די אַליִירטע כוחות לאַנדן אין צפון־אַפריקע; מוסאָליני איז אומגעקומען און מיט אים דער גאַנצער בלוטיקער פאַשיסטישער רעזשים אין איטאַליע; עס האָט געפּלאַצט די אַקס „בערלין־רוים"; איטאַליע האָט זיך אָפּגעריסן פון היטלער־דייטשלאַנד; די מפּלות פון ראָמעלן ביי על־אַלאַמיין; סטאַלינגראַד... אויפן שוואַרצן הימל הייבן זיך אָן צו באַווייזן די ערשטע ליכט־שטראַלן.

אויף אונדזערע פּאַרטיי־גרופּן רעדט מען שוין וועגן „צו מאָרגנס נאָך דער באַפרייונג", כאָטש קיינער פון אונדז האָט נאָך נישט קיין קאָנקרעטע פאָר־שטעלונג וועגן שרעקלעכן פאַרנעם פון יידישן חורבן און מען זעט נאָך נישט אַזוי גיך דער סוף פון דער נאַכט פון „לאַנגן מעסער".

די דייטשן האָבן איצט געקעמפט ווי פאַרוווּנדעטע חיות. זיי האָבן אָקו־פּירט גאַנץ פראַנקרייך, דאָס מיינט אויך דעם טייל, וואָס איז פריִער געווען פאַר־נומען פון די איטאַליענער, ווייל די איטאַליענישע אַרמיי איז אַוועק קיין איטאַליע.

מיר האָבן פאַרלוירן דעם רעלאַטיוו־רויִקן ווינקל, וואָס מיר האָבן ביז איצט געהאַט אין דער איטאַליענישער זאָנע.

עס האָט זיך פאַר אונדזער אָנפירונג געשטעלט די פראַגע: אויב די נאַציס און געשטאַפּאָ זענען שוין אויך דאָ אין גרענאָבל, טאָ צי וואָס דאָ ווייטער זיצן?

עס איז תמיד בעסער און לייכטער זיך צו קאָנספּירירן אין אַ גרעסערער שטאָט, ווי אין אַ קלענערער און ליאָן איז געווען אַ סך גרעסער ווי גרענאָבל. אַ חוץ דעם האָבן אויך אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס טיילווייז אַריבערגעטראָגן זייערע קערפּערשאַפטן קיין ליאָן.

פאַר מיר, פּערזענלעך, איז דאָס געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג, ווייל

פריִער האָב איך געמוזט, פון צייט צו צייט פאָרן קיין ליאָן אויף זיצונגען פון אונדזער צענטראַלער אָנפירונג, ווו עס האָט זיך געפונען די מערהייט פון אונדזערע אָנפירנדיקע חברים. דאָס פאָרן קיין ליאָן איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן. די פּאַסאַזשירן פון די צוגן פלעגן קאָנטראָלירט ווערן פון די דייטשן. באַזונדערס שטרענג זענען געווען די קאָנטראָלן נאָך די אויסגעפירטע אַטענטאַטן אויף דער דייטשער מאַכט. דעמאָלט האָבן זיי אין די צוגן געזוכט פאַרדעכטיקע פּערזאָנען. האָט מען דעריבער קיינמאָל נישט געקענט וויסן, ווען אַזאַ קאָנטראָל וועט יאָ פאָרקומען און ווען נישט, ווייל וועגן די אַדורכגעפירטע אַטענטאַטן, פלעגן די דייטשן און די ווישי־לייט נישט שטענדיק מעלדן. בין איך טאַקע יעדעס מאָל, ווען איך בין געפאָרן מיט דער באַן פון גרענאָבל קיין ליאָן, און איך האָבן געדאַרפט אַדורכגיין דעם ליאָנער וואָקזאַל, געווען זייער אומרויִק.

איך דערמאָן מיך פאָלגנדיקן עפּיזאָד: איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אין מיין צוג האָבן זיך באַוויזן צוויי דייטשן אין מונדירן און יעדן וואַגאָן גוט קאָנטראָלירט. שוין פון די שכנותדיקע וואַגאָנען האָט מען צווויסן געגעבן, אַז די דייטשן קאָנטראָלירן די פּאַסאַזשירן. מיך האָט באַהערשט אַ גרויסער אומרו. עס איז געבויג איין וואָרט: „קאָמען זי מיט“ און איך בין אַ פאַרלוירענער אויף אייביק. מיינע פּאַפּירן זענען געווען גאַנץ גוטע, אָבער איך האָב דאָך נישט אויסגעזען ווי אַ פראַנצויז און ביי אַ שטרענגערער און קערפּערלעכער קאָנטראָל אין דער פּאָליציי, וועט מען קענען פעסטשטעלן, אַז איך בין אַ ייִד.

האָבן זיך איצט פאַר מיר געצויגן די מינוטן, ווי גאַנצע אייביקייטן. די ערשטע זאַך איז צו זיין אויסערלעך רויִק, ממש גלייכגילטיק און אַפּאַטיש. נישט לייגן קיין גרויס אַכט אויף זיין באַוויזן זיך, ביים אַריינגיין אין קופּע. מיין פּערסאָנאַל־אויסווייז האָב איך געהאַלטן אין דער בוזים־קעשענע און געקענט אים גלייך דערלאַנגען, אָן אַ רגע פאַרשפּעטיקונג. די מענטשן אין וואַגאָן האָבן שוין צוגעגרייט זייערע פּאַפּירן. בלויז פראַנצויזן זענען געווען אין וואַגאָן און צווישן זיי די מערהייט פרויען. איך האָב אויך דאָס זעלביקע געטון, וואָס זיי און געהאַלטן מיין דאָקומענט אין האַנט.

צוויי דייטשן האָבן זיך באַוויזן אין מיליטערישע מונדירן און איינער פון זיי מיט אַ בלאַסן ביינערדיקן פּנים פון אַ רוצח האָט אין אַ פראַנצויזיש מיט אַ שטאַרקן דייטשן אַקצענט אַ זאָג־געטון צו מיר: „וואָטר קאַרט ד'אידענטיטע“. איך האָב אַ גלייכגילטיקער זי אים דערלאַנגט. ער האָט געוואָרפן אויף מיר אַ שטאָ־

לענעם בליק, וואָס האָט מיר אַ שטאָך־געטון אין האַרצן. עס האָבן געדויערט בלויז סעקונדעס, אָבער איך האָב דערפילט, ווי אַ תהום וואָלט זיך פאַר מיר געעפנט! אַ קוק־געטון אויף דער פאָטאָגראַפיע און אויף מיר, האָט דער דייטש מיר צוריקגעגעבן די קאַרטע מיט אַ „מערסי". איך האָב גלייכגילטיק אויך געענטפערט „מערסי" און פאַרטון מיינע אויגן אין אַ פראַנצויזיש בלאַט. איך האָב איבערן בלאַט אָבסערווירט זיינע גלאַנציקע שטיוועלעך און די פאָלעס פון זיין גרויען מונדיר און געפילט דעם בליק פון זיין באַגלייטער. דיביידע מחבלים האָבן פאַרלאָזט דעם וואַגאָן און קיינעם נישט געטשעפּעט. אינסטינקטיוו האָבן אַלע פּאַסאַזשירן מיטאַמאָל אָפּגעאָטעמט פרייער און עס האָט זיך געפילט די שנאה, מיט וועלכע די פּאַסאַזשירן האָבן באַגלייט די דאָזיקע צוויי פאַרשוינען, כאָטש זיי זענען געווען גאַנץ העפלעך צו די פראַנצויזן.

איך האָב איצט פאַרשטאַנען, וואָס עס האָט איבערגעלעבט שראַגער אין ליאָן, אין לאָקאַל פון דער „פעדעראַציע", ווען די געשטאַפּאָ האָט אים אויס־געפאָרשט.

די פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן האָבן גאָרנישט גערעדט צווישן זיך און נאָר מיט די בליקן קאָמענטירט די דאָזיקע פּאַסירונג. אַזאַ שטימונג האָט אָנגעהאַלטן ביז אונטער ליאָן, ווען מען האָט זיך שוין געגרייט צו פאַרלאָזן דעם צוג.

ווען די באַוועגונג אין קאָרידאָר פון צוג איז שוין געוואָרן אַ גאַנץ לעבע־דיקע, איז צו אונדזער קופּע דערגאַנגען די ידיעה, אַז די דייטשן האָבן אַראָפּ־גענומען פון צוג צוויי יונגע פראַנצויזן, וועלכע זיי האָבן פאַרדעכטיקט אין דער אָנגעהעריקייט צו דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. איינעם פון די דאָזיקע יונגע פראַנצויזן האָב איך געזען אונטער אַ שמירה ביים אַרויסגאַנג פון צוג. אַ יונגער בחור, מיט אַן אויסגעלייגטן „סלאָוואַצקע"־קאָלנער. אַ מאַמעס אַ קינד. אין ליאָן האָב איך די חברים דערציילט וועגן דער דאָזיקער פּאַסירונג.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך ווידער געדאַרפט דורכמאַכן דעם זעלבן וועג צוריק קיין גרענאָבל און געפירט מיט זיך אַ גרעסערע סומע געלט, אָבער דאָס מאָל האָט מיר אָפּגעגליקט אָן אַ קאָנטראָל אויף דער באַן.

איצטער, אַז מיר טראָגן זיך אַריבער קיין ליאָן, וועלן במילא פאַרשווינדן די דאָזיקע געפערלעכע רייזעס מיט דער באַן.

# די לאַגע אין דער פריִער זאָנע. —
# ליאָנער צענטער

די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ שווערער פאַר ייִדן און במילא זענען אויך געוואַקסן אונדזערע פּאַרטיי־אויפגאַבן.

גאַנץ פראַנקרייך איז געווען באַהערשט פון דער געשטאַפּאָ און זייערע מיטהעלפער, דער פעטעניסטישער מיליץ. די פראַנצויזישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט איצט, ביי די געענדערטע באַדינגונגען אויף די פראָנטן, געאַרבעט מיט מער ענערגיע און שטאַרקערן גלויבן אין דעם גיכן סוף פון דעם נאַציזם. די יוגנט איז אַוועק אין די מאַקיס און פון דאָרט איז געגרייט געוואָרן דער קאַמף מיטן אָקופּאַנט. עס האָבן זיך געמערט די אַקטן פון טעראָר און סאַבאָטאַזש קעגן די פאַרהאַסטע דייטשן און זייערע פראַנצויזישע משרתים.

די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס האָט ביז איצט עקזיסטירט אין דער פאָרעם פון „קאָמיטעט פאַר סאָציאַליסטישע אַקציע" C. A. S. איז איצט ווידער רעקאָנסטרויִרט און ווייזט אַרויס אַ פאַרשטאַרקטע טעטיקייט.

איצטער, אין 1944, האָט מען שוין נישט געקענט זיך אַזוי פריי באַוועגן אין ליאָן און איר אומגעגנט, ווי דאָס איז געווען פריִער, בעת מיין ערשטן אויפהאַלט אין דער שטאָט. מען האָט זיך שוין מער נישט גרופּירט אין קיין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אויך שוין נישט אין קיין קאַפעען און אויף דער גאַס. איצט האָט מען געמוזט פירן אַ פאַרמאַכט, אונטערערדיש לעבן און עס איז גאָר שטאַרק צוגעקומען די בונדישע משפּחהדיקייט. די ווויִנונגען פון די חברים זענען פאַקטיש געוואָרן פאַר אונדז, פּאַרטיי־אַקטיוויסטן, אַ צווייטע היים, סיי אין פּרט פון אויספירן די פּאַרטיי־אַרבעט און סיי אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט.

אַזעלכע שטובן, ווי די פון די חברים שוואַרצשטיין, זאַבערמאַן, יאַקובאָ־וויטש, טשווערטש, האַבערגריץ, קלאַראַ האַניגמאַן און אַ סך אַנדערע, זענען געוואָרן צענטערן פאַר אונדזער אַרבעט. צו יעדער שעה פון טאָג און אָפטמאָל פון דער נאַכט האָט מען זיך דאָרט געקענט צונויפקומען און אָפּהאַלטן אַ שנעלע זיצונג, איבערלאָזן געפעלשטע דאָקומענטן פאַר אַ חבר אד״גל. און בכלל זיך פילן ווי ביי זיך אין שטוב.

ווען מיר האָבן זיך געדאַרפט טרעפן מיט פאַרשטייער פון אַנדערע פאַרטייען, האָבן מיר דאָס אַראַנזשירט אין די וווינונגען פון אונדזערע חברים. די דאָזיקע וווינונגען זענען אַפילו אויסגענוצט געוואָרן פאַר אומלעגאַלע קאָנטאַקטן פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי און אירע טוער, ווי למשל, סיזאָן ביסאָן, וואָס איז שפּעטער אונטער שרעקלעכע פּייניקונגען אומגעבראַכט געוואָרן פון דער געשטאַפּאָ, דאַניעל מאַיער א״אַ.

אַנדערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געוווּסט, אַז ביים „בונד״ קען מען געפינען אַ פּאַסיקן לאָקאַל פאַר אַן אומלעגאַלער זיצונג און פאַר אַ טרעפונג.

קומענדיק אין ליאָן, האָב איך אין אָנהייב געוווינט אין אַ צימער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געגנט ראָש־גאַרדאַן, נישט ווייט פון ליאָן. אין דעם הויז האָבן געוווינט עטלעכע בונדישע משפחות.

צוליב אָט דער צו־גרויסער קאָנצענטראַציע, האָב איך געביטן מיין וווינ־אָרט. שראַגער האָט פאַרנומען אַ צימער מיט אַ קיכל אין אַ בלינד געסל אין ליאָן, נישט ווייט פון אַ משא־וואָקזאַל, אין אַן אָרעמער אַרבעטער־געגנט. די וווינונג האָט אייגנטלעך געהערט צו דער וועכטערין פון הויז, אָבער זי האָט גענומען פאַר זיך אַ שטיבל אין הויף און פאַרדונגען איר וווינונג. די פענצטער זענען אַרויסגעגאַנגען צו דער גאַס צו.

שראַגער, אין וועמענס פאַמיליע ס׳איז שוין געווען אַ קליין קינד, האָט גענומען אַן אַנדער דירה און מיר איבערגעגעבן זיינע.

דאָס געסל איז געווען אַ קליינס און אַ שמאָלס, אַן „אימפּאַס״ און די שכנים און די קרעמער פון דער גאַס האָבן געקענט אַלע לאָקאַטאָרן. צוליבן דוחק אין דירות אין פראַנקרייך און באַזונדערס אין די גרויסע שטעט, האָבן מענטשן נישט אַזוי לייכט און נישט אַזוי אָפט געביטן אַ דירה. במילא האָבן זיך אַלע שכנים פון דער גאַס גוט געקענט.

עס איז געווען גענוג, אַז מיין פרוי זאָל זיך עטלעכע מאָל באַווייזן אין דער קראָם און מען זאָל שוין באַמערקן, אַז עס איז צוגעקומען אַ נייער אין דער

גאַס. עס איז געווען געננוג, אַז איך זאָל עטלעכע מאָל אַדורכגיין די גאַס און די לאָקאַטאָרן זאָלן שוין וויסן, ווו איך ווין, באַזונדערס זומער, ווען דאָס גאַנצע לעבן שפּילט זיך אָפּ אויף דער גאַס. און באַמערקט האָבן די שכנים, אַז סיי לויט אונדזער אויסזען און סיי לויט אונדזער שפּראַך, זענען מיר נישט קיין פּראָווינציאַלן נאָר געקומענע פון אַנדערשוואו. די פּראָווינציאַלן זענען געווען גענוג אינטעליגענט, כדי זיך אָנצושטויסן, אַז מיר זענען אויסלענדער און אפשר האָבן זיי זיך אַפילו משער געווען, אַז מיר זענען ייִדן.

אויך אונדזער בעל־הביתטע, די וועכטערן פון הויז, האָט געוווסט, אַז מיר זענען אויסלענדער און דערצו נאָך ייִדן, אָבער זי איז געווען אַ פיינע פּראָווינציאַלין און זייער אַ דיסקרעטע.

דאָס געסל „אימפּאַס לאַ ראָקעט", ווו מיר האָבן געוווינט די גאַנצע צייט ביז דער באַפרייונג, איז אויך נישט פאַר אונדז קיין אַבסאָלוט זיכערער אָרט. מען האָט קיינמאָל נישט געקענט וויסן, צי עס געפינט זיך נישט צווישן די הונדערטער לאָקאַטאָרן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, עפּעס אַ פאַשיסטישער אויס־וווּרף, וואָס וועט אונדז מסרן. עס האָט אויך געקענט טרעפן, אַז עמעצער פון די פראַנצויזישע לאָקאַטאָרן זאָל, אַפילו קעגן זיין ווילן, גאַנץ אומבאַוווסטזיניק, דערציילן עמעצן פון זיינע פריינט, וואָס קומען אים באַזוכן אין אַ זונטיק אָדער אין אַ חגא־טאָג, אַז אין דער גאַס וווינט אַ ייִד, אַן אויסלענדער, און דאָס האָט געקענט דערגיין צו דער מיליץ, אָדער געשטאַפּאָ.

האָבן מיר זיך אין דער דאָזיקער דירה קיינמאָל נישט געפילט זיכער, אַ ליאַדע פאַרדעכטיקע באַוועגונג אויף דער גאַס האָט אונדז שוין אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. ווער שמועסט נאָך, אַז עמעצער, אַ פרעמדער האָט געקלאַפּט אין אונדזער טיר. און געטראָפן האָט דאָס גאַנץ אָפט, מחמת די וועלכע האָבן נישט געוווסט, אַז די וועכטערין פון הויז אָדער קאָנסיערזשקע, וווינט אין הויף, האָבן געקלאַפּט אין אונדזער טיר אָדער פענצטער. אַמאָל וועגן אַן אינפאָרמאַציע, אַמאָל אַ פאָליציאַנט וועגן עפּעס אַן ענין. ביז וואָס־ווען האָט דאָס אונדז דער־וויל באַאומרויקט. מען האָט געדאַרפט האָבן זייער שטאַרקע נערוון.

אונדזער פּאַרטיי־אָנפירונג, אָדער ווי מען האָט זי דעמאָלט באַצייכנט: צענ־טער, איז באַשטאַנען פון פאָלגנדיקע חברים: שראַגער, עליע טשאַרנאָבראָדאַ, שמעון באָרנשטיין, צירל און האַנרי שטיינגאַרט, ישראל גערטלער, לעאָן האָ־לאַנד און איך. יעדער פון אונדז האָט געהאַט זיינע באַשטימטע פונקציעס און

איין מאָל אין וואָך האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אויף אַ זיצונג. יעדעס מאָל אין אַ דירה פון אַן אַנדערן חבר.

צו די וויכטיקסטע געביטן פון אונדזער טעטיקייט צו יענער צייט, האָט געהערט די אַרבעט צווישן דער ייִדישער יוגנט, דאָס אָרגאַניזירן אַ באַוואָפנטע קאַמף־גרופּע און דאָס אַרויסגעבן איין מאָל אַ חודש די אומלעגאַלע „אונדזער שטימע״.

מיט דער אַרבעט צווישן דער יוגנט האָבן אָנגעפירט צירל און האַנרי שטיינ־גאַרט. צוויי טיכטיקע און מוטיקע יוגנט־טוער, וואָס זענען נאָך פאַר דער מלחמה געווען זייער אַקטיוו אויף דעם געביט פון יוגנט און „סקיפּ״ (סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד). עס זענען פאַרגעקומען רעגולערע יוגנט־קרייזן, וואָס האָבן באַהאַנדלט אַקטועלע, אַלגעמיינע און ייִדישע פּראָבלעמען. שראַגער און איך פלעגן זיך אויך באַטייליקן אין זייערע קרייזן מיט רעפעראַטן אויף אַקטועלע טעמעס. עס איז געווען אַ לעבעדיקע און קאַמפּסלוסטיקע יוגנט. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט געשטאַמט פון בונדישע שטובן און נאָך פאַר דער מלחמה געהערט צום פאַריזער „סקיפּ״. פאַרשטייט זיך, אַז די קרייזן זענען געפירט געוואָרן אין דער ייִדישער שפּראַך.

מיטן אָרגאַניזירן די קאַמף־גרופּע, מיט איר אויסבילדונג און באַזאָרגונג פון געווער, האָבן זיך פאַרנומען די ח״ח א. גאָרדאָן און די שטיינגאַרטס. מיר האָבן דאָס פינאַנצירט.

דאָס רעדאַקטירן די „אונדזער שטימע״ איז מיר אָנפאַרטרויט געוואָרן. מיר האָבן זי אַרויסגעגעבן אין אַ קליינעם פאָרמאַט פון 8—12 זייטלעך, איינמאָל אין אַ חודש. אין אַ זייער וויכטיקן פאַל האָבן מיר אויך אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף.

נישט שטענדיק איז געווען מעגלעך איבערצולייענען דעם גאַנצן מאַטעריאַל אויף אַ רעדאַקציע־זיצונג, צו וועלכער עס האָבן געהערט עטלעכע מיטגלידער פון „צענטער״. האָב איך מיך געמוזט באַגרענעצן מיט דעם, וואָס איך פלעג באַקענען מיטן אינהאַלט פון מאַטעריאַל איינעם אָדער צוויי חברים פון „צענ־טער״, אָפט דעם ח׳ שראַגער.

כמעט דעם גאַנצן מאַטעריאַל פאַר דעם נומער פלעג איך אַליין אָנשרייבן. קיין דוחק אין מאַטעריאַל וואָלט קיינמאָל נישט געווען קיין מניעה פאַר דעם דערשיינען פון דער „שטימע״, מחמת סיי שראַגער, סיי אַנדערע חברים וואָלטן זי געקענט אויספילן. די הויפּט־שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דער טעכנישער צוגרייטונג און אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער אויסגאַבע.

וועגן אַ דרוקעריי האָט נישט געקענט זיין קיין רייד אין די באַדינגונגען פון ליאָן. האָבן מיר דעריבער געמוזט מיט גאָר פּרימיטיווע מיטלען צוגרייטן אַ נומער. דאָס ערשטע האָט מען געמוזט האָבן אַ יידישע שרייב־מאַשינקע און דערנאָך אַ מאַשין אַראָפּצוציִען די וואַקס־בלעטער. קויפן דעם דאָזיקן מאַטעריאַל איז אויך געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער ריזיקע, ווייל די פּאָליציי האָט גע־זוכט די פאַבריקלעך פון פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל, מיט וועלכע פראַנצויזישע אָר־גאַניזאַציעס האָבן פאַרפלייצט גאַנץ פראַנקרייך. נישט קיין קליינע שוועריקייט איז אויך געווען מיט פּאַסיקער דירה, ווו מען זאָל מאַכן די צייטונג.

נאָך אַן „אינספּעקציע" זענען מיר געקומען צום אויספיר, אַז די פּאַסיקסטע דירה פאַר אָט דער אַרבעט, וועט זיין די וווינונג פון חבר עליע טשאַרנאָבראָדאָ. ער האָט געוווינט אין אַ הייזקע מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג, פאַרטער אין אַ שטיל געסל אין דעם שטעטל סאָן סיר, הינטער ליאָן.

עליע טשאַרנאָבראָדאָ און זיין פרוי שיינדל האָבן געהערט צו די געטרייסטע און איבערגעגעבנסטע אַקטיוויסטן אונדזערע.

זייער שטוב איז געווען אַ פּלאַץ, ווו מיר פלעגן זיך צונויפקומען און זיך פילן ווי ביי זיך, ווייל די בעלי־הבתים זענען געווען האַרציקע און זייער גאַסט־פריינטלעכע מענטשן.

די טשאַרנאָבראָדעס האָבן אָפּגעגעבן אַ צימער, ווו מען האָט אַריינגעשטעלט אַ יידישע שרייב־מאַשינקע און איך האָב דאָרט אַ גאַנצן טאָג געאַרבעט, נישט פאַרלאָזנדיק דאָס צימער. ווען עמעצער האָט געקלאַפּט אין דער טיר און די בעל־הבתים זענען נישט געווען אין שטוב, בין איך נישט צוגעגאַנגען צו דער טיר. איך האָב געגעסן אויפן אָרט און אַזוי לאַנג פאַרבליבן אין דער דירה, ביז אַלע וואַקס־בלעטער זענען פאַרטיק געוואָרן.

די צווייטע אויפגאַבע איז געווען אָפּציִען די בלעטער. דערצו האָט מען גע־מוזט האָבן אַן אָפּצי־מאַשין. ס'איז געווען זייער שווער צו באַקומען אַזאַ מאַשין און אויך אַ גרויסע געפאַר זי צו טראַנספּאָרטירן אויף דער אומלעגאַלער וווינונג.

דורך פאַרבינדונגען מיט דער ווידערשטאַנד־באַוועגנג איז געלונגען צו קויפן אַזאַ מאַשין. מיט דער געפאַרפולער אַרבעט פון אַריבערפירן זי האָבן זיך פאַרנומען די חברטעס לאהקע עפּשטיין און ניחה האַניגמאַן. דאָס איז געווען אַ זייער געפערלעכע אונטערנעמונג, מחמת די גאַסן אין ליאָן און די טראַמווייען זענען געווען אונטער דער אָבסערוואַציע פון דער פּאָליציי און געהיים־אַגענטן. טראָגן אַזאַ מאַשין דורך דער גאַס האָט געקענט אַרויסרופן אַ גאָר גרויסן חשד אין

אַ צייט, ווען עס האָבן זיך געמערט אין ליזאָן און אומגעגעגנט די אַטענטאַטן אויף דייטשן און די סאַבאָטאַזש־אַקטן.

די חברטעס האָבן די מאַשין גוט איינגעפּאַקט און מיט מזל געבראַכט צו טשערנאָבראָדאַן.

איצט האָט מען נאָך געדאַרפט באַזאָרגן שוואַרצע פאַרב און מען האָט זי געלאָזט אין גאַנג. אַ ספּעציאַליסט ביי דער מאַשין איז געווען שמעון באָרנ־שטיין. ער האָט נאָך געקענט די מלאכה פון פוילן.

ווען „דער זאַץ איז אַריין אין דרוק" בין איך שוין נישט געווען אין דירה. אַזאַ איז דער פּרינציפּ פון דער קאָנספּיראַטיווער אַרבעט. איבעריקע מענטשן דאַרפן זיך נישט געפינען ביי דער אַרבעט. מיט עטלעכע שעה שפּעטער האָט מען שוין קאָלפּאָרטירט „אונדזער שטימע" צווישן חברים און פריינט און ביי אַ געלעגנהייט געשיקט עטלעכע עקזעמפּלאַרן קיין שווייץ און אַ פּעקל קיין פּאַריז.

אין גרויסע אומבאַקוועמלעכקייט האָב איך יעדן מאָל געמוזט אַריבער־טראָגן. איך האָב מיט מיין רעדאַקציע־מאַטעריאַל אין קעשענע געמוזט אַדורכ־פאָרן מיטן טראַמוויי אַ פּאָליציי־וואַך און עס איז געווען אַ געפאַר, אַז זי קאָן אַרויף אויפן טראַמוויי, כדי צו קאָנטראָלירן די באַגאַזשן, ווי דאָס פלעגט אָפט פּאַסירן.

דערפאַר שפּעט ביינאַכט, ווען איך פלעג זיך שוין אומקערן אַן אויסגעליי־דיקטער, האָב איך מיט גרויס סאַטיספאַקציע געקוקט אויף דער פּאָליציי־וואַך. עס האָט זיך מיר דערמאָנט היינריך היינעס ווערטל: „די קאָנטראַבאַנדע האָב איך אין מיין קאָפּ".

אין „אונדזער שטימע" האָבן מיר געווידמעט אַ סך פּלאַץ דעם ווידערשטאַנד־קאַמף אין פראַנקרייך און אין אַלע אַנדערע לענדער, וואָס האָבן זיך געפונען אונ־טער דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע און נישט ווייניק אָרט האָבן מיר אָפּגעגעבן פּאַר עצות, ווי אַזוי זיך אויסהיטן פון די כאַפּערס און גערופן צו אויסדויער און געשטאַרקט דעם גלויבן אין ענדגילטיקן זיג איבערן נאַציזם.

ביים פאַרשפּרייטן די צייטונג האָט מען זיך באַנוצט מיט פאַרשידענע מיט־לען און מעטאָדן. מען פלעגט די צייטונגען צעפּירן אין אַ קינדער־וועגעלע, אין אַ קוישל מיט שפּייז־פּראָדוקטן אד"גל. עס האָט אָבער אַמאָל אויך געהאָלפן, ווען מען איז דירעקט געגאַנגען צו דער חיה אין פּיסק אַריין.

בעת אַן אָבלאַווע אויף דער גאַס, האָט זיך איינמאָל פּונקט געפונען אונדזער חבר עליע טשאַרנאָבראָדע. ער איז שטענדיק געגאַנגען מיט אַ פראַנצויזיש בוך

אונטערן אָרעם. געהאַט האָט ער פּאַפּירן אַלס איטאַליענער. באַמערקנדיק די אַבלאַווע האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ מויער אין גאַס און רויק אַריינגעקוקט אין זיין בוך.

די פּאָליציי האָט קאָנטראָלירט זיינע פּאַפּירן און אים אָפּגעלאָזט.

שראַגער האָט זיך געהאַלטן ביי דער מיינונג, אַז וואָס אַקטיווער מען איז אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, אַלץ מער שאַנסן האָט מען זיך אָפּצוראַטעווען. דאָס איז געווען אמת בנוגע פראַנצויזן, אָבער נישט בנוגע יידן, ווייל ווען דער היטלעריזם וואָלט זיך נאָך געהאַלטן אין איירָאָפּע עטלעכע יאָר, וואָלט נישט געבליבן קיין איין ייד, אַפילו ווי אַקטיוו ער זאָל נישט האָבן געווען.

דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז מען האָט געדאַרפט פּאַסיוו וואַרטן אויפן אויסגאַנג פון טראַגישן געראַנגל צווישן דעמאָקראַטיע און פאַשיזם. מען האָט געדאַרפט זיין אַקטיוו, אָבער דערביי זייער פאָרזיכטיק און אויסרעכענען יעדן שריט און די קאָנסעקווענצן פון יעדן טאַט. פאָרזיכטיקייט דאַרף מען נישט פאַרטוישן מיט מורא. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אונטערן אויסרייד פון פאָרזיכטיקייט, באַהאַלטן זייער מורא. מורא איז אַ מענטשלעכע זאַך און איך געדענק, ווי אויף אַ זיצונג פון פאַריזער קאָמיטעט, באַלד נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה, האָט א. מענעס, דער באַקאַנטער היסטאָריקער, דעמאָלט נאָך אַ מיטגליד פון „בונד", אָפן דערקלערט, אַז ער האָט מורא. און איך געדענק, אַז ווען מען האָט אים באַפרייט פון לאַגער, ווו ער איז געווען אַ קורצע צייט און ער איז געקומען קיין טולוז (דאָס איז געווען אין מאַי אָדער אין יוני 1940), האָט ער אַ צעשראָקענער געטראַכט נאָר וועגן איין זאַך, ווי אַזוי וואָס שנעלער מיט פרוי און קינדער צו פאַרלאָזן פראַנקרייך.

דער כוח פון מורא איז אַ מעכטיקער און האָט נישט איינמאָל פאַרוואַנדלט מענטשן אין אָנמעכטיק און ווילנלאָזע ווען. אַ צושטאַנד, וואָס האָט אָפט דערפירט, אַז גוטע מענטשן, אָנשטאָט צו מוטיקן אַנדערע, האָבן אַליין פאַרלאָרן דעם צלם-אלוקים. פון דער אַנדערער זייט, זענען געווען פאַלן, ווען מען האָט געוואָלט באַהאַלטן די אייגענע מורא אונטערן אויסרייד, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק. דעריבער דאַרף מען נישט פאַרמישן די ביידע זאַכן. פאָרזיכטיק האָט מען געמוזט זיין אויף שריט און טריט. אָבער מורא האָבן האָט מען נישט געדאַרפט. אַלנפאַלס, די אַלע, וואָס זענען געווען אַקטיוו און האָבן פרייוויליק גענומען אויף זיך די גרויסע און שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אָנפירן מיט

אַן אָרגאַניזאַציע אין אַזעלכע געפאַרפולע און בלוטיקע צייטן, זענען געווען געגנוג מוטיק.

אונדזער לעבן איז געווען פאַר יעדן פון אונדז זייער טייער. דער ציל פון אונדזער גאַנצער טעטיקייט אַלס סאָציאַליסטן, איז דאָך געווען — ראַטעווען דעם מענטש, דעם ייִד. אָבער ווי טייער דעם אייגענער נפש זאָל נישט זיין, טאָר מען נישט פון אים מאַכן אַן אָפּגאָט און אַלץ אים אונטעראָרדענען, ווייל דעמאָלט דער־פירט דאָס צום היפוך פון דעם, וואָס עס איז דער הומאַניטאַרער סאָציאַליזם.

דאָס לעבן איז פאַר אונדז זייער טייער און גלייכצייטיק גאָרנישט ווערט. בעת מיר זענען געשטעלט געוואָרן פאַר אַ סיטואַציע, ווען מען מוז פאַרטיידיקן דעם עלעמענטאַרן מענטשלעכן כבוד, די פרייהייט פון יחיד און פון כלל, ווען מען מוז באַשיצן אונדזער עקזיסטענץ אַלס ייִדן, דעמאָלט מוז מען זיין גרייט אויף די גרעסטע קרבנות אַפּילו. דעמאָלט טאָר מען נישט מעסטן און וועגן, צי עס לוינט אָדער עס לוינט נישט צו שטעלן אין קאָן דאָס אייגענע לעבן.

ווען אונדזערע חברים האָבן געמוזט באַזאָרגן די באַדראָאטע פון דעפּאָר־טאַציע מיט פאַלשע פּאַפּירן, האָט מען דאָס געמוזט טאָן נישט געקוקט אויף די געפאַרן. וויפל מאָל איז אויסגעקומען דעם חבר שמעון באָרנשטיין, אָדער אַנדערע חברים און חברטעס, אַרומצוגיין באַלאָדנט מיט פאַלשע פּאַפּירן, שפּייז־קאָרטן און אַנדערע מינים רעטונגס־מיטלען פאַר די באַדראָאטע חברים? וויפל מאָל איז אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט פאַסערס אין פאַרדעכטיקטע קאַפעען, אָדער אויף אַ פּוסטער גאַס הינטער דער שטאָט, כדי מיט זיי דאָרט אַרומצורעדן די ענינים וועגן טראַנספּאָרטן פון קינדער אאַ"וו? און אינסטרויִרן די באַוואָפנטע יוגנט־גרופּע און דאָס אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן אַן אומלעגאַל בלאַט, האָט נישט געשמעקט מיט טויט־געפאַרן? אמת, גאָר אַ גרויסע טייל פון דער דאָזיקער אַרבעט, איז אויסגעפאַלן אויף אונדזערע חברטעס, ווען ס'איז געווען לייכטער זיך צו באַוועגן, אָבער אויך מיר, מענער, האָבן געהאַט אויסצופירן שווערע און געפאַרפולע פונקציעס אין יענער צייט. און צו ריזיקירן ביי קליינע זאַכן, פאַר־דערט זיך פונקט אַזוי פיל העלדישקייט, ווי צו ריזיקירן מיטן לעבן ביים אויס־פירן גרויסע טאָטן.

יעדער פון אונדז האָט גענוג זיך אָנצודערציילן וועגן די ניסים, וואָס עס האָבן מיט אים פערזענלעך פּאַסירט בעת די נאַציסטישע אָקופּאַציע־יאָרן, אין דעם שווידערלעכן געיעג אויף ייִדן.

אָט דערמאָנט זיך מיר פאָלגנדיקער עפּיזאָד:

עס זענען פאָרגעקומען זייער אָפטע אַבלאַוועס אויף מענטשן, אויף די גאַסן, ביי די וואָקזאַלן, ביי אויטאָבוס־סטאַנציעס, אין קאַפעען, ביים אַרויסגאַנג פון אַ קינאָ, אד״גל.

האָט טאַקע בעת אַזאַ אַבלאַווע מיין פרוי געטראָפן אַ גרויס גליק. זי איז געגאַנגען מיט אַ וואַליזע (פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט געהאַט אַרישע פּאַפּירן) און גראָד אין דעם מאָמענט האָבן די דייטשן און די פראַנצויזישע מיליץ אַדורכ־געפירט אַ בליץ־אַטאַקע אויף דער גאַס. אַלע מענטשן פון דער גאַס זענען איינ־געשלאָסן געוואָרן אין אַ קרייז פון מיליציאַנערן. צום גליק האָט זיך דער קרייז אָפּגעשטעלט ביי מיין פרוי און זי איז געבליבן שוין אויסער אים און אַזוי אַרום גאַנץ צופעליק זיך געראַטעוועט.

דער דאָזיקער פאַל האָט פאַרשטענדלעך נישט אָפּגעהאַלטן מיין פרוי פון איר ווייטערדיקער, קאָנספּיראַטיווער טעטיקייט. מען האָט זיך צוגעוווינט צו דער אויסערגעוויינלעכער צייט און מען איז געוואָרן פאַרהאַרטעוועט. עס איז געווען, ווי דאַנטאָן האָט אַמאָל געזאָגט: „מען האָט שלום געמאַכט מיטן טויט און מען האָט שוין נישט מער פאַר אים קיין מורא״...

עס זענען אויך געווען מאָמענטן, ווען עס איז באַפאַלן אַ מידקייט. דעמאָלט האָט זיך שוין געוואָלט פאַרלאָזן פראַנקרייך און צוװאַרטן אויפן סוף פון דעם מלחמה־קאָשמאַר אין דער רעלאַטיוו־רויִקער שווייץ.

אַחוץ דעם האָבן מיר (מיין פרוי און איך) נאָך געוואָלט דערלעבן צו זען אונדזער קינד, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָנדאָן און מיר האָבן נישט געהאַט פון אים קיין ידיעות. צוערשט האָב איך זייער שטאַרק צוגערעדט מיין פרוי, אַז זי זאָל פאָרן קיין שווייץ. מיר האָבן אַ קינד אין לאָנדאָן און אויב ער וועט איבערלעבן די מלחמה, זאָל ער כאָטש האָבן אַ מאַמע. מיין פרוי האָט שוין ענדלעך מסכים געווען אויף דעם און געטראַכט צו פאָרן אין דער שווייץ, כדי צו טון דאָרט אַן אַרבעט ביי די קינדער פון די לאַגערן. אָבער יעדעס מאָל האָט זי אָפּגעלייגט איר רייזע אויף אַן אַנדער טערמין. ביז איך האָב געזען, אַז עס האָט שוין נישט מער קיין זין צו רעדן וועגן דעם, ווייל זי וועט נישט איבער־לאָזן די אַרבעט, וואָס זי טוט אין פראַנקרייך פאַרן ייִדישן קינד און מוטער.

איך האָב געשטעלט אַמאָל אויף אַ זיצונג די פראַגע וועגן דערלויבן מיר צו פאָרן אין דער שווייץ. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז מיינע גייסטיקע כוחות וועלן מער נישט סטייען מיטצומאַכן דעם גאַנצן קאָשמאַר־פּעריאָד און כ׳האָב גע־האַלטן, אַז מען דאַרף מאַכן אַ בייט, אַ באַשטימטע צייט דאַרפן די חברים פון דער

שווייץ זיין אַקטיוו אין פּראַנצויזישן אונטערגרונט, און אַ געוויסע צייט דאַרפן מיר זיך געפינען אויף זייער אָרט. מען טאָר נישט צופיל אָפּנוצן אונדזער אַק־טיוו. די אַנדערע חברים פון דער אָנפירונג האָבן נישט איינגעזען די רעאַלקייט פון מיין פאָרשלאָג. זיי האָבן געטראַכט, אַז אויב די חברים פון דער שווייץ וואָלטן געהאַלטן ביים קומען, כדי אונדז צו פאַרבייטן, וואָלטן זיי נישט געוואַרט אויף אונדזער אַ באַשלוס און אַליין געקומען. אָבער זיי האָבן מיר געגעבן די דערלויבעניש צו פאָרן קיין שווייץ. די פּאַסערס האָבן געוואָלט מיך און מיין פרוי אומזיסט אַריבערפירן, ווייל ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, זענען זיי מיר שולדיק „פּראָוויזיע" פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס זיי אַרבעטן מיט אונדז.

איך האָב אָבער שפּעטער אַליין רעזיגנירט פון דער דאָזיקער דערלויבעניש. מיין פרוי, ווי געזאָגט, האָט שוין פריִער געהאַט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פּלאַן צו פאַרלאָזן פראַנקרייך און מיר האָבן שוין מער קיינמאָל נישט גערעדט וועגן דעם.

# דער העלדישער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

אין אונדזער געראַנגל מיט דער היטלעריסטישער בעסטיע און אירע מיטהעלפער פון דעם קאָמיסאַריאַט פאַר ייִדישע ענינים מיט די ברוינע ייִדעלעך, ווען עס זענען יעדן טאָג שוואַכער געוואָרן די כוחות פון ייִדישן ישוב און שיטערער אונדזערע רייען, האָט ווי אַ באָמבע געפּלאַצט די ידיעה, אַז די וואַרשעווער געטאָ איז אויפגעשטאַנען מיט וואָפן אין האַנט קעגן די נאַציסטישע רוצחים. פון אָנהייב האָט די ידיעה געקלונגען אַביסל אומפאַרשטענדלעך און אומגלויבלעך. אָבער עס איז וואָס אַמאָל קלאָרער געוואָרן, אַז דאָס איז אַ פאַקט. דער געטאָ אין וואַרשע קעמפט העלדיש און שטאַרבט מיט כבוד. פון לאָנדאָנער ראַדיאָ האָבן מיר אויפגעכאַפּט די ידיעות פון וואַרשע און שעהן־לאַנג זענען מיר אַזוי געזעסן לעבן אונדזער קליינטשיקן ראַדיאָ־קעסטל אין דעם פינצטערן צימער און יעדעס וואָרט און יעדע זילב אויפגעכאַפּט, וואָס די לאָנדאָנער ספּיקערס אין דער פראַנצויזישער און פּוילישער שפּראַך האָבן איבערגעגעבן וועגן אויפשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן דעם 19טן אַפּריל אָדער ערב פּסח 1943.

און ווען איך דערמאָן זיך אָט די פּיינפולע און געשפּאַנטע שעהן ביים ראַדיאָ־קעסטל, הער איך ווידער די שטים פון ספּיקער: „וואַרשעווער געטאָ ברענט; די דייטשן צינדן אונטער גאַנצע גאַסן; די ייִדישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע שטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד". און אַזוי יעדן טאָג האָבן מיר מיט אָמתן האַרץ־קלאַפּן געהערט די שטים פון ספּיקער און געפילט עפּעס אַן אינערלעכע באַפרידיקונג, עפּעס אַ מאָראַלישע סאַטיספאַקציע, וואָס די קאַמפן האַלטן נאָך אָן. מיט מורא האָבן מיר ווידער געוואַרט אויף דער שטים פון ספּיקער. טאָמער, אפשר איז

שוין דער אויפשטאַנד דערשטיקט געוואָרן און ווען ער האָט ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן העלדישן ווידערשטאַנד, האָט זיין שטים אויפסניי געקלונגען אין אונדזערע אויערן מיט דער שטילער פאַרבאָרגענער האָפענונג: אפשר, אפשר וועט דאָך געשען דער גרויסער נס און די געטאָ־אויפשטענדלער וועלן באַזיגן די צעיושעטע היטלעריסטישע בעסטיע? האָט דאָך שוין אַמאָל פּאַסירט, אַז דער קליינטשיקער דוד האָט באַזיגט גליתן. און אַזוי האָבן זיך געצויגן טעג נאָך טעג, איבער אַ חודש. נישט קיין חודש איז דאָס געווען פאַר אונדז, נאָר אַן אייביקייט אַ גאַנצע, בעת וועלכער מיר האָבן מיטגעפיבערט מיט אונדזערע וואַרשעווער קעמפער. ווער נאָך ווי מיר האָבן פאַרשטאַנען זייער הייליקן צאָרן אין זייער פאַרצווייפלטן אומגלייכן קאַמף, וואָס זיי טראָגן אויס אויף זייערע אויסגעמור־טשעטע קערפּערס, אויסגעמוטשעטע פון הונגער און פּיין, אָבער מיט גרויסע, הייליקע נשמות, וואָס זענען שטאַרקער פון דייטשישן שטאָל און אייזן, פון די פאַנצער־דיוויזיעס, פון די גרויליק־אכזריותדיקע באַרבאַרן.

און מיר האָבן זיך דערפילט דערהויבן און געלייטערט, געשטאַרקט און דערמוטיקט. אָ, ווי דאַנקבאַר זענען מיר זיי געווען! מיט אַלע חושים האָבן מיר דערפילט, אַז זייער קאַמף איז אונדזער קאַמף, ווייל מיר שטייען מיט זיי אויף איין פראָנט, נאָר פאַרנעמען אַנדערע קאַמף־פּאָזיציעס. מיט עקל און שפּאָט האָבן מיר איצט געקוקט אויף די אָנגעגאָסענע דייטשן מיט זייערע פאַרברעכערישע צורות, געקוקט אויף זיי מיט אינערלעכן שטאָלץ און מאָראַלישער סאַטיספאַקציע. אויף אַן אַנדער אָפּשניט פון אַנטי־פאַשיסטישן פראָנט באַקומען זיי מערדערלעכע קלעפּ און גראָד פון אונדזערע ברידער און שוועסטער. די שעה פון חשבון איז געקו־מען. פאַר אונדזער פּיין און דערנידעריקונג, פאַר די צענדליקער טויזנטער ייִדן — פרויען און קינדער, וואָס זענען אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען דעפּאָר־טירט געוואָרן צום אומקום. מיר זענען אויסגעוואַקסן אין אונדזערע אייגענע אויגן און אין די אויגן פון פראַנצויזישן פאָלק און פון דער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ווייל באַוווּנדערונג און גרויס רעספּעקט צום ייִדישן פאָלק האָט ביי אַלע פרייהייט־ליבנדיקע פראַנצויזן אַרויסגערופן די וווּנדער־לעך־העראָישע טאַט פון די לעצטע רעשטלעך פון וואַרשעווער געטאָ.

מיר האָבן אין די דאָזיקע טעג פון וואַרשעווער אויפשטאַנד נאָך נישט גע־וואָלט אונטערפירן קיין שום סך־הכלען און אויך נישט רעדן וועגן די פּערספּעק־טיוון פון דער גרויסער טאַט. מיר זענען אַלע געווען פאַרכאַפּט און סוגעסטיאָ־נירט פון די שלאַכטן אין געטאָגראַד און מיט זיי געלעבט, ביז אין אַ טאָג, ווען

עס האָט אָנגעהויבן צו גוסן דאָס ראַדיאָ־קעסטל, די שטים פון ספּיקער איז געוואָרן בלאַס און שוואַך: „מיר האָבן נאָך פאַרנומען די לעצטע קרעכצן פון די שטאַרבנדיקע העלדן און עס איז געוואָרן פינצטער. אַ באַרג אַש פון יידישן וואַרשע און נאָר ווייניקע האָבן זיך קוים געקענט אַרויסראַטעווען פון צווישן די פלאַמען. ..." האָט פאַרענדיקט מיט אַ ציטערדיקער שטים, פול מיט טרויער און ערפורכט פאַר די געפאַלענע העלדן און קדושים, דער לאָנדאָנער ספּיקער.

אַז די וועלט האָט געשוויגן, די פרייע אין דער ערשטער ריי, אויף די הילף־רופן פון די וואַרשעווער גיבורים, דאָס האָט דער ספּיקער פאַרשוויגן. עס האָט אים אָבער אין דעם געשטערט אונדזער אומפאַרגעסלעכער אַרטור זיגעלבוים אין לאָנדאָן. ער מיט זיין גרויסער און נאָבעלער טאַט.

„איך קען נישט שווייגן, ווען דאָס יידישע פאָלק אין פוילן גייט אונטער" אַט די ידיעה וועגן זיין פרייוויליקן זעלבסטמאָרד אין לאָנדאָן, האָט אונדז אַלעמען דערשיטערט. און ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען אויף אונדזער פּאַרטיי־גרופּע, כדי אַרומצורעדן די געשעענישן אין וואַרשע און דערמאָנען די הייליקע טאַט פון חבר אַרטור, האָבן געפעלט ווערטער צו רעדן. אַלע האָבן געפילט, אַז עס וואָלט בעסער געווען צו שווייגן, בציבור צו שווייגן און מיט אונדזערע געדאַנקען און געפילן זיך אַריבערטראָגן קיין וואַרשע און דערנאָך קיין לאָנדאָן צום קבר פון אונדזער אַרטור זיגעלבוים.

נאָכן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, האָבן מיר געפילט, אַז איצט איז איי־גנטלעך פראַנקרייך דאָס לאַנד, ווו דער יידישער ישוב דאַרף פאַרזעצן דעם קאַמף פון די וואַרשעווער העלדן און גבורים, אַז זייער קאַמף דאַרף ווייטער אָנגעהאַלטן ביז דער ענדגילטיקער מפּלה פון דעם גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק און פון דער גאַנצער פרייער מענטשהייט.

און עס האָבן זיך שוין געמערט די צייכנס אויפן הימל און אויף דער ערד און דער עיקר אויף די פראָנטן, אַז אַ מיליטערישע מפּלה פאַר דייטשלאַנד איז אַן אומפאַרמיידלעכע זאַך.

די גרויסע מאָראַלישע מפּלה, וואָס היטלער־דייטשלאַנד האָט געליטן אין וואַרשעווער געטאָ, איז נישט געבליבן אין די גרענעצן פון פוילן, נאָר זי האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער גאַנצער אונטערגרונט־באַוועגונג אין די אָקופּירטע לענדער דורכן נאַציזם.

שוואַך־באַוואָפנטע קאַמף־גרופּעס פון אויסגעמוטשעטע מענטשן זאָלן שטעלן

אַזאַ העלדישן ווידערשטאַנד, זאָלן גורם זיין אַזעלכע שפּירעוודיקע מפּלות דער, ביז דעמאָלט זיגרייכער דייטשישער אַרמיי, אויף אַזאַ קליינעם שטח זאָלן קאַמפן אָנהאַלטן אַזוי לאַנג! אָט די ביישפּיללאָזע אין דער געשיכטע העלדישקייט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער אין וואַרשע, האָט זייער שטאַרק באַאיינפלוסט די קעמפער פון די „מאַקיס״ און צוגעגעבן גרויס חשיבות דעם יידישן נאָמען אין זייערע אויגן.

מיר, פון אונדזער זייט האָבן זיך אויך באַמיט, אַז אין דער פראַנצויזישער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער פּרעסע זאָלן זיך באַווייזן וואָס מער אינפאָרמאַציעס און אָפּהאַנדלונגען וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד.

נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד — דעם לעצטן טראַגיש־העלדישן אַקאָרד אין דער לאַנגער געשיכטע פון יידישן פאָלק אין מזרח־אייראָפּע — האָבן מיר דערפילט דעם פאַרנעם פון אונדזער נאַציאָנאַלן חורבן. נישטאָ מער פּוילן, נישטאָ מער דאָס מזרח־אייראָפּעיִשע יידנטום. אַ גאַנצע יידישע וועלט איז אונטערגעגאַנגען און אויף וואָס פאַראַ אופן! די טעמע פון אַלע אונדזערע געשפּרעכן איז געווען: פּוילן, דער יידישער חורבן, און וואָס וועט זיין ווייטער מיטן יידישן פאָלק און מיט דער בונדישער באַוועגונג?

דער „בונד״ האָט שטענדיק געבויט די יידישע צוקונפט אויף דער דאָיִקייט און אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־סאָלידאַריטעט.ביידע יסודות פון בונדיזם זענען אַזוי שווער דערשיטערט געוואָרן. נישטאָ מער קיין דאָיִקייט אין מזרח־אייראָפּע און עס איז נישט געווען אין דעם טראַגישן מאָמענט פון יידישן אומקום אין פּוילן קיין אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־סאָלידאַריטעט.

ציוניזם, דאַקעגן, האָט געבויט אויף דער נעגאַציע פון דאָיִקייט און אויפן נאַציאָנאַלן עגאָיִזם. דער ציוניזם האָט שטאַרקע פּאָזיציעס אין ארץ־ישראל און אין אַלע אַנדערע ישובים אין דער וועלט און דער „בונד״ האָט, הויפּטזעכלעך, געבויט אויף מזרח־אייראָפּע, איז ער, צוזאַמען מיטן אייראָפּעיִשן יידנטום פאַרשניטן געוואָרן. יידישע קאָמוניסטן האָבן דאָס סאָוועטישע יידנטום. זיי האָבן סטאַלינגראַד און די מאַרקישעס און די פעפערס זענען געוואָרן יידיש־נאַציאָנאַלע קעמפער אין זייערע שאַפונגען.

וואָס האָבן מיר?!

דאָס איז אָבער נאָך נישט געווען דער סוף.

# דער מאָרד איבער די ח״ח ה. ערליך און וו. אַלטער אין סאָוועט־רוסלאַנד

די ידיעה, אַז אין סאָוועט־רוסלאַנד זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט די חברים ה. ערליך און וו. אַלטער האָט אויף אונדז אַלע־מען געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. באַזונדערס אויף די, וואָס האָבן פּערזענלעך גוט געקענט די דאָזיקע צוויי נאָבעלע מענטשן און לאַנג־יאָריקע אי־בערגעגעבענע פירער פון „בונד" אין פוילן.

מיר האָבן וועגן דעם דאָזיקן שרעקלעכן פאַרברעכן פון סטאַלינען און זיין רעכטע האַנט, בעריאַ, מיט צער און צאָרן גערעדט אויף אונדזערע פּאַרטיי־גרופּעס און באַערט ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט זייער אָנדענק. אויך אין די ציוניסטישע קרייזן האָט דער מאָרד געמאַכט אַן איינדרוק.

אין „אונדזער שטימע" האָב איך פאַרעפנטלעכט אַ זייער שאַרפן אַרטיקל קעגן סאָוועטישן טעראָריסטישן רעזשים און באַערט אויף אַ גאָר באַשיידענעם אופן און מיט די אָרעמע מיטלען, וואָס מיין פעדער פאַרמאָגט, די צוויי אומ־פאַרגעסלעכע חברים, וואָס האָבן געהאַט אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן אין קאַמף פאַר סאָציאַליזם און פאַר די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אינטערעסן פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן. לאָמיר נישט פאַרגעסן, אַז עס איז דעמאָלט געווען אין סאַמע מיטן ברען פון די סאָוויעטישע מיליטערישע נצחונות. עס איז שוין געווען נאָך סטאַ־לינגראַד און די רוסישע העלדישע אַרמייען האָבן גענאָסן פון גרויס סימפּאַטיע און פּרעסטיזש אין דער מערב־וועלט און באַזונדערס אין פראַנקרייך. די קאָמו־ניסטן האָבן נישט אויפגעהערט אויף די פאַרשידנסטע אופנים צו רימען דעם גרעסטן סטראַטעג פון אַלע צייטן און לענדער און צו זינגען שבחים דעם סאָ־

וויעטישן סאָציאַליסטן פּאַטערלאַנד, וואָס איז מסוגל אַרויסצוגעבן פון זיך אַזעלכע העלדישע קעמפער קעגן די נאַציסטישע קאַניבאַלן.

די קאָמוניסטן, פאַרשטייט זיך, האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט מאָסקווע און דער „חבר" גענעראַליסמוס סטאַלין איז געוועזן זייער אָפּגאָט.

ווער וואָלט דעמאָלט געוואָגט אויפצוהייבן אַ פּראָטעסט־שטימע קעגן דעם תליון פון די צוויי נאָבעלע און געטרייע סאָציאַליסטן, ערליך און אַלטער, וואָס זענען אויף אַ נידערטרעכטיקן און פּחדנישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן?

אַפילו די אַלע, וואָס האָבן ביי זיך אין האַרצן געטראַכט, אַז סטאַלין איז באַגאַנגען אַ שוידערלעכן מאָרד, זענען אָבער נישט גרייט געווען דאָס עפנטלעך צו דערקלערן. מען דאַרף געדענקען, אַז מען איז נאָך דעמאָלט געזעסן צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן אין די איינהייטס־קאָמיטעטן און דער לאָזונג פון אַן אַנטי־פאַשיסטישן איינהייט־פראָנט, האָט נאָך ביי אַ סך סאָציאַליסטן געוועקט די אי־לוזיעס וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ צוזאַמענאַרבעט מיט די קאָמוניסטן.

פונדעסטוועגן, ווי אומפּאָפּולער עס זאָל נישט האָבן געווען אונדזער אַרויס־טריט קעגן דעם סטאַליניסטישן פאַרברעך, האָבן מיר דאָס געטון מיט דער פול־לער אחריות פאַר זיינע קאָנסעקווענצן. מיר האָבן געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער מאָנסטעריעזער פאַרברעך, וואָס סטאַלין און בעריאַ זענען באַגאַנגען, מוז פון אונדז ווי אַמשאַרפסטן פאַראורטיילט ווערן און מיר מוזן אַלץ טון, כדי די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט און די אונטערערדישע פראַנצויזישע פרייהייט־כוחות זאָל דעם דאָזיקן באַרבאַרישן אַקט פאַראורטיילן.

אין „אונדזער שטימע" האָב איך פאַרעפנטלעכט אַ לענגערן אַרטיקל וועגן דעם טראַגישן גורל פון אונדזערע חברים אין סאָוועט־רוסלאַנד און געשטעמפּלט מיט די האַרבסטע אויסדרוקן דעם סטאַליניסטישן פאַרברעך. אַנדערע חברים האָבן זיך באַמיט צו אינפאָרמירן די טוער פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי וועגן דעם שרעקלעכן פאַל. ערליך און אַלטער, באַזונדערס אַל־טער, האָט געהאַט אַ סך פריינט צווישן די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע טוער און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט באַזוכן פּאַריז, האָט ער זיך געזען מיט לעאָן בלומען.

מיר האָבן מיט אונדזערע באַשיידענע מיטלען און ביי אַ גאָר אומגינסטיקער פּאָליטישער קאָניונקטור, געטון אַלץ וואָס איז נאָר געווען אין אונדזערע כוחות, כדי צו ברענגען צום אויסדרוק אונדזער גרויסן צער און פלאַמענדיקן פּראָטעסט קעגן דער באַרבאַרישער האַנדלונג פון בלוטיקן קרעמלער דיקטאַטאָר.

די ייִדישע קאָמוניסטן האָבן געשוויגן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מיר האָבן זיי דעמאָלט אַזוי שטאַרק אַטאַקירט. עס איז נישט געווען פֿאַר זיי באַקוועם צו רעדן וועגן דעם דאָזיקן פֿאַרברעך, ערשטנס אין אַ מאָמענט, ווען זיי האָבן אויסגעשטרעקט אַ „ברידערלעכע" האַנט צו אונדזערע חברים־סאָציאַליסטן, און צווייטנס, כּדי די אייגענע אָנהענגער זייערע זאָלן זיך וועגן דעם נישט דערוויסן. סוף־כּל־סוף זענען דאָך צווישן די סטאַליניסטישע אָנהענגער געווען גאָר אַ סך, וואָס האָבן געקענט ערליכן און אַלטערן פֿון אַמאָליקן פּוילן און זיי וואָלטן נישט אַזוי לייכט אַראָפּגעשלונגען די מנווולדיקע באַשולדיקונגען אַז זיי האָבן געפֿירט אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע אַ פּראָפּאַגאַנדע פֿאַר שליסן אַ שלום מיט היטלער־דייטשלאַנד, דאָס וואָס עס האָבן אייגנטלעך געטון די קאָמוניסטן ביז יוני 1941.

צוליב די דאָזיקע טעמים האָבן די יעווסעקעס געשוויגן, ווי עס וואָלט גאָר־נישט נישט פּאַסירט און ווייטער געוואָלט איינהאַלטן די איינהייט־קאָמיטעטן, צוזאַמען מיט די בונדיסטן. ביי די קאָמוניסטן איז דאָס אַן אַלטער כּלל און אַזאַ פּיי־ונג. לעניִן אַליין האָט שוין אַמאָל פֿאָרמולירט די דאָזיקע טאַקטיק. קאָמו־ניסטן דאַרפֿן זיך ריטשן אויפֿן בויך דורך אַ בלאָטע צו זייער ציל. אַלע מיטלען זענען כּשר, אַבי צו דערגרייכן דעם ציל.

איצט, בשעת היטלער איז באַפֿאַלן זיין פֿריינט סטאַלין, האָט מען געמוזט גיין מיט אַלע אַנטי־נאַציִשע כּוחות, נישט געקוקט אויפֿן פּרייז, וואָס מען מוז דערפֿאַר צאָלן. וואָס שפּילט אַ ראָל, אויב בונדיסטן גרייפֿן אָן? ווען מען אַרט עס, אַז זיי פֿאַלן אָן אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד? היינט גילט די טאַקטיק פֿון איינהייט און זיי זענען גרייט צו גיין מיט אַלע. אַלץ וואָס איז קעגן היטלער־דייטשלאַנד איז איצט נוצלעך פֿאַרן ראַטנפֿאַרבאַנד.

אין אַלע לענדער פֿון דער וועלט, אָבער נישט אין סאָוועט־רוסלאַנד. דאָרט וואָלטן געווען זייער געפֿערלעך פֿאַר דעם עצם־עקזיסטענץ פֿון דיקטאַטאָרישן רעזשים צו שליסן איינהייטס־פֿראָנטן מיט סאָציאַליסטן מיט אַ וועלט־נאָמען און דערצו נאָך מיט ייִדישע סאָציאַליסטן. דאָרט וואָלט אַזאַ איינהייט־פֿראָנט געקענט מיט דער צייט ווערן געפֿערלעך פֿאַר דער מאָנאָפּאָליזאַציע, וואָס די סטאַליניס־טישע פּאַרטיי פֿאַרנעמט.

סטאַלין איז נישט בלויז געווען אַ פּאָליטישער פֿאַרברעכער, ער איז געווען אַ גרויסער נוקם־ונוטר און פֿאַרמאָגט פֿאַרברעכערישע אינסטינקטן אויך. ער האָט געטראָגן אַ שנאה אויפֿן „בונד" און אויף זיינע פֿירער פֿאַר דעם אַמאָליקן

אַנטי־באָלשעוויסטישן קאַמף זיינעם און געדענקט די ראָל, וואָס הענריק ערליך האָט געשפּילט אין די אַרבעטער־ראַטן אין 1917. סטאַלין מיט זיין ברוטאַלן כאַראַקטער און נידעריקן מאָראַלישן ניוואָ, האָט נישט גענומען אין אַכט, אַז די בונדישע פירער זענען געלאָפן קיין סאָוועט־רוסלאַנד כדי אויסצומיידן דעם זיכערן טויט מצד די היטלעריסטישע הענקער און מען דאַרף זיי געבן אַזיל־רעכט. ער האָט נישט געקענט באַנעמען, אַז ווי שטאַרק אַנטי־קאָמוניסטיש זיי זאָלן נישט האָבן געווען, וואָלטן זיי אין באַצוג צו דעם לאַנד, וואָס גיט זיי אַזיל־רעכט, גאַרנישט געטון קעגן דער הערשנדיקער מאַכט. פאַרקערט, זיי זענען אַפילו געווען גרייט צוזאַמענצואַרבעטן מיט דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכ־קייט אין קאַמף קעגן נאַצי־פאַשיזם. סטאַלין מיט זיינע פאַרברעכערישע אינס־טינקטן האָט דערשפּירט, אַז איצט קען ער נעמען נקמה אין די צוויי פּאָליטישע פּליטים, וואָס זענען געווען געצוווּנגען צו זוכן אַ צייטווייליקן מקום־מקלט אין רוסלאַנד און האָט זיי אויף אַן אכזריותדיקן אופן אומגעבראַכט. וואָסערע מאָ־ראַלישע סקרופּולן קען אַזאַ מענטש, ווי ער איז געווען, האָבן בנוגע זיינע נאַטאָ־רישע און אָפענע פּאָליטישע קעגנער, בעת ער האָט זיינע אייגענע בוזים־פריינט פּאַראַטן און זיי געלאָזט אויסשיסן?

מיר האָבן אַלץ געטון, כדי אַרויסצורופן אַ פּראָטעסט־באַוועגונג קעגן דעם סטאַלין־מאָרד, אָבער, ווי געזאָגט, איז די פּאָליטישע אַטמאָספער נישט געווען דערפאַר גאָר גינציק, האָבן מיר געטון דאָס, וואָס אונדזער געוויסן און אונדזערע פּאַרטיי־פליכטן האָבן אונדז דיקטירט. דאַקעגן, אין ניו־יאָרק, איז געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ גרויסע פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע און מיט גרויסער צופרידנ־קייט האָבן מיר אויפגענומען די דאָזיקע ידיעה און זי וויטער פאַרשפּרייט.

פאַר מיר פּערזענלעך האָט זיך געשטעלט די פראַגע: צי קענען פאַרשטייער פון „בונד" זיצן צוזאַמען אין די קאָמיטעטן מיט די קאָמוניסטן? און איך בין געקומען צום אויספיר, אַז מיר דאַרפן פאָדערן פון די קאָמוניסטן אַ קלאָרע דערקלערונג, אַז זיי גרענעצן זיך אָפּ פון דעם דאָזיקן שוידערלעכן מאָרד, אויב נישט ווילן מיר מער מיט זיי נישט זיצן ביי איין טיש. ליידער, האָט מיין פאָר־שלאַג צווישן אונדזערע חברים גופא נישט געפונען קיין גענוגנדיקע אונטער־שטיצונג. הויפּטזעכלעך צוליב דעם, וואָס די ציוניסטישע גרופּירונגען וואָלטן נישט אונטערגעשטיצט אַזאַ פאָדערונג. איז מיר געבליבן פאַר זיך פּערזענלעך צו מאַכן דעם אויספיר: נישט צו זיצן מיט זיי אין געמיינזאַמע קערפּערשאַפטן און בכלל אויסמיידן מיט זיי יעטוועדן פּערזענלעכן קאָנטאַקט. און עס פלעגט

מיך יעדעס מאָל רעוואָלטירן, ווען איך האָב געזען, אַז געוויסע אונדזערע חברים, האַלטן אונטער פּערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט די יעווסעקעס.

אין „אונדזער שטימע״ האָב איך אָבער געהאַט די פרייע מעגלעכקייט אָפן און שאַרף צו אַטאַקירן דעם סאָוועטישן רעזשים און די יעווסעקעס אין שייכות מיטן מאָרד איבער אונדזערע אומפאַרגעסלעכע חברים.

למען האמת דאַרף באַמערקט ווערן, אַז אונדזערע חברים, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף נישט צוליב די קאָמוניסטן פאַרלאָזן די איינהייט־קאָ־מיטעטן, האָבן נישט געהאַט חלילה קיין שום אילוזיעס בנוגע די קאָמוניסטן און זייער מאָראַל, זיי האָבן אויך גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ווען מיר וואָלטן זיך גע־פונען אין רוסלאַנד, וואָלט אונדזער גורל נישט געווען קיין גאָר גליקלעכער, אָבער זיי האָבן געטענהט, אַז מען קען איצט נישט דערקלערן די קאָמוניסטן קיין קריג אויף לעבן און טויט. פונדעסטוועגן האָבן זיך די באַציִונגען צווישן אונדז און די קאָמוניסטן פאַרערגערט.

מיט וויקטאָר אַלטערן האָבן איך זיך געזען דאָס לעצטע מאָל אין פּאַריז, בעת ער האָט באַזוכט שפּאַניע און מיט ה. ערליכן — בעת זיין צוריק־רייזע פון אַמעריקע קיין פּוילן, אין 1937. צוויי שיינע פּערזענלעכקייטן, וואָס זענען געווען דער שטאָלץ פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן.

אַ רעזשים, וואָס פאַרהערלעכט אַן אויבער־תליון און שטעלט אויף פאַר אים אַ מאַוזאָלעום, און וועגן די קרבנות זיינע ווייסט מען אַפילו נישט, ווו זייער געביין איז אָהינגעקומען, אַזאַ רעזשים איז אין 20סטן י״ה פאַראורטיילט צום אונטערגאַנג. דער אורטייל פון דער געשיכטע איז שוין אַ פאַרטיקער. און לאָמיר האָפן, אַז די עקזעקוטאָרן פון דעם אורטייל וועלן זיין די סאָוועטישע פאָלקס־מאַסן און נאָר זיי אַליין. דאָס וועלן זיי די נידעריקסטע קאָסטן פאַר ליקווידירן דעם טעראָריסטישן באָלשעוויסטישן רעזשים.

בעת דער מלחמה בין איך געווען איבערצייגט, אַז דער היטלעריזם וועט ליידן אַ צעשמעטערנדיקע מפּלה. עס איז נאָר נישט געווען זיכער צי מיר וועלן דערלעבן די דאָזיקע מפּלה. הייַנט קען מען זאָגן דאָס זעלבע וועגן סאָוועטישן רעזשים. עס איז אַבסאָלוט זיכער, אַז ער וועט פאַרשווינדן; צי מיר וועלן נאָך האָבן די זכיה דאָס צו זען, — איז אַ פראַגע.

פון אומפאַרגלייכלעך גרעסערער וויכטיקייט איז די פראַגע, צי וועלן נאָך בלייבן ייִדן אין רוסלאַנד, בעת עס וועט קומען דער סוף פון דעם הייַנטיקן רעזשים. ווי פאַרשיידנאַרטיק, לויט די מעטאָדן און ציל־איינשטעלונגען, עס איז

געווען דער נאַציסטישער רעזשים, אין פאַרגלייך צום סאָוועטישן, בנוגע דעם ייִדישן פאָלק, איז אָבער אַ פאַקט, אַז דער טראַגישסטער גורל פון אונדזער פאָלק איז אויסגעפאַלן אין דעם פּעריאָד, ווען עס האָבן געהערשט אין אייראָפּע די צוויי דיקטאַטורן, די פאַשיסטישע און די טאָטאַליטאַר־קאָמוניסטישע.

עס האָט ביי דער דעמאָקראַטיע, אַלגעמיינער און ייִדישער, בעת דער מלחמה געהערשט אַ שטאַרקע אילוזיע, אַז רוסלאַנד וועט זיך נאָך דער מלחמה ליבעראַליזירן און אויף דער טעמע האָבן זיך געפירט לאַנגע דיסקוסיעס. טייל האָבן געהאַלטן, אַז מאָסקווע וועט זיך איבערצייגן, אַז קיינער וויל נישט אַטאַקירן דעם סאָוועטישן רעזשים, והא־ראיה, אין דעם קריטישסטן מאָמענט אירן, ווען היטלער איז באַפאַלן רוסלאַנד, האָט דער ענגלישער פּרעמיער־מיניסטער, אָן אַ פאַרשטענדיקונג מיט קיינעם, באַלד דערקלערט, אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, אַז ענגלאַנד וועט מיט אַלע כוחות שטיצן רוסלאַנד אין קאַמף קעגן נאַציזם. אַלע אַנדערע אַלייִרטע מלוכות האָבן דאָס נאָכגעטון.

וועט דער קרעמל, נאָך דער מלחמה, אָנהייבן איינצופירן דעמאָקראַטישע רעפאָרמעס אין לאַנד. דער מאָטיוו, אַז מען דאַרף זיין שטאַרק און וואַכזאַם, וועט דאָך שוין אינגאַנצן אַוועקפאַלן. קיינער פון די אַלייִרטע מלוכות וועט דאָך גאָר־נישט טראַכטן צו באַפאַלן רוסלאַנד.

און מען האָט שוין דעמאָלט געזען בולטע סימנים פון אַזאַ דעמאָקראַטיזירונגס־פּראָצעס אין רוסלאַנד. אָט האָט מען די קירכעס געגעבן מער פרייהייט און מען גייט שוין אַפילו אַזוי ווייט, אַז מען פאַרהערלעכט צאַרישע גענעראַלן און מען דערקלערט די מלחמה אַלס אַ פּאַטערלענדישע. וואָס דאַרף מען מער? סטאַלין האָט שוין אַפילו דעם קאָמינטערן, דעם „אַוואַנגאַרד פון דער וועלט־רעוואָלוציע״ אויך אויפגעלייזט. דאַרף מען דעריבער איצט נישט אַרויסרוקן די אַלטע טענות צו די מאָסקווער הערשער, נאָר זען דאָס נייע אין דער סיטואַציע און אויף דעם בויען אונדזער באַציִונג צום סאָוועטישן רעזשים.

די דאָזיקע סימנים האָט מען נישט געקענט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט און עס האָט זיך געקענט אויסדאַכטן, אַז עפּעס האָט זיך דאָרט אונטערן אייזערנעם פאָרהאַנג דאָך אַ ריר־געטון. פונדעסטוועגן האָב איך געהאַלטן, און דאָס איז נישט געווען מיינער קיין אָריגינעלער געדאַנק, נאָר ער געהערט צו דעם אייזערנעם קאַפּיטל פון נישט געפעלשטן מאַרקסיזם: אַז דעמאָקראַטיע און דעמאָקראַטיזאַציע פון לאַנד אָדער רעזשים מעסט מען מיט אַ גאָר אַנדערער מאָס. די מאָס איז: ווי האַלט עס מיטן אַרבעטער־קלאַס און מיט די פאָלקס־מאַסן בכלל? צי האָבן

די אַלע רעפאָרמען זיי געגעבן מער פּאָליטישע און סאָציאַלע רעכט אָדער נישט?

עס איז געווען פון דעם שטאַנדפּונקט צו אַנאַליזירן די רעפאָרמען, וואָס סטאַלין האָט איינגעפירט בעת דער מלחמה, כדי צו זען, אַז מען האָט געהאַט צו טון בלויז מיט ליבעראַלע זשעסטן מצד דעם קרעמל, אַז אין זיין עצם־תוכן איז דער רעזשים געבליבן דער זעלבער, נאָר אַז ער האָט איצט אַ שמייכל אויף זיין פּרצוף און באַהאַלט איצט זיינע שאַרפע נעגל.

עס האָבן אָבער נישט געהאָלפן די סאַמע לאָגישסטע אַרגומענטן אַפילו און עס האָט געהערשט אין ברייטערע קרייזן פון דער יידישער געזעלשאַפט אַ סימ־פּאַטיע צום סאָוועטישן רעזשים און צו דער העלדישער רויטער אַרמיי.

נאָך אַ מאָטיוו האָט דערצו מיטגעווירקט: מען האָט שטענדיק אידענטיפיצירט די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין פראַנקרייך מיט סאָוועט־רוסלאַנד.

די קרבנות, וואָס זענען געפאַלן מצד די קאָמוניסטן אין קאַמף קעגן נאַ־ציזם, האָבן אויך בייגעטראָגן צו פאַרשטאַרקן די סימפּאַטיעס צו רוסלאַנד. זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאַרף מען נישט אָננעמען פאַר גוט געלט די ציפערן וועגן די פאַרלוסטן, וואָס די קאָמוניסטן גיבן אַליין אָן, אָבער אַ גרויסן בלוט־צושטייער האָבן זיי דאָך געגעבן אין קאַמף קעגן דער נאַצי־אָקופּאַציע אין פראַנקרייך.

די העלדישע קאַמפן פון דער סאָוועטישער אַרמיי אויף די פראָנטן און דער אַקטיווער אונטערערדישער ווידערשטאַנד־קאַמף מצד די קאָמוניסטן אין פראַנק־רייך, — אָט די צוויי מאָמענטן האָבן אַ סך בייגעטראָגן צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער סימפּאַטיע אין פראַנקרייך צום ראַטנפאַרבאַנד.

און עס האָט באמת וויי־געטון דאָס האַרץ צוזעענדיק, ווי מענטשן לאָזן זיך פאַנגען פון דער קאָמוניסטישער דעמאַגאָגיע, אַז זיי און נאָר זיי זענען די אמתע אַנטי־פאַשיסטישע קעמפער און אַז אַלע אַנדערע טראַכטן נאָר וועגן איין זאַך, ווי אַזוי צו פאַראַטן דעם דעמאָקראַטישן לאַגער.

# די לעצטע טרויעריקע אַקאָרדן

וואָס לענגער עס דויערט די מלחמה, אַלץ קלאָרער ווערט שוין, אַז דער נאַציזם האָט זי פאַרלוירן און אַז מיט יעדן טאָג דערנעענטערט זיך זיין אומפאַרמיידלעכע מפּלה.

אָבער נישט בלויז אויף די קריגס־פראָנטן ווערט שלעכט פאַר דייטשן, אויך אין די אָקופּירטע לענדער וואַקסט דער ווידערשטאַנד־קאַמף קעגן נאַציסטישן אָקופּאַנט. די ווידערשטאַנד־באַוועגונג נעמט אָן אַ מאַסן־כאַראַקטער און עס גייט נישט דורך קיין טאָג, אַז עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין אַטענטאַטן אָדער סאַבאָטאַזש־אַקטן.

פון דעם וואָלט מען געדאַרפט דרינגען, אַז פּונקט אַזוי ווי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלן אויך איצט זיך מערן די רעוואָלטן און בונטן אין דער דייטשישער אַרמיי און עס וועט וואַקסן דער ווילן אַ סוף צו מאַכן צו דער מלחמה. איצט האָבן מיר אָבער באַמערקט אַ פאַרקערטע דערשיינונג: וואָס ערגער עס איז געגאַנגען די נאַציס, וואָס מער קלעפּ זיי האָבן אַריינגעכאַפּט, און וואָס קלאָרער עס איז שוין פאַר זיי געוואָרן, אַז די מלחמה איז אַ פאַרשפּילטע, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן זייער טעראָר, סיי לגבי די ייִדן און, סיי לגבי דער אַלגעמיינער פראַנצויזישער באַפעלקערונג.

אין אָנבליק פון דער פאַטאַלער לאַגע אויף די פראָנטן און דעם וווקס פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין לאַנד, האָבן זיי מיט נאָך מער אכזריות געזייט מאָרד און פאַרניכטונג און אין אַ פאַרשנעלערטן טעמפּאָ אויסגערויבט דאָס לאַנד.

באַזונדערס העפטיק זענען געווען די אַטאַקעס פון די צעיושעטע דייטשישע חיות אויף די רעשטלעך ייִדן אין פראַנקרייך.

די אָפטע אָבלאַוועס אויף די גאַסן פון ליאָן און אומגעגנט, דאָס כאַפּן ייִדן פון דער גאַס, דאָס אַלץ האָט געצוונגען צו מאָדיפיצירן אונדזערע מעטאָדן

פון אַרבעט. מען האָט געמוזט רעדוצירן אונדזערע גרופּן־פאַרזאַמלונגען ביז צו אַ מינימום און אויך אונדזערע זיצונגען פון צענטער און אַלע אַנדערע אַנפירנ־דיקע קערפּערשאַפטן. בכלל האָבן מיר שוין געמוזט שטאַרק באַגרענעצן אונ־דזערע באַוועגונגען אין גאַס און מער זיך באַנוצן מיט די קוריערינס, וואָס פלעגן אונדז באַזוכן אין דער היים און אויף אַזאַ אופן מיט זיי דערליידיקן אַלע דרינ־גענדע ענינים.

אויך אונדזערע קאַסע־חשבונות האָט מען שוין איצט געמוזט פאַרנאַטירן אויף אַ שיפרירטן אופן און איינמאָל אין חודש זיי קאָנטראָלירן, כדי צו פאַר־ניכטן די נאָטיצן און די קבלות. אויף אַ זיצונג פון „צענטער" האָבן מיר איין מאָל אין חודש אינפאָרמירט וועגן דעם צושטאַנד פון דער קאַסע און אָנגעגעבן די הויפּט־פּאָזיציע פון יעדער גרופּע אויסגאַבן באַזונדער.

מיר האָבן געמוזט צופּאַסן די אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען פון אַרבעט צו די נייע, שווערע און געפאַרפולע באַדינגונגען און במילא האָט פון דעם געליטן די אינערלעכע דעמאָקראַטיע.

אויך די אַרבעט פון די אַלגעמיינע איינהייט־קאָמיטעטן האָט געמוזט רע־דוצירט ווערן צו אַ נויטווענדיקייט מינימום, מחמת די געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט פון אַלע זייטן.

און קרבנות זענען געפאַלן אומאויפהערלעך. אָט האָט מען אַרעסטירט איינעם פון די איבערגעגעבנסטע טוער פון איינהייט־קאָמיטעט, דעם אָנגעזעע־נעם טוער לעאָן גלעזער. די רוצחים האָבן אים דערמאָרדעט.

אָט פּאַסירט אַן אומגליק מיט אונדזער חבר טשווערטש. ער מיט זיין פרוי און קינד ווערן דעפּאָרטירט. געשען איז דאָס אַזוי: זיין יינגעלע האָט זיך גע־שפּילט ביי די באַן־שינעס מיט אַנדערע קינדער. אַ וואַגאָן האָט אים אָפּגעשניטן דאָס פיסל ביזן קנאָפּל. ווען דער פאָטער האָט דאָס קינד געטראָגן צו אַן אָרטאָ־פּעד, כדי ביי אים צו מאַכן אַ פּראָטעזע, האָט ער זיך מיטן קינד אַביסל אָפּגערוט אין אַ קאַפע. די געשטאַפּאָ האָט אים באַמערקט און צוזאַמען מיטן קראַנקן קינד צוגענומען. דער אומגליקלעכער חבר טשווערטש האָט געשטעלט אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד און נישט געוואָלט גיין. עס האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפן, די רוצחים האָבן אים מיטן קראַנקן קינד מיט כח אַרויסגעריסן פון קאַפע און אַוועקגעפירט פון דאָרט. ווען די פרוי זיינע, יוכבד, האָט זיך דערוווּסט פון גרויסן אומגליק, האָט זי געוואָלט לויפן אין די קאָמיסאַריאַטן, כדי כאָטש צו ראַטעווען איר אומגליקלעך קינד. מען האָט זי געוואָרנט, אַז זי זאָל דאָס נישט טון. אָבער

די פאַרצווייפלטע מאַמע האָט זיך נישט געקענט באַהערשן און איז געלאָפן אין די קאָמיסאַריאַטן זוכן איר מאַן און קינד. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט זי אויך פאַרהאַלטן.

די באַרבאַרן האָבן אַלע דריי, — דעם טאַטן, דער מאַמען און דאָס קינד — דעפּאָרטירט, דאָס קינד, מיט אַן אָפּגעשניטענעם פוס, אַן אַ פּראָטעזע.

קיינער פון די טשווערטשס איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. אַ גוטער חבר געווען. זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר אַלע און דערצו איז ער געווען פון די ערשטע צו געבן אויף פּאַרטיי־צוועקן. דער פאַל האָט באמת אַלע טיף דערשי־טערט.

האָבן מיר זיך שוין באַוועגט אַזוי ווי צווישן קברים, אָבער נישט ווי אויף אַ בית־עולם, ווו אַלץ אַרום איז שטיל און נישט ווי אבלים, נאָר ווי אויפן פראָנט, ווו יעדע מינוט קען אויפרייסן אַ באָמבע, אַ שראַפּנעל און ווו פון אַלע זייטן האָבן געטשאַטעוועט אויף ייִדן זייער בלוטיקער שונא.

די דייטשן האָבן זיך גענומען באַנוצן מיט די אַזוי־גערופענע פיזיאָנאָמיסטן, דאָס מיינט מיט אַזעלכע שפּיצלעס, וואָס האָבן דערקענט לויט דעם פּנים, ווער עס איז אַ ייִד. זיי זענען אַרומגעפאָרן איבער ליאָן מיט קעטשלעך, פּונקט ווי אַמאָל אין פוילן פלעגן איבער די גאַסן פון די גרויסע שטעט אַרומפאָרן היצלעס, כדי צו אויפכאַפּן הינט — אַזוי האָבן זיי געלויערט אויף די גאַסן אויף ייִדישע פּנימער.

אונדזער טייערער חבר גינזבורג, אַ מיטגליד פון אונדזער פּאַרטיי־קאָמיטעט, איז אַראָפּ אינדערפרי אין גאַס צום בעקער קויפן ברויט, האָט אים אויפגעכאַפּט אַזאַ קעטשל און ער האָט זיך שוין מער נישט אומגעקערט אַהיים, כאָטש ער האָט געהאַט „גוטע פּאַפּירן". די געשטאַפּאָ האָט קאָנטראָלירט די פאַרדעכטיקטע אין ייִדישער אָפּשטאַמונג, צי זיי זענען געמלט און אין אַזאַ פאַל האָבן שוין נישט געהאָלפן די בעסטע פראַנצויזישע פּאַפּירן. עס האָט אַפילו געטראָפן, אַז פראַנצויזן האָבן די היצלעס געכאַפּט, ווייל זיי זענען געווען ענלעך צו ייִדן.

צו די איבערגעגעבנסטע און אַקטיווסטע חברים האָט געהערט אונדזער אומפאַרגעסלעכער חבר האַבערגריץ. אַן אַלטער בונדיסט, אַ שניידער־אַרבעטער, האָט ער געדינט דער געמיינזאַמער זאַך מיט אַ סך מוט און איבערגעגעבנקייט.

זיין קליינע דירה אויף דעם ברעג פון טייך, וואָס פליסט איבער דער שטאָט (געווען איז דאָס אין גרענאָבל), איז אַ לענגערע צייט געווען אַן אמתער צענטער

פון אונדזער אומלעגאַלער בונדישער טעטיקייט. די דירה האָט געדינט פאַר זיצונגען פון אַלגעמיינעם פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט און פאַר דער אומלעגאַלער טעטיקייט פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. אָבער נישט בלויז דאָס; זיין דירה האָט חבר האבערגריץ באַנוצט פאַר אַלע מינים אַרבעטן: אין קעלער פון הויז האָט ער געהאַלטן אונדזער אומלעגאַלע ליטעראַטור און אין זיין שטוב האָבן זיך אויפגעהאַלטן חברים און חברטעס, דאָרט געגעסן און געשלאָפן. עס רעדט זיך געגעסן און געשלאָפן. חבר האבערגריץ איז נישט געווען קיין פאַרמעגלעכער מענטש און אין זיין קליינער דירה האָט ער געוווינט מיט זיין פרוי, טאָכטער און אייניקל. אַז אַ חבר אָדער חברטע האָבן געדאַרפט ביי אים איבערנעכטיקן, האָט דאָס געמיינט שלאָפן צוזאַמען מיט די בעלי־הבתים פון דער דירה, אָדער פאַר זיי אויסבעטן אויפן טיש, אָדער דיל.

נישט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו גיין צו אים באַלד אינדערפרי וועגן עפּעס אַן ענין און איך האָב נישט געקענט עפענען די טיר, מחמת דער גאַסט, וואָס איז געבליבן אויף נאַכטלעגער, איז נאָך געשלאָפן אויפן טיש אָדער דיל.

חבר האבערגריץ, זיין פרוי, מיט גרויסע שוואַרצע, טרויעריקע ייִדישע אויגן, זייער טאָכטער סיזאַן, וועמענס מאַן עס האָט זיך געפונען אין דייטשישן לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע, האָבן געפירט אַ שווער לעבן. פונדעסטוועגן האָט מען זיך זייער גוט געפילט אין זייער שטוב.

בעת איינעם פון מיינע באַזוכן ביי אים אינדערפרי, האָב איך, ווי געוויינ־לעך, אָנגעקלאַפּט אין טיר און צו מיין פאַרוווּנדערונג האָט מיר קיינער נישט געענטפערט. עס האָט מיך שטאַרק געחידושט, ווייל תמיד פלעגט עמעצער פון דער פאַמיליע זיין אין שטוב. איך באַמערק, אַז אינעווייניק אין שטוב איז שטיל. איך קוק אַריין דורך דעם שליסל־לאָך און זע (די טיר איז געווען קעגנאיבער דעם פענצטער), אַז אויפן טיש שטייען נאָך רעשטן פון אַ נישט־פאַרענדיקטן אָנבייסן: אַ האַלב גלאָז מילך, אָנגעשניטן ברויט אד״גל. עס האָט מיך באַהערשט אַ געפיל פון אומרו. עפּעס שלעכטס האָט דאָ געמוזט געשען — איז מיר אַדורך אַ געדאַנק אין קאָפּ. איך בין געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ מער אומרויִק און בין אינסטינקטיוו אַראָפּ פון די טרעפּן אויף דער גאַס אַרויס. איך האָב זיך געדרייט אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר אַ פּאָר מינוט, מיט דער אויסרעכענונג, אפשר וועל איך עמעצן זען פון דער פאַמיליע אָדער פון די חברים. איך האָב קיינעם נישט באַמערקט און בין אוועק צו מיר אין שטוב. נאָך מיטיק האָב איך

זיך דערוווּסט פון גאַנצן אומגליק. חבר האַבערגריץ האָט געהאַט אַ טבע יעדן אינדערפרי צו גיין צו דער רעדאַקציע פון אַ טאָג־צייטונג און דאָרט איבער־לייענען דעם אַרויסגעהאַנגענעם ביולעטין מיט די באַריכטן פון די קריגס־פראָנט. אויפן וועג, צו דער רעדאַקציע איז ער טאַקע אַריינגעפאַלן אין די רוצ־חישע הענט פון די „פיזיאָנאָמיסטן". די געשטאַפּאָווצעס זענען תיכף אַוועק אין זיין דירה, אַ קליינינקייט, צו האָבן אַ מעגלעכקייט צו כאַפּן אַ גאַנצע יידישע פאַמיליע, — און דאָרט אַלעמען צוגענומען. די פרוי זיינע, די טאָכטער און דאָס אייניקל, אַ יינגעלע פון וועלכע 5—6 יאָר, דאַניעל.

ווען איך בין געווען ביי זיין טיר איז קענטיק די געשטאַפּאָ נאָך־וואָס פון דאָרט געהאַט אַוועק מיט איר רויב.

דער נישט־דערעסענער פרישטיק האָט דאָס באַשטעטיקט.

די האַבערגריצס זענען שוין מער נישט צוריקגעקומען פון דער דעפּאָר־טאַציע. די טאָכטער מיטן קינד — יאָ. ווייל זי איז געווען אַ פרוי פון אַ קריגס־געפאַנגענעם און אַ פראַנצויזישע בירגערין.

דער פאַרלוסט איז פאַר אונדזער באַוועגונג געווען אַ זייער שפּירעוודיקער. אַזוי פיל צייט מיט מזל אויסגעהאַלטן און ביים סוף — אַריינגעפאַלן.

אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט אָנגעהויבן צו ווערן ליכטיקער פאַר די אויגן און טאַקע אויף די פראָנטן, ווייל פון דאָרט און נישט פון אינערלעכן פראָנט האָט געקענט קומען די אמתע ישועה. אַ דעצידירנדיקע מפּלה אויפן פראָנט וועט אויך באַדייטן דער סוף פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין לאַנד גופא. און דאָס ראַדיאָ־קעסטל איז איצט געוואָרן, מער ווי פריער, דער גאַנצער קוואַל פון אונ־דזערע האָפענונגען. די פראַנצויזישע ספּיקערס פון לאָנדאָן זענען פאַר אונדז גע־וואָרן די קול מבשרס. מיר האָבן געחשבונט און אויסגערעכנט דעם שטח, וואָס די אַליירטע אַרמייען דאַרפן נאָך דורכמאַכן, כדי צו קומען קיין ליאָן.

די שטימונג איז געוואָרן אָן אומפאַרגלייכלעך בעסערע, אָבער מען האָט נישט געטאָרט אָפּשוואַכן, אויף איין מינוט אַפילו, אונדזער וואַכזאַמקייט און נישט פאַרנאַכלעסיקן גלייכצייטיק אונדזערע פליכטן. אָפּטימיזם (שוין איצט אַ ביז־גאָר באַגרינדעטער) וועגן אויסגאַנג פון קאַמף, פאַרזיכטיקייט לגבי דער פערזענלעכער זיכערקייט און אַקטיווקייט אין דער אָרגאַניזאַציע, איז פאַר יעדן פון אונדז געווען דער געבאָט פון דער שעה.

מיר האָבן שוין געלעבט צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים אינגאַנצן אָפּגעזונ־דערט פון דעם אַרום.

אין קיין קינאָ איז מען נישט געגאַנגען, קיין קאָנצערטן האָט מען נישט באַזוכט און אין קאַפעען איז מען שוין אויך מער נישט געזעסן. מען האָט פאַר־ברענגט אַ סך צייט אין שטוב און געהערט ראַדיאָ, אָדער אַריינגעקוקט אין אַ בוך, פון די ווייניקע, וואָס מען האָט געקענט מיט זיך פירן; יידישע — איז נישט געווען מעגלעך מיט זיך צו נעמען פון פאַריז. אַ חוץ עטלעכע ביכער, מיט וועלכע איך האָב זיך נישט געוואָלט שיידן.

מיין גרויסער פאַרגעניגן איז געווען יעדן פרייטיק צו גיין אין באָד־אַנ־שטאַלט, וואָס האָט זיך געפונען אַ צוויי גאַסן פון אונדזער וווינונג, אויפן פּלאַץ „דע פּיראַמיד". פרייטיק איז געווען פרייער און איך האָב געקענט דאָרטן לענגער פאַרברענגען. עס האָט זיך מיר דערמאָנט אָן די וואַנעס אין אַלטן רוים, וועלכע עס באַשרייבט אַזוי שיין דער גרויסער פּוילישער שרייבער הענריק שיענקיע־וויטש אין זיין „קוואָ וואַדיס?". און באמת אין דער וואַנע האָט זיך בעסער גע־טראַכט און מען איז געווען רויִק און זיכער, אַז דאָ וועט גאָרנישט פּאַסירן.

פונדעסטוועגן... טרעפט זיך אַ פרייטיק און איך דערהער פון מיין שכנות־דיקער קאַבינע אָפּגעהאַקטע ווערטער אין דער דייטשישער שפּראַך. איך שטרענג שוין מער אָן מיין געהער, כדי עפּעס אויפצוכאַפּן, ווייל עס איז מיר געווען זייער טשיקאַווו די גאַנצע זאַך. איך הער, עס רעדן צווישן זיך צוויי מענער און איינער זאָגט צום צווייטן: „איך האָבע שוין גענוג דאָס מיסט"; און דער צווייטער פאַר־זיכערט אים, אַז עס גייט שוין צו ענדע.

איך בין שוין געוואָרן אַביסל אומרויִק וועגן אָט די „פיינע" שכנים מיינע און ביי מיר באַשלאָסן, אַז איך גיי נישט אַרויס פון דעם באָד־צימער, ביז איך וועל נישט הערן, אַז די פאַרשוינען זענען אַוועק.

איך האָב זיי אָבסערווירט דורך מיין טיר, בעת זיי זענען אַוועק און באַ־מערקט, אַז איינער איז געווען אין אַ זעלנערישן מונדיר און דער צווייטער — אין ציווילע קליידער. איך האָב נאָך אָפּגעוואַרט אַ געוויסע צייט און דאַן בין איך אַרויס פון דער באָד.

דאָס מאָל האָב איך נישט געהאַט קיין הנאה פון מיין „רוימישער באָד", ווייל די גאַנצע צייט האָב איך ביי זיך געטראַכט: ווער ווייס וואָסערע פאַרשוינען דאָס זענען און וואָסערע פאַרברעכנס זיי זענען שוין באַגאַנגען?

אין פּוילישע תפיסות איז מיר נישט איינמאָל אויסגעקומען זיך צו טרעפן אין באָד־אַנשטאַלט מיט קרימינעלע פאַרברעכער, וואָס האָבן געהאַט אויף זייער

קאַנטע מאָרד און רויב און נישט מיט האַס און שנאה פלעג איך אויף די דאָזיקע קרימינעלע טיפּן קוקן. אָפּטמאָל האָבן די קאַפּיטאַליסטישע לעבנס־באַדינגונגען זיי דערפירט צו זייערע פאַרברעכנס. אָבער צו דעם דייטשישן מונדיר און דער ווילדער בריאה, וואָס איז אין אים געזעסן, האָב איך דערפילט אַ שנאה און אַן עקל.

זיי זענען דאָך באַנדיטן צוליב אַ ראַסן־משוגעת און וועמען באַפאַלן זיי? אַפילו קראַנקע קינדער, וואָס קענען זיך נישט באַוועגן אויף זייערע אייגענע פיס.

עס האָט מיר אַמאָל דערציילט אַ גנב אין טורמע, אַז ער איז אַריין אין אַ דירה, כדי זי צו באַגנבענען, האָט ער דאָרט גאָרנישט געטראָפן, נאָר באַמערקט, אַז אין דער שטוב הערשט אַן אָרעמקייט. קאָנטיק, אַז מען האָט אים פאַלש „אינפאָרמירט". האָט ער, דער גנב, איבערגעלאָזט אויפן טיש עטלעכע זלאָטעס און איז אַוועק. אַזוי האָט ער מיר געזאָגט.

און די נאַציסטישע היצלעס, זיי קומען נישט גנבענען אין די טונקעלע פאַר־נאַכטן, נאָר אינמיטן העלן טאָג פירן זיי אויס אויף אַ „לעגאַלן אופן" מאַסן־מאָרדן און מאַסן־גזילות.

איך האָב זיך דערמאָנט דעם באַנדיט פון דער רויבער־באַנדע, וואָס האָט אַמאָל גראַסירט אין דער געגנט פון מינסק־מאַזאָוויעצק און געהאַט אַ באַשולדיקונגס־אַקט פון אַ סך מאָרדן און רויבערייען. אַזעלכע ווי ער זענען אומגעקומען. אָבער באַנדיטן מיט דאָקטער־טיטלען ווילן היינט אָנפירן מיט אַ וועלט. ווי אַזוי אַזאַ וועלט וועט אויסזען, איז זיך באמת זייער שווער פאָרצושטעלן. און עס איז נאַ־טירלעך, אַז די „פילאָזאָפן" פון „בלוט און לאַנד" ווילן פאַרטיליקן אַלע ייִדן „אָבער איך האָב שוין געגוג דאָס מיסט" — האָט איינער געזאָגט — און דאָס איז ווערט געווען צו הערן. ער האָט עס שוין גענוג. נישט דאָס מאַקאַברישע בילד פון די ימים בלוט מיט וועלכע היטלער־דייטשלאַנד האָט פאַרפּלייצט איי־ראָפּע, כדי צו פאַרווירקלעכן דאָס טויזנט־יאָריקע רייך, וואָס דער „שיינער אַדאָלף" האָט אים צוגעזאָגט, שרעקט אים, נאָר די קלעפּ, וואָס די „אומבאַ־זיגבאַרע" דייטשישע אַרמיי באַקומט איצט אויף אַלע פראָנטן — ברענגט אים איצט צום שכל. דער צווייטער — אין ציווילן — וויל שוין וואָס גיכער זיך אומקערן קיין דייטשלאַנד. נישקשה, זיי וועלן האָבן אַ גליקלעכן אַהיימקער אין זייער „פאַטערלאַנד". נאָך אייניקע חדשים און זייערע אייגענע שטעט וועלן פאַר־וויסט ווערן.

ביים אַרויסגאַנג האָב איך געפרעגט דאָס דינסט־מיידל, צי די דייטשן באַזוכן אָפט איר באָד־אַנשטאַלט, האָט זי מיר געענטפערט, אַז נישט. און פון איר טאָן האָב איך געפילט, אַז זי איז גאָרנישט צופרידן פון אַזוינע געסט.

מיט זעלטענע אויסנאַמען האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק פיינט געהאַט די „באָשס". יעדעס מאָל, ווען איך פלעג שפּעטער פאַרלאָזן דעם באָד־אַנשטאַלט, האָב איך ביי זיך געטראַכט: הלוואי ווידער אין אַ וואָך אַרום — און איך האָב אַזוי געהאַלטן וואָרט ביז דער באַפרייונג.

# משה רבנוס בילד

מיר האָבן געוווינט, ווי איך האָב שוין דאָס באַמערקט, אין אַן אָרעמען און שמוציקן קוואַרטאַל פון ליאָן, אין אַ בלינד געסל, רי ראָקעט. אין דער גאַס האָבן געוווינט אַ סך אַלזשיריאַנער און אַלטע אָרעמע פראַנצויזינס. די אַלזשיריאַנער האָבן אייגנטלעך געוווינט אויף דער גאַס. זיי זענען גאַנצע טעג געזעסן אויף די טרעפּלעך אָדער אויף בענקלעך און די קינדערלעך האָבן זיך געשפּילט אויפֿן ברוק. ס'איז געווען זייער שווער צו אונטערשיידן, ווער פון די אַלזשיריאַנער איז אַ ייִד און ווער אַ מוסולמענער. אַלע זענען זיי טונקל־הויטיק און רעדן די זעלבע שפּראַך.

מיין פרוי האָט פון תמיד אָן געהאַט אַ גרויסע שוואַכקייט צו קינדער און נאָך עטלעכע טעג וווינען אין דער גאַס, האָבן די קינדערלעך זיך גענומען ממש צו איר צוקלעפּן, אַזוי ווייט, אַז זיי זענען שוין אַריינגעקומען צו אונדז אין שטוב אויך. עס האָט שוין נישט ווייט געהאַלטן, אַז אונדזער וווינונג זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קינדער־היים. מיר איז די זאַך אַביסל נישט געפעלן. כ'האָב פּשוט מורא געהאַט, אַז די שכנים פון גאַס זאָלן זיך נישט צופיל מיט אונדז פאַראינטערעסירן. אמת, מיר האָבן דעמאָלט נישט געהערט וועגן אַלזשיריאַנער אָדער נאָרד־אַפריקאַנער, וואָס זאָלן קאָלאַבאָרירן מיט די נאַציס אין פראַנקרייך. אָבער מאלע, וואָס עס קען פּאַסירן? עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן און דאָס קליינוואַרג איז געוואָרן אַ גאָר אָפטער אַריינגייער ביי אונדז.

איך בין אומרויִק געווען צוליב נאָך אַ זאַך. אַנטקעגן אונדזער פענצטער איז גאַנצע טעג געזעסן אַן אַלזשיריאַנער, וואָס האָט אונדז שטאַרק אָבסערווירט. מיין פרוי און מיר האָט דער דאָזיקער פאַרשוין געשפּילט אויף די נערוון. האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ ייִד, אַ ספרדישער ייִד

פון אַלזשיר. פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין אונדזער גאַס וווינען נאָך אַ סך אַנדערע אַלזשיריאַנער ייִדישע פאַמיליעס. ביי אים אין שטוב איז געהאַנגען אויף דער וואַנט אַ גרויס בילד פון משה רבינו, ווי אַמאָל ביי די ייִדן אין ליטע איז געהאַנגען דאָס בילד פון דעם ווילנער גאון.

מיר האָבן אים געראָטן, אַז ער זאָל דאָס בילד אַראָפּנעמען פון דער וואַנט, ווייל די דייטשן וועלן עס באַמערקן און דעמאָלט קען אים און זיין פאַמיליע פּאַסירן אַ גרויס אומגליק.

דער אַלזשיריאַנער האָט אונדז אָנגעקוקט פאַרחידושט מיט זיינע טיפע שוואַרצע אויגן און אַ זאָג געטון:

— „דאָס בילד וועל איך פון דער וואַנט נישט אַראָפּנעמען; משה־רבינו שיצט אונדז אַלעמען פון אַלדאָס בייז און מיר וועט קיין שלעכטס נישט פּאַסירן"...

פון דעמאָלט אָן האָבן מיר שוין מער נישט געהאַט קיין חשדים אויף דעם אַלזשיריאַנער, וואָס איז געזעסן אויפן טרעפּל אַנטקעגן אונדזער פענצטער.

דאַקעגן האָבן מיר געהאַט אַ פּיל ערגערע זאָרג. עטלעכע וואָכן, איידער עס האָבן זיך אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונגען פון פראַנקרייך דורך דער אַליִירטע אַוויאַציע, און אין ליאָן זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען צווישן דער באַפעלקערונג וועגן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין דער שטאָט, רופט זיך אַמאָל אָן צו אונדז די הויז־־וועכטערין, ביי וועלכער מיר האָבן געוווינט און וואָס האָט גאַנץ גוט געוווּסט, ווער מיר זענען, אַז מיר קענען גאַנץ רויִק זיין, ווייל די ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָט אין אונדזער הויז באַהאַלטן אַ ריזיקן סכום פון געווער...

די דייטשן פלעגן זיך פירן, אַז ווען זיי האָבן אַנטדעקט אַ סקלאַד מיט געווער פלעגן זיי אַלע לאָקאַטאָרן פון הויז מאַכן פאַראַנטוואָרטלעך און זיי אויסשיסן.

עס איז דעמאָלט געווען אַ צייט, ווען טויט־געפאַרן האָבן געלויערט פון אַלע זייטן און ווינקעלעך און יעדן טאָג האָט מען איבערגעלעבט מיט ניסים. די היט־לעריסטישע חיה איז שוין געווען פאַרווונדעט און דערפאַר נאָך מער געפערלעך און מיר אין אונדזער גאַס זענען געווען געשיצט פון משה־רבינוס בילד און... פון די געווער־סקלאַדעס פון דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען די דייטשישע מפלה איז שוין געווען גאָר נאָענט אין פראַנקרייך, איז אויסגעבראָכן דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד אין ווילערבאַן (אַ קוואַרטאַל אין ליאָן) קעגן דער דייטשישער אָקופּאַציע, וועלכער איז אָבער גאָר גיך און מיט גרויס אכזריות אונטערדריקט געוואָרן.

אויך אונדזער קאַמף־גרופּע האָט זיך אין אים באַטייליקט און עס איז גע־

פאַלן אין קאַמף אונדזער טייערער חבר פון דער יוגנט שאַרל שולץ, אַ קינד פון אונדזערס אַ סימפּאַטיקער. איך האָב אים גוט געקענט פון די יוגנט־קרייזן, וועלכע איך פלעג פון צייט צו צייט באַזוכן, כדי אַנצופירן מיט פּאָליטישע שמועסן וועגן אַלגעמיינע און יידישע פּראָבלעמען.

דער אָנטייל פון די קאָמוניסטן אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט מער געצילט צו פאַרשטאַרקן זייער פּאָליטישע השפעה אויף דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ווי דעם קאַמף קעגן דעם נאַציזם. זייער ציל־איינשטעלונג איז געווען די גאַנצע צייט, צוצוגרייטן פאַר זיך אַ גינסטיקן באָדן און גוטע באַדינגונגען, כדי נאָך דער דייטשישער מפּלה צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין לאַנד.

# טעג פון דערהייבונג

מאָדנע, וואָס מלחמות, מאַסן־מאָרד און מענטשן־האַס קענען מאַכן פון מענ־
טשן! עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו אונדז די שלאַכטן. עס איז
געעפנט געוואָרן דער צווייטער פראָנט. טעג פון דערהייבונג און גרויסער אי־
לוזיעס זענען דאָס פאַר אונדז געוואָרן.

איבער אונדזערע קעפּ, הויך הויך האָבן זיך באַוויזן גאַנצע עקסקאַדריליעס
פון גרויע, שטאָלענע פייגל, וואָס זייער אָפּשיין אין דער זון האָט בולט אַנט־
פּלעקט אַפילו פאַרן גאָלן אויג די שרעקלעכע שליחות זייערע. אַמעריקאַנער
עסקאַדרילעס זענען דאָס געווען און אַמעריקאַנער „באָיעס" האָבן באַוואָרפן די
דייטשישע מיליטערישע פונקטן מיט באָמבעס. פאַר אונדזער אויער איז זייער
גערויש אין דער לופטן געווען ווי די שענסטע מוזיק. פון די באָמבעס זענען נישט
נאָר פאַרניכטעט געוואָרן דייטשישע סקלאַדעס מיט אַמוניציע און ברען־שטאָף,
דייטשישע טאַנקען און אַוויאָנען, נאָר אויך פראַנצויזן, אומשולדיקע פראַנצויזישע
לעבנס, ווייל באָמבעס צעשטערן אָפּטמאָל מער, ווי די שליידערער זייערע האָבן
דאָס געוואָלט, און פונדעסטוועגן האָט זיך נישט געפונען קיינער פון צווישן די
פראַנצויזן, וואָס זאָל פּראָטעסטירן קעגן די באָמבאַרדירונגען פון די פראַנ־
צויזישע שטעט דורך דער אַליִירטער אַוויאַציע. די פּעטעניסטישע פאַרברעכער
האָבן פּרובירט אויפצוהעצן די פראַנצויזן קעגן אָט די לופט־אַטאַקעס, אָבער זיי
האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג.

אויך צווישן אונדז, יידישע סאָציאַליסטן האָבן די באָמבאַרדירונגען אַרויס־
גערופן גרויס פרייד. מען שלאָגט די דייטשישע מערדער, כאָטש עס מוזן דערביי
ליידן אומשולדיקע מענטשן, צווישן זיי אַפילו פרויען און קינדער. אמת, מען
האָט פריִער געוואָרנט די באַפעלקערונג, אַז עס גרייט זיך אַ לופט־אַטאַקע און

אַז מען זאָל זיך באַהאַלטן אין די שוץ־קעלערן. האָט מען דאָס טאַקע געטון אָבער נישט געקוקט אויף דעם זענען געווען קרבנות. און מאָדנע: דער טויט פון אומשולדיקע מענטשן האָט אונדז נישט רעוואָלטירט. וואָס מלחמות און מענטשן־האַס קענען מאַכן פון מענטשן. אַנדערש איז, ווען מען פאַלט אין קאַמף פאַר פרייהייט, און אַנדערש — ווען מען פאַלט פון באָמבאַרדירונגען, וואָס וואָלטן אפשר געקענט אויסגעמיטן ווערן. נישט בלויז ביינאַכט האָבן די אַליִירטע באָמבאַרדירט די דייטשישע אַמוניציע־סקלאַדעס און די סחורה־וואָקזאַלן אין פראַנקרייך מיט זייערע קאַמופלירטע טראַנספּאָרטן אַפּגעמאָלטע אויף גרין, נאָר אַפילו אין מיטן העלן טאָג אויך.

אונדזער דירה האָט זיך געפונען עטלעכע הונדערט מעטער פון ליאָנער וואָקזאַל פאַר סחורה־טראַנספּאָרטן. די אַליִירטע אוויאַציע האָט געהאַט אַ גרויסן סטראַטעגישן אינטערעס צו באָמבאַרדירן דעם דאָזיקן וויכטיקן מיליטערישן טראַנספּאָרט־פּונקט.

טרעפט זיך, אַז גראַד ווען ביי אונדז אין שטוב קומט פאַר אַ זיצונג פון אונדזער צענטראַלער אָנפירונג, דערהערט זיך דער אַליאַרם־רוף, דער אַנזאָג, אַז עס דערנענטערן זיך אַליִירטע אַוויאָנען. אַראָפּגיין אין קעלער פון אונדזער הויז און דאָרטן איבערוואַרטן די באָמבאַרדירונגען איז נישט געווען מעגלעך, ווייל די לאָקאַטאָרן פון הויז און פון דער גאַס, וואָלטן זיך געקענט חידושן, פון וואַנען נעמען זיך אַהערצו, אין אַ פּראָסטן טאָג, פאַר מיטיק, יונגע מענטשן, וואָס אַרבעטן נישט? און אגב, האָבן מיר אַלע געהאַט בולטע סעמיטישע פּנימער. איז געבליבן, אַז מען זאָל איבעררייסן די זיצונג און אַלע זאָלן זיך לאָזן אין גאַס אַריין און דאָרט, ווי עס איז זיך באַהאַלטן אין שוץ־קעלערס. ביז איך האָב זיך אָנגעהויבן אַרויסצוקלייבן פון מיין צימער מיט מיין פרוי, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו שיטן באָמבעס אויפן וואָקזאַל. די פענצטער האָבן זיך מיט אַ בראַזג איפגעריסן און אין שטוב איז געוואָרן פינצטער פון רויך און שטויב. מיר אַליין זענען אויך געוואָרן שוואַרץ פון שטויב. די באָמבאַרדירונגען האָבן אָנגעהאַלטן אפשר נישט מער ווי אַ פּאָר מינוט, ווער קען דאָס באַרעכענען אין אַזאַ מאָמענט? די גאַס איז פאַרשיט געוואָרן מיט ציגל און טינק און שוין האָט מען געטראָגן מענטשן, מענער און פרויען, אין פאַרבלוטיקטע מלבושים מיט טויטע פּנימער.

די פענצטער פון אונדזער פאַרטער־דירה זענען אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס און פאַרביי מיין פענצטער האָט מען זיי פאַרבייגעטראָגן. שריפות זענען אויסגעבראָכן אויפן וואָקזאַל און אין די שכנותדיקע הייזער און פייערלעשער

האָבן געאײַלט מיט זייערע וועגענער. אין משך פון מינוטן האָט זיך אונדזער שטיל געסל פאַרוואַנדלט אין אַ גהינום.

מיר זענען נישט אַראָפּגעגאַנגען אין דעם קעלער פון אונדזער הויז, ווייל דאָס איז אייגנטלעך נישט געווען קיין שום באַהעלטעניש. ער איז סך־הכל עטלעכע מעטער טיף געווען. ביז וואָס־ווען איז שוין געווען נאָך דער באָמבאַרדירונג און דער עולם האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון די באַהעלטענישן.

מיר האָבן טאַקע איבערגעלעבט גרויס שרעק, אָבער אַזעלכע באָמבאַרדירונגען זענען געווען דער אָנזאָג פון זיג איבערן נאַציזם. און ווער קען הײַנט פאַרשטיין, וואָס אַזאַ געפיל האָט דעמאָלט פאַר אונדז באַדייט?

וועגן נאָך אַ באָמבאַרדירונג פון דעם זעלביקן מין, ווייל איך איצט דערמאָנען: דאָס מאָל איז דער „אלערט" געקומען אַרום צוויי אַזייגער בײַנאַכט. מיר זענען שוין געווען גאַנץ מיד פון די אָפטע „אלערטן". זיי האָבן צעשטערט די אינערלעכע רו און דעם אויסערלעכן טאָג־טעגלעכן לעבנס־סדר. מען האָט נישט געקענט צו דער צייט צוגרייטן דעם מאָלצייט, גיין אין גאַס עפּעס באַזאָרגן אין בכלל איז דאָס גאַנצע לעבן געוואָרן דעזאָרגאַניזירט און אין אַ גרויסער מאָס פּאַראַליזירט. מײַן פרוי איז שוין אין אַזאַ מאָס געווען מיד פון די אָפטע „אלערטן" און פון דעם גיין אין קעלער, אַז זי האָט באַשלאָסן דאָס מאָל שוין נישט גיין אין „אברי", נאָר בלײַבן אין בעט. זאָל שוין פּאַסירן וואָס עס וויל. איך האָב אָבער נישט געטאָרט בלײַבן אין שטוב צוליב נאָך אַ וויכטיקער סיבה. בײַ מיר אין שטוב האָט זיך געפונען אַ גרעסערע סומע פּאַרטיי־געלט פאַר אונדזער אַרבעט און אַנדערע מאַטעריאַלן און שיפרירטע אַדרעסן. איך האָב די דאָזיקע זאַכן געמוזט ראַטעווען פון אַן עווענטועלער באָמבע, וואָס קען אַראָפּפאַלן אויף אונדזער הויז. דאָס דאָזיקע פּאַרטיי־אייגנטום איז געווען בײַ מיר צוגעגרייט אין אַ האַנט־וואַליזקע און איך האָב זי שטענדיק געהאַלטן אויפן אויג. מיר האָבן זיך גיך אָנגעטאָן און מיט דער דאָזיקער וואַליזקע אין האַנט זיך געלאָזט צום שוץ־קעלער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער געגנט „קרוא־רוס", עטלעכע הונדערט מעטער פון אונדזער דירה, ווייל דאָרט איז געווען זיכערער.

מיט אונדז האָבן זיך געשלייכט בײַ דער וואַנט, ווי שאָטנס, מענער, פרויען און קינדער, פרויען מיט קינדער אויף די הענט און אַלטע לייט — קראַנקע, וואָס מען האָט געפירט אונטערן אָרעם. אַ טרויעריקע פּראָצעסיע אין דער פאַרטונקלטער נאַכט. די פּראָצעסיע האָט זיך געשלעפּט מיד און פאַרשלאָפן אין די שוץ־קעלערס. די לייט פון דער ציווילער פאַרטיידיקונג מיט די גאַז־מאַסקעס

און טאַשן־לעמפּלעך האָבן אונטערגעיאָגט דעם עולם: גיכער, גיכער! — און דער אויסגעצויגענער אַלערט־סיגנאַל האָט אומהיימלעך געברומט, אַביסל ענ־לעך צו די סירענעס פון די לאָדזשער פאַבריקן בעת אַ שריפה. ווי שווער און געפּאַרפּול עס זענען נישט געווען די באָמבאַרדירונגען און דאָס לויפן אין די שוץ־קעלערס, האָבן מיר אָבער, אַלס יידן, דערפילט אַ גרויסע מאָראַלישע דער־לייכטערונג. די געפאַר איז דאָך איצט נישט געווען געווענדט בלויז קעגן יידן, מיר האָבן זיך בעת די באָמבאַרדירונגען געפילט ווי גלייכבאַרעכטיקטע מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג צום אומגליק. וואָס קען יעדן פון אונדז איצט טרעפן, מיר האָבן געשטראָמט צוזאַמען מיט דער איבערגעשראָקענער מאַסע און מיר זענען געווען זיכער, אַז קיינער וועט אונדז איצט נישט טשעפּען אַלס יידן. דאָס איז געווען אַ גרויסע מאָראַלישע סאַטיספאַקציע.

מענטשן האָבן זיך באַקענט און פּראַנצויזן האָבן ליב צו שליסן באַקאַנט־שאַפט. שטייט לעבן אונדז אַן עלטערע פראַנצויזישע פּאָלקס־פרוי, רויק און גע־דולדיק. פראַנצויזן קענען אויף אַ קולטורעלן אופן אַריבערטראָגן אומגליקן, שטייט די פרוי אָנגעלענט אַן דעם מויער און זי רופט זיך אָן צו אונדז: „נאָסטראַ־דאַמוס האָט פאָרויסגעזען, אַז ווען ליאָן וועט אין אַ באַשטימטן טאָג ווערן באָמ־באַרדירט, וועט דעמאָלט די שטאָט שוין באַפרייט ווערן". דאָס איז געווען סוף מאַי 1944. אינדערעמתן: עטלעכע וואָכן שפּעטער איז טאַקע ליאָן באַפרייט גע־וואָרן פון די דייטשן...

פּאָליציי איז אין גאַס און העלפט די אַלטע לייט, פרויען מיט קינדער אויף די הענט אַריבערצושפּרייזן די גריבער און די בערג מיט זאַמד, וואָס זענען אָנגעשיט געוואָרן אויפן וועג צום שוץ־קעלער. אויך אונדז קומט אויס צו שפּרייזן איבער די אָנגעוואָרפענע בערג שטיינער און ברעטער. זעט אַ פּאָליציאַנט, ווי מיר קומען אָן, שווערלעך צו קריכן איבערן באַרג, נעמט ער אַרויס פון מיין האַנט די וואַליזקע און העלפט מיר צו זי אַריבערצוטראָגן איבערן שווערן וועג. איך מיט מיין פרוי קוקן זיך ביידע אָן. דער פּאָליציאַנט גיט מיר צוריק אָפּ די וואַ־ליזקע ביים אַריינגאַנג אין דעם באַהעלטעניש און איך דאַנק אים.

מיר האָבן שפּעטער געלאַכט: וואָלט דער פּאָליציאַנט געוווּסט וואָסער וואַ־ליזקע ער העלפט טראָגן...

אין דעם ריזיקן קעלער, אייגנטלעך טונעל, האָבן זיך שוין געפונען טויזנ־טער מענטשן. און וואָס אַמאָל איז אַלץ ענגער געוואָרן. באַלויכטן איז דער טונעל געווען מיט קליינע עלעקטרישע לעמפּלעך אויף איינפאַכע דראָטן. קינדער האָבן

זיך געריסן און געווײנט אויף די הענט ביי זייערע מוטערס. פראַנצוויזן זענען אָבער אַ פאָלק מיט אַ סך הומאָר און ראַפינירטן וויץ. האָט זיי אַפילו אין אַזאַ ערנסטן מאָמענט דער הומאָר נישט פאַרלאָזט. איין פראַנצויז שרייט צו זיין שכן: „העי, פיער, צי האָסטו דיינע וואָנצעס אויך מיטגענומען?".

אַמאָל איז אויסגעקומען אָפּצושטיין אַ שעה אין טונעל און אַמאָל נאָך לענגער. מענטשן האָבן שוין אַפילו מיט זיך מיטגענומען טערמאָס־פלעשער און קישעלעך און געפירט מיט זיך האַנט־וועגעלעך.

ווי נאָר עס האָט זיך געהערט דער סיגנאַל, אַז די אַוויאָנען זענען שוין אַוועק, אַז עס איז שוין נאָך דער באָמבאַרדירונג, האָט מען אָנגעהויבן פּאַמעלעך אַרויסצוגיין פון דער באַהעלטעניש. ווי געזאָגט, האָט געטראָפן, אַז מען האָט זיך נישט באַוויזן אָפּצורוען פון איין „אַלערט" ווי מען הערט שוין אַ צווייטן. זענען דאָס געווען נאַכט־אַלערטן — האָט מען נאָך נישט געקענט וויסן, ווו מען האָט באָמבאַרדירט און געוואָרט אויף דער ערשטער ראַדיאָ־עמיסיע, באַלד אינדערפרי, כדי זיך עפּעס צו דערוויסן.

פונדעסטוועגן זענען די טעג פון די דאָזיקע באָמבאַרדירונגען געווען פאַר אונדז דערהויבענע. די אַליִירטע אַרמייען גייען פאָרויס, דער דייטש ליידט איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. וואָס האָט נאָך געקענט זיין פאַר אונדז דעמאָלט עפּעס שענערס און דערהויבענערס?

מיר פלעגן זיך אינדערפרי טרעפן און אַלע האָבן מיר געפילט, אַז עס דערנעענטערט זיך די גרויסע אויסגעבענקטע שעה פון באַפרייונג.

# די באַפרייונג

ליאָן איז איינע פון די גרעסטע פראַנצויזישע שטעט מיט אַ מיליאָניקער באַפעלקערונג און וואָס עס טרעפט זייער זעלטן — צוויי טייכן שלענגלען זיך איבער דער שטאָט, באַדעקטע מיט אַ סך בריקן און בריקלעך.

אויף זייער ריקצוג האָבן די דייטשן, ווי עס פירט זיך בעת אַ מלחמה, צע־שטערט הינטער זיך די בריקן.

בעת די אָפטע באָמבאַרדירונגען פון דער שטאָט, האָבן מיר נישט געדענקט וועגן דעם דאָזיקן סטראַטעגישן כלל, און עס האָט אונדז גאָרנישט איבערראַשט, בעת מיר האָבן אין דער לעצטער נאַכט געהערט אויפרייסן און דעטאָנאַציעס. מיר האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס איז איצט די מלאכה פון די דייטשן גופא און נישט פון די ווידערשטענדלער. אַלעמאָל איז דער הימל באַלויכטן גע־וואָרן פון פלאַמען און פון שריפות. די אויפרייסן האָבן אונדז נישט געלאָזט אַן אויג צוטון ביז באַגינען און איך און מיין פרוי האָבן ביי זיך געטראַכט, וואָס קומט דאָ היינט פאָר?

באַלד אינדערפרי איז צו אונדז אַריין די וועכטערין מיט דער גרויסער בשורה: „די אַמעריקאַנער קומען אָן!".

„מען האָט שוין הינטער דער שטאָט געזען די באַוואָפנטע אָפטיילונגען פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וואָס מאַרשירן קיין ליאָן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן די דייטשן אויפגעריסן די בריקן אין דער שטאָט און די באַשס זענען אַוועק". מיר לויפן אַרויס אין גאַס, און ווירקלעך! די שטאָט, כאָטש נאָך גאָר פרי, איז שוין שטאַרק באַלעבט. די מענטשן האָבן אַ גאָר אַנדערן אויסזען. גרופקעס שטייען אין די ראָגעס און פאַר די הייזער און קאַפעען און מען שמועסט הויך אויפן קול: „די אַמעריקאַנער דערנענטערן זיך. מען האָט זיי שוין געזען. אונדזערע פון דער

ווידערשטאַנד מאַרשירן מיט געווער אויף די אַרעמס, מען האָט זיי שוין אויך געזען״. די באַוועגונג אין די גאַסן ווערט אַלץ שטאַרקער און לעבהאַפטער אין דער מאָס, ווי מיר דערנענטערן זיך צום צענטער פון דער שטאָט.

עס לייכטן אויף פאַר די אויגן די ערשטע שטראַלן פון דער פרייהייט! עס דער־נענטערן זיך די ערשטע אַמעריקאַנער מיליטערישע אָפּטיילונגען אויף טאַנקען, אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן און אַן אומבאַשרייבלעכער ענטוזיאַזם רופט אַרויס ביים פאַרזאַמלטן עולם די דאָזיקע ערשטע מיליטערישע קאָלאָנעס. די אַמעריקאַ־נער „באָיעס״ אויף די האַרמאַטן און ביי די האַרמאַטן מאַרשירן מיט אָפענע פּנימער און זיי זענען באַצירט מיט בלומען. פראַנצויזינס האָבן זיי שוין באַוויזן צו דעקאָרירן. נאָך זיי מאַרשירן מיט אַ פעסטן טראָט די באַוואָפנטע פראַנצוי־זישע ווידערשטענדלער. און ווידער ענטוזיאַסטישע אויסרופן. פראַנצויזינס און פראַנצויזן מיט טרערן אין די אויגן פאַלן צו זיי צו. פרייד, געזאַנג און בלומען! די באַוועגונג אין גאַס איז בלאָקירט און די שטאָט איז פאַרפלייצט פון מענטשן. אַלע מישן זיך איצט אויס אין איין מאַסע און אויך מיר, דאָס ביסל אָפּגעראַ־טעוועטע ייִדן פון ליאָן, מיט זיי. ווער איז מסוגל איבערצוגעבן די עמאָציעס, וואָס באַהערשן אין אַזאַ מאָמענט, ווען מיט אַלע חושים דערפילט מען זיך ווידער פריי? נאָר די וואָס לעבן דאָס איבער קענען דאָס אָפּשאַצן און נאָר די, וואָס האָבן פאַרלוירן די פרייהייט קענען זיך פרייען מיט איר.

מיר איז שוין עטלעכע מאָל אויסגעקומען איבערצולעבן אַזעלכע מאָמענטן, ווען איך בין באַפרייט געוואָרן, ווען עס האָט זיך פאַר מיר געעפנט די אייזערנע שווערע טיר פון מיין קאַמער און מען האָט מיר דערקלערט, אַז איך בין פריי. עטלעכע מאָל האָב איך שוין איבערגעלעבט דעם זיסן טעם, ווען פאַר מיר האָט זיך געעפנט דאָס קליינע טירל פון גרויסן אייזערנעם טורמע־טויער און דער טויער־היטער האָט מיר געזאָגט: — איר קענט גיין. וואַקלדיק זענען געווען די ערשטע טריט, וואָס איך האָב געשטעלט איבער דעם פרייען ברוק און קאָפּ־שווינדלעניש האָבן ביי מיר אַרויסגערופן די ערשטע פּאָר שפּאַן אויף דער פרייער לופט, וואָס איך האָב אין זיך גיריק איינגעאָטעמט. דער קאָפּ האָט זיך פאַרדרייט, ווי פון אַ שטאַרקן געטראַנק און די פיס האָבן געציטערט אונטער מיר. אַ שיכרות פון דער צוריק־באַקומענער פרייהייט איז דאָס געווען.

אַזאַ געפיל פון שיכרות האָט מיך איצט באַהערשט אויף די ליאָנער גאַסן, מיר זענען פריי! צי איז דאָס טאַקע שוין אַן אמת? יאָ, ס׳איז אַן אמת, ווייל מיר

טרעפן זיך אין גאַס מיט אַנדערע חברים און אַלע האָבן דעם זעלבן גליקלעכן אויסדרוק אויפֿן פּנים. מיר זענען פֿריי!

מיר גייען אַריין אין אַ קאַפֿע, אָבער ווער קען זיך צושטופּן צום בופֿעט? אַ טומל, אַ פֿריידי! פֿראַנצויזן און פֿראַנצויזינס, מענטשן פֿון פֿאָלק און פֿון אַלע אַנדערע שיכטן פֿון דער באַפֿעלקערונג טרינקען און זענען איבערפֿולט פֿון דער גרויסער עמאָציע, אַז פֿראַנקרייך ווערט פֿריי, אַז מיט יעדן טאָג ווערן נייע שטעט באַפֿרייט. דאָ און דאָרט באַווייזן זיך גרופּעס דייטשן, וואָס האָבן נישט באַוויזן אַפּצוציִען און מען פֿירט זיי איצט אונטער אַ קאָנוואָי. זיי זענען איצט אויף גרויסע צרות. עס ווילט זיך נישט פֿאַרלאָזן די גאַס. מען פֿילט נישט קיין הונגער און מען האָט אויך פֿאַרגעסן אין די טאָג־טעגלעכע באַדערפֿענישן און פּליכטן. מען באַגייסטערט זיך איצט פֿון יעטוועדער קלייניקייט און פֿון אַלע פּנימער פֿלייצט מיט גוטסקייט, מיט פֿריינטשאַפֿט און מענטשלעכער סאָלידאַריטעט. אַ יובלדיקע מאַסע, וואָס האָט פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן די שקלאַפֿן־קייטן און איז ווידער פֿריי.

עס פֿאַרשווינדן אין דעם מאָמענט די אייביקע קאָנטראַסטן און אונטערשיידן צווישן יונג און אַלט, צווישן מאַן און פֿרוי. אַלע בילדן איצט איין פֿאַרשיכורטע מאַסע. קיין פּאָליציאַנט זעט מען שוין נישט אויף קיין רפֿואה און פֿונדעסטוועגן פֿאַסירט גאָרנישט אין דער שטאָט. אַלע זענען איצט באַהערשט פֿון איין מענטשלעך און פּאַטריאָטיש געפֿיל: מיר זענען פֿריי! אונדזער שטאָט איז פֿריי!

מיט איין מאָל איז פֿאַרשוווּנדן דער בלוטיקער אָקופּאַנט מיט זיינע ווישיהעלפֿערס. פֿאַרשוווּנדן געוואָרן די פֿרעמדע ברוטאַלע מאַכט, וואָס האָט אַזוי שטאַרק באַליידיקט די עלעמענטאַרע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע געפֿילן און טאָג־טעגלעך, אין משך פֿון יאָרן, אויסגעזויגן פֿון לאַנד אַלע זיינע לעבנס־זאַפֿטן.

איך האָב שוין עטלעכע מאָל איבערגעלעבט אין מיין לעבן דעם גליקלעכן מאָמענט פֿון באַפֿרייונג, אָבער דאָס מאָל איז די עמאָציע געווען נאָך שטאַרקער מחמת אין פּוילישע טורמעס האָט מיר נישט געדראָט קיין אומפֿאַרמיידלעכער אומקום ביי די שרעקלעכסטע באַדינגונגען, ווי דאָס איז געווען אין די דייטשישע לאַגערן. זעלטן ווער פֿון די פּאָליטיש־אַרעסטירטע איז נישט אויסגעזעסן זיין אורטייל. אַ סך זענען אַפֿילו פֿאַר דער צייט באַפֿרייט געוואָרן. צי דאָס איז געווען אין רעזולטאַט פֿון אַן אַלגעמיינער אַמנעסטיע אָדער אויף אַן אַנדער אופֿן. אַריינפֿאַלן אין די לאַפּעס פֿון דער בלוטיקער געשטאַפּאָ האָט באַטייט אומקום, פֿאַר

יעדן כמעט אַ זיכערער טויט. פון 120 טויזנט דעפּאָרטירטע ייִדן פון פראַנקרייך, האָבן זיך קוים אַ ווערכע 2.000 (צוויי טויזנט) אומגעקערט פון דעפּאָרטאַציע.

דערלעבן היטלערס מפּלה, וואָסערע גרעסערע מאָראַלישע באַפרידיקונג האָט נאָך געקענט זיין פאַר די אַלע, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג געפירט אַ פּאַרצווייפלטן געראַנגל מיט דער דייטשער בעסטיע?

איך בין פריי און דאָס פּעקל פאַלשע פּאַפּירן, וואָס איך האָב שטענדיק ביי זיך געטראָגן, האָט איצט אויסגעזען אין מיינע אויגן, ווי אַ טויטער באַלאַסט. אמת, איך האָב מיט גרויס דאַנקבאַרקייט געקוקט אויף מיינע פאַלשע פּאַפּירן. יאָרן־לאַנג האָבן זיי דאָך מיר געגעבן די אילוזיע, אַז מיט זייער הילף וועל איך מיך ראַטעווען. אָבער איצט זענען זיי שוין געוואָרן פאַר מיר פאַרגאַנגענהייט. איך וועל זיי באַהאַלטן, ווי אַ זכר לחורבן. אָבער קיין שום באַדייטונג פאַר מיר היינט האָבן זיי שוין נישט.

אַזוי זענען מיר צוזאַמען מיטן ליאָנער פאָלק געווען שיכור פון דער פרייהייט. איבער די גאַסן האָבן פריי שפּאַצירט די באַוואָפנטע בחורים פון די פּאַטריאָטישע קאַמף־אָרגאַניזאַציעס און אין אַ געוויסן זין האָבן זיי מיר דערמאָנט אין דעם יאָר 1918, ווען די דייטשן האָבן פאַרלאָזט פּוילן און די פּאַטריאָטישע פּוילישע יוגנט האָט דעמאָלט שפּאַצירט באַוואָפנטע איבער די גאַסן פון לאָדזש.

אַזוי איז דאָס געווען אין די ערשטע טעג פון דער באַפרייונג. און נאָך יעדער שטאַרקער עמאָציע קומט די באַרויִקונג, די אויסניכטערונג, ווי נאָך יעדן יום־טוב — די וואָכעדיקייט.

מיר, די על־פּי־נס לעבנגעבליבענע פּאַרטיי־אָנפירונג, איז זיך צונויפגעקומען און אָנגעהויבן צו אַנאַליזירן די נייע לאַגע און אָנצייכענען די נאָענטסטע אויפגאַבן, וואָס עס שטייען פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע. און ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אונטערצופירן אַ שטיקל סך־הכל וועגן אונדזער ייִדישער לאַגע און וועגן מצב פון אונדזער באַוועגונג, האָט אונדז באַהערשט אַ טיפער טרויער. ער האָט זיך פאַרשטאַרקט ביי אונדז מיט יעדן טאָג און אין דער מאָס, ווי עס האָט אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן דער שרעקלעכער פאַרנעם פון אונדזער חורבן. דאָס איז דאָך דער גרעסטער חורבן אין דער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק. דער צער און ווייטיק איז געווען נאָך גרעסער, ווען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערוויסן וועגן טראַגישן גורל פון אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע. פון אַלע עקן האָבן אָנגעהויבן צו אונדז צו דערגיין די טראַגישע ווערטער: „נישטאָ, קיינער איז נישט

געבליבן לעבן"... פון אַלע ווינקעלעך האָבן געקוקט אויף אונדז טויטן־קעפּ מיט טיפע שוואַרצע אויסגעהוילטע אויגן־לעכער.

אונדזער לויטערע פרייד פון דער צוריק־דעראָבערטער פרייהייט און אונדזערע גליקלעכע טעג נאָך דער באַפרייונג האָבן נישט לאַנג אָנגעהאַלטן.

דאָס מאַקאַברישע בילד פון דעם אויסגעשאָכטענעם יידן־פאָלק האָט אָנגעהויבן צו באַהערשן אונדזער גאַנצן געמיט און ווי טראָפּן סם אָפּגעטויט אין אונדז די אויפגייענדיקע פרייד און דעם געשטאַרקטן ווילן אויפדאָסניי אָנצוהייבן צו בויען אַ לעבן. די גרויל־ידיעות וועגן דעם היטלעריסטישן מאַסן־מאָרד איבער מיליאָנען יידן האָט אין אונדזער בעכער פון פרייד אַריינגעגאָסן אַ גאָר שטאַרקע דאָזע פון טרויער און טרערן איבער אונדזער נאַציאָנאַלן חורבן.

אויף דער ערשטער פרייער פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג אונדזערער, איז מען זיך געפאַלן אויף די העלדזער און געהאַט טרערן אין די אויגן פון פרייד און באַלד זענען די טרערן פאַרגליווערט געוואָרן פון טרויער, צער און ווייטיק. מען האָט זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן די חברים און פריינט, וואָס זענען אומגעקומען און די צאָל זייערע איז געוואַקסן און געוואַקסן און פאַר אונדזערע אויגן האָבן מיר דערזען אַ גרויסן באַרג פון געפאַלענע העלדן און מאַרטירער פאַר דער פרייהייט און פאַר אונדזער יידישן קיום.

אַ געמיש פון פרייד און טרויער — דאָס איז געווען די הערשנדיקע שטימונג אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען און בונדישע ליאַמעס, וואָס מיר האָבן דעמאָלט איינגעאָרדנט. מיר זענען געווען גליקלעך, וואָס טוענדיק, בעת דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, אַ וויכטיקע אַלגעמיין־יידישע און סאָציאַליסטיש־בונדישע אַרבעט, האָבן מיר דאָך אויסגעמיטן אַלע טויט־געפאַרן און דעם טראַגישן גורל פון אַ סך פון אונדזערע חברים, וואָס זענען אומגעקומען אויף דעפּאָרטאַציע. אָבער גלייכצייטיק האָבן מיר זיך אַליין געשטעלט די פראַגע, צי מעג מען זיך פילן גליקלעך אין אָנבליק פון אַזאַ מוראדיקער יידישער טראַגעדיע?

מיר זענען דאָך, אייגנטלעך, דער אומגליקלעכסטער דור אין דער לאַנגער געשיכטע פון יידישן פאָלק. צי קען נאָך זיין אַ שרעקלעכערע קללה אויף אַ מענטש, ווי די, אַז ער זאָל איינער בלייבן פון זיין גאַנצער נאָענטער און ווייטער פאַמיליע? צי קען נאָך זיין עפּעס גרויזאַמערס, ווי איבערלעבן דעם אונטערגאַנג פון מזרח־איראָפּעישן יידנטום?

עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז מיר זענען שוין די לעצטע פון אַן אונטערגייענדיקן פאָלקס־שטאַם, אַז מיט אונדז ענדיקט זיך די געשיכטע פון דעם ווונ־

דערלעכן יידישן פאָלק, ווייל יידיש פאָלק האָט זיך דאָך ביי אונדז אידענטיפיצירט מיטן מזרח־אייראָפּעישן יידנטום. עס ענדיקט זיך די געשיכטע פון אונדזער פאָלק און עס ענדיקט זיך שוין אויך מיין פערזענלעך לעבן. ווייל וואָסער טעם וועט נאָך האָבן אַ לעבן נאָכן חורבן?

און עס איז געשען ממש אַ נס. עפּעס אַ טיף־פאַרבאָרגענע וויטאַלע קראַפט האָט אָנגעהויבן זיך צו וועקן ביי אונדז אַלעמען, עפּעס אַ דראַנג און אַ ווילן צום לעבן, צו בויען אַ ניי לעבן.

המשך, קיום, — דאָס זענען געוואָרן די נייע ווערטער, וואָס זענען איצט באַנוצט געוואָרן אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען און אין די פּריוואַטע געשפּרעכן. בויען, אויפשטעלן נייע דורות, — דער דאָזיקער לעבנס־ווילן און לעבנס־דראַנג האָט אָנגעהויבן אַלעמען צו באַהערשן.

און מיט אַ באַנייטער ענערגיע און געשטאַרקטן גלויבן אין דער יידישער צוקונפט, באַזונדער פון דער גרויסער וויזיע פון אַ נייער וועלט פון יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט, האָבן מיר זיך געשטעלט צו דער ווידער־אויפבוי־אַרבעט.

הילף, עקאָנאָמישע פאַר די רויִנירטע, הילף פאַר קינדער, די אויסגע־פייניקטע, קולטור־בויונג אין אַלע אירע אַספּעקטן, פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און אין דער ערשטער ריי פאַרשטאַרקן און אויסברייטערן אונדזערע פּאָליטישע איינפלוסן, אַוועקשטעלן אַ טעגלעכע „אונדזער שטימע", אויפבויען אַ שטאַרקע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, — אָט די אַלע אַרבעטן וועלן אונדז זייער שטאַרק פאַרכאַפּן און אין זיי וועלן מיר געפינען באַרויִקונג און מאָראַלישע סאַטיספאַקציע.

# צוריק אין פאַריז

נאָך עטלעכע טעג קאַמפן מיט די דייטשן איז פּאַריז געוואָרן פרײַ דעם 29סטן אויגוסט 1944. מיר, אין ליאָן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו גרייטן אין וועג אַרײַן. אַ קלייניקייט, פאָרן קיין פּאַריז! ביי וועמען האָט נישט אַרויסגערופן אַ ציטער אָט דער דאָזיקער געדאַנק? אין אונדזער גלות, אין אונדזערע וואַנדערונגען און וואַגלעניש איבערן לאַנד, ווער פון אונדז האָט פאַרגעסן אין דער פּרעכטיקער שטאָט פּאַריז? אַ נישט־געשטילטע בענקשאַפט האָט אין אונדז די גאַנצע צייט געלעבט צו דער דאָזיקער שטאָט און יעדנס טרוים איז געווען — ווידער זײַן אין פּאַריז.

ווער פון אונדז האָט נישט געציטערט פאַר פּאַריז, בעת די שרעקלעכע דייטשישע באָמבאַרדירונגען פון לאָנדאָן און שפּעטער פון די פראַנצויזישע שטעט און שטעטלעך? צי וועלן די דייטשישע באַרבאַרן באָמבאַרדירן פּאַריז, צי וועלן זיי צעשטערן די פּרעכטיקע שטאָט מיט אירע זעלטענע קולטור־אוצרות? און פּאַריז האָט, צום גליק, אויסגעמיטן די שרעקלעכע געפאַרן, וואָס עס האָבן איר געדראָט. געווען עטלעכע באָמבאַרדירונגען, אָבער צום גליק אָן גרויסע און ערנסטע שאָדנס. די שטאָט אַלס אַזעלכע האָט כמעט נישט געליטן פון די לופט־אַטאַקעס.

מיר גרייטן זיך אין וועג אַרײַן. מיר — מײַן איך — די אָנפירונג און אַ גרויסע צאָל חברים. עטלעכע אַקטיווע חברים זענען נאָך דערווייל פאַרבליבן אין ליאָן, כדי דאָרט ווייטער אויפצוהאַלטן די אינסטיטוציעס, וואָס מיר האָבן געשאַפן. אין גרענאָבל איז געבליבן די חברטע רוזשקע ווײַנער, וואָס איז די גאַנצע צייט פון דער מלחמה געווען, זייער אַקטיוו און איצט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער טעטיקייט אונדזערער אין גרענאָבל.

נישט געווען לייכט דעמאָלט צו מאַכן אַ רייזע מיט דער באַן אויף אַזאַ ווייטער שטרעקע, ווי דאָס איז ליאָן־פּאַריז. די באַנען זענען געווען איבערפולט און די וועגן צעשטערט.

דורכפאָרנדיק אַזאַ ווייטן שטח האָט מען געזען אַ שטיק פראַנקרייך, אַ שטיק פאַרוווּסטעט לאַנד. עס וועט מוזן נעמען אַ סך צייט, ביז פראַנקרייך וועט זיך אויסהיילן פון אירע וווּנדן.

אַ קלייניקייט! פון קנאַפּע 10 מיליאָן געביידעס, וואָס פראַנקרייך האָט פאַרמאָגט אין 1939, זענען אַ וועלכע 2 מיליאָן צעשטערט געוואָרן און פון זיי זענען אַ קנאַפּער האַלבער מיליאָן פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן.

בעת מען פאָרט איבער די שטעט און שטעטלעך זעט מען טאַקע אַ סך צעשטערטע פאַבריקן און וווינהייזער.

טייל ערטער דערמאָנען אָן דער שטאָט קאַליש, וואָס איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה שרעקלעך צעשטערט געוואָרן דורך דער דייטשישער אַרמיי. יאָ, די דייטשן האָבן אַ גאָר פיינע קריגס־טראַדיציע.

די שטימונג אין צוג איז אָבער זייער אַ גוטע און אויף די וואָקזאַלן קען מען שוין באַקומען צום איבערבייסן.

דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון די רעדער יאָגט אָן אויף דעם יידישן פּאַסאַזשיר טרויעריקע מחשבות. ווי לאַנג איז דאָס, ווען מען איז מיט דעם זעלביקן וועג געפאָרן פון פּאַריז קיין ליאָן. עטלעכע יאָר, אָבער וואָסערע יאָרן?!

אַ וועלט אַ גאַנצע איז דאָך אונטערגעגאַנגען און מיט איר אַזויפיל אילוזיעס. און מיט אונדז יידן, וואָס האָט פּאַסירט פאַר דער דאָזיקער צייט?

איצט וועט זיך אָנהייבן אַ נייע ערע פאַר דער מענטשהייט. די כוחות פון סאָציאַליזם זענען אומעטום, אין אַלע פרייע לענדער, גאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן. מיר מאַרשירן איצט מיט ריזיקע שריט פאָרויס צו אַ נייעם וועלט־סדר.

איך טראַכט וועגן אונדזער קינד אין לאָנדאָן, פון וועמען מיר האָבן שוין זייער לאַנג נישט באַקומען קיין שום ידיעה. איצט וועט זיך ווידער עפענען די וועלט און מיר וועלן זיך קענען דירעקט פאַרבינדן מיט לאָנדאָן.

אויף דער באַן־סטאַנציע בייטן זיך די פּאַסאַזשירן און מיט יעדער סטאַציע דערנענטערט מען זיך צו אונדזער הויפּט־ציל — פּאַריז.

עס הייבט שוין אָן צו גרויען דורך די באַן־פענצטערלעך און עס צייכענען זיך אָן די ערשטע קאָנטורן פון דער פּרעכטיקער פראַנצויזישער לאַנדשאַפט.

שטעטלעך און דערפֿער וועקן זיך אויף פֿון זייער שלאָף און עס באַווייזן זיך שוין די ערשטע מענטשן אויף די וועגן.

עס איז שוין אָנהייב סעפּטעמבער און די פֿעלדער זענען פּוסט. נאָר דער מאַיִס שטייט נאָך דאָ און דאָרט אין שיטערע רייען מיט זייַנע שווערע און שטאַרק־רייפֿע קערנער. אויך די ווייַנטרויבן, טונקל־בלויע און ווייסע, הענגען אַראָפּ פֿון זייערע נידעריקע ביימלעך צו דער ערד־צו און וואַרטן אויף זייער רייַ אַראָפּגענומען צו ווערן. די ווייַנשל־ביימער זענען ענלעך צו ייִדישע אותיות און אונטער דער לאַסט פֿון די רייפֿע שטענגלעך שטייען זיי געבויגן צו דער ערד, ווי אַ פֿרומער ייִד אונטער זייַן לאַסט פֿון דינען דעם בורא. זיי ציִען זיך אין אומצאָליקע לאַנגע שורות אויף די געקעסטלטע פֿעלדער באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. נידעריקע ביימלעך, אָבער טיף, זייער טיף און פֿאַרצווייגט שטעקן זייערע וואָרצלען אין דער ערד און עס איז שווער אַרויסצורייסן אַזאַ ביימל. נישט בחינם זענען זיי ענלעך צו ייִדישע אותיות...

וואָס איז פֿריִער געווען אויף דער וועלט: ייִדישע אותיות, אָדער ווייַנגערטנער? איך מיין, אַז ייִדישע אותיות, ווייל צוערשט איז געווען דאָס וואָרט...

דער ערב־האַרבסט האַרמאָניזירט מיט די חורבות, וואָס מיר טרעפֿן אָן אויפֿן וועג פֿון אונדזער רייזע. פּוסטע פֿעלדער, פֿאַרגעלטע ביימער און צעשטערטע לעבן פֿון די אכזריותדיקע באָמבאַרדירונגען; אָפּגעברענטע הייזער און חרובֿע פֿאַבריקן מיט איינגעפֿאַלענע קוימענס; פֿאַרלייגטע באַן־ליניעס מיט צעשטערטע וואַגאָנעס און אויפֿגעריסענע בריקן, איבער וועלכע מען האָט געלייגט שמאָלע הילצערנע, פּראָוויזאָרישע בריקלעך, וואָס גיבן זיך נאָך אונטער די מענטשלעכע טריט. דאָס אַלץ ווירקט טרויעריק אויפֿן געמיט, ווי אַ פֿאַרנעפּלטער האַרבסט־טאָג.

אונדזער צוג לויפֿט און איילט זיך וואָס גיכער שוין צו זייַן אין פּאַריז, און גייע פּאַסאַזשירן, וואָס קומען אַריין אין אונדזער צוג, ברענגען שוין מיט זיך דעם פֿאַרגעשמאַק פֿון דער וועלט־שטאָט.

טייל ציִען שוין אַרויס פֿון די קעשענעס די בייעסטע טאָג־צייטונגען און איך דערזע אַ „פּאָפּולער". דער סאָציאַליסטישער צענטראַל־אָרגאַן איז אין יענע טעג געווען די פֿאַרשפּרייטסטע צייטונג און מען האָט זי באַלד אינדערפֿרי צעכאַפּט. דאָס איז דער זעלבער „פּאָפּולער", וועלכן איך האָבן פֿאַר דער מלחמה געלייענט טאָג־טעגלעך און בעת די פֿינצטערע אָקופּאַציע־יאָרן גאָר זעלטן געזען, ווייל ער איז דערשינען אומלעגאַל און אין אַ באַגרענעצטער צאָל עקזעמפּלאַרן.

דער „פּאָפּולער״, מיט אַרטיקלען און אויפרופן, דערשיינט איצט מיט אַ באַ־נייטן טאָן און זעלבסטזיכערקייט אין זיג פון סאָציאַליזם אין באַפרייטן פראַנק־רייך, דער אָרגאַן פון לעאָן בלום, כאָטש מען ווייס נאָך נישט וועגן גורל פון דעם קאָפּ פון דער פּאַרטיי, צי ער לעבט אָדער צי די דייטשן האָבן אים אומגע־געבראַכט אין זייערע מאָרד־לאַגערן. דער „פּאָפּולער״ איז ווייטער באַהערשט פון דעם גרויסן גייסט פון לעאָן בלומען.

איצטער הייב איך מיר שוין אָן אַביסל צו דענערווירן מיט דער לאַנגער רייזע. איך וואָלט שוין געוואָלט וואָס גיכער זיין אין פּאַריז און אַ קוק טון אויף דער שטאָט און זיך באַגעגענען מיט אונדזערע חברים. איך וואָלט געוואָלט, אַז דער צוג זאָל זיך שוין מער נישט אָפּשטעלן אין וועג און נעמען אַ גיכערן טעמפּ. גיכער, גיכער, שוין דערזען פאַר די אויגן דעם ליאָנער וואָקזאַל מיט זיין גרויסן טורעם־זייגער. און ווייל מען ווערט אומגעדולדיק ציִען זיך נאָך לענגער די מינוטן.

ענדלעך הייבט אָן צו ווערן אַ באַוועגונג אין וואַגאָן. די פּאַסאַזשירן גלייכן אויס זייערע ביינער און גרייטן זיך צום אויסשטייגן, — אַ סימן, אַז מיר דער־נעענטערן זיך צו דער הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך. איך פיר מיט זיך אַ גאָר קליינעם באַגאַזש און בין פון די ערשטע ביים אַרויסגאַנג.

פון ליאָנער וואָקזאַל ביזן לאָקאַל פון „בונד״ אויף רי רויעי די טאַמפּל איז אַ שפּאַר שטיקל וועג, אָבער איך האָב געוואָלט מאַכן דעם וועג צו־פוס. ראשית, כדי צו זען כאָטש אַ פּאָר פּאַריזער גאַסן און צווייטנס — ווייל עס איז נאָך געווען גענוג פרי.

פון וואָקזאַל פירט אַ גלייכער וועג ביז צום פּלאַץ פון דער באַסטיליע, און פון דאָרט ווידער אַ כמעט גלייכער וועג ביז אונדזער פּאַרטיי־לאָקאַל.

אויף דעם שטיקל וועג האָב איך נישט געקענט באַמערקן קיין באַזונדערע אויסערלעכע סימנים פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. די קאַמפן וואָס זענען פאָרגעקומען מיט געציילטע טעג צוריק, האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די אַנדערע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט און הויפּטזעכלעך ביי דער פּרעפעקטור.

אויף די מענטשן פון דער שטאָט האָט מען יאָ געקענט באַמערקן בולטע סימנים פון די שווערע צייטן, וואָס זיי איז אויסגעקומען איבערצולעבן. זיי האָבן אויסגעזען שלעכט און זענען געווען אָרעם אָנגעטאָן. אויך אין די קאַפעען און שפּייז־געוועלבער האָט מען נישט געקענט באַקומען דאָס אַלץ, צו וואָס דער פראַנ־צויז איז געווען צוגעוווינט.

אין בונדישן לאָקאַל האָט שוין געהערשט אַ באַוועגונג. די פרייד ביים ערשטן צוזאַמענטרעף מיט די אַלטע גוטע חברים מיינע, איז געווען זייער אַ גרויסע און אַ זעלטן האַרציקע.

יחיאל ניימאַן, די שאַכנאָווסקיס, דינטשע און נאָך און נאָך חברים און חבר־טעס זענען שוין געווען אויפן אָרט. זענען מיר ווידער צוזאַמען נאָך אַזעלכע שרעקלעכע יאָרן און ווידער אין אונדזער בונדישן לאָקאַל.

מיר האָבן באַרירט אַ רייע פּראַקטישע פּאַרטיי־ענינים און קודם־כל זיך געטיילט מיט די טרויעריקע אינפאָרמאַציעס וועגן אונדזערע פאַרלוסטן און וועגן אונדזערע אומפאַרגעסלעכע העלדן און מאַרטירער.

אַ גרויסע אויפבוי־אַרבעט איז איצט פאַר אונדז געשטאַנען. אַ גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע סאָציאַליסטישע טעטיקייט ביי גאָר נייע באַדינגונגען. זי וועט פאַרלייכטערט ווערן דורך דעם, וואָס אויף דער פראַנצויזישער גאַס וואַקסט די השפעה פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און אויף איר הילף וועלן מיר קענען רעכענען צו יעדער צייט. בכלל איז פראַנקרייך איצט לינק געשטימט און דער אַלגעמיינער פאָלקס־ווילן איז איצט, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַ סוף צו די אַלע פינצטערע כוחות, וואָס האָבן גורם געווען אַזוי פיל אומגליקן און נאַציאָנאַלע דערנידעריקונגען.

פון נאָרד־אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אָנצוקומען מאַטעריעלע הילף מיט אַ ברייטער האַנט, באַזונדערס פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט, וואָס האָט שוין בעת דער מלחמה באַוויזן אויפצוטון גאָר גרויסע זאַכן פאַר די גערודפטע און גע־פּלאָגטע ייִדישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע און באַזונדערס אין פּוילן. אויך מיר געדענקען גאַנץ גוט די הילף בעת דער מלחמה, וואָס איז געקומען צו אונדז דורך דער פאַרמיטלונג פון אונדזער חבר, פּראָפעסאָר ל. הערש פון דער שווייץ.

דורך שווייץ איז געפלאָסן צו אונדז די הילף, אָבער אין ניו־יאָרק, אויף דער איסט־בראָדוויי, האָבן זיך געפונען די הילף־קוואַלן.

בעת די טראַגישע מלחמה־יאָרן האָט זיך ערשט אַרויסגעוויזן ווי לעבנס־וויכטיק עס איז געווען די עקזיסטענץ און די טעטיקייט פון ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט אין אַמעריקע, אונטער וועלכן עס שטייען די מעכטיקע אַמעריקאַנער יוניאָנס.

אינטעלעקטואַלן, שרייבער, קינסטלער, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען, זוכן איצט אַ מקום־מקלט אין פּאַריז. אַ קליינער קיבוץ־גלויות אַנטשטייט אין דער פּרעכטיקער שטאָט, די מאַמע פון אַלע שטעט אין אייראָפּע.

נישט געקוקט אויפן ריזיקן בלוט־אָפּפלוס, וואָס די ייִדן אין פראַנקרייך האָבן געליטן, ווערט פּאַריז ווידער אַ וויכטיקער ייִדישער צענטער.

איך האָב מיך באַזאָרגט מיט אַ פּלאַץ אין אַ האָטעל נישט ווייט פון אונדזער פּאַרטיי־לאָקאַל און באַשלאָסן ערשט נאָך עטלעכע טעג צו גיין אויף מיין אַלטער דירה, ווייל בדרך־כלל זענען ייִדישע דירות געוואָרן אויסגערויבט פון די דייטשן און עס האָבן זיי פאַרנומען פראַנצויזן. האָב איך געטראַכט, אַז דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט מיין דירה. אמת איז, אַז איך וועל זי צוריקבאַקומען, אָבער דערווייל ביז וואָס־ווען, דאַרף מען דאָך האָבן אַן אייגענעם ווינקל. אַ חוץ דעם איז מיין פרוי נאָך דערווייל געבליבן אין ליאָן, ווייל זי האָט נישט געקענט באַלד איבערייסן איר אַרבעט ביי די קינדער. און מיין זון איז נאָך אויך געווען גאָר ווייט פון אונדז. ביז עס וועט זיך איינשטעלן אַ ניי פאַמיליע־לעבן, וועל איך דערווייל בלייבן אין אַ האָטעל.

דאָך האָב איך זיך נישט געקענט איינהאַלטן און ביז אַוועק אויף מיין אַלטער דירה, אויף רי מאַרקאַדע, אין דעם 18טן אראַנדיסמאַן. געווען איז דאָס אין די נאָכמיטיק־שעהן. שוין די מעטראָ־סטאַציע „מאַרקאַדע פּואַסיאָניער" האָט אין מיר אויפגעוועקט זכרונות פון די ערשטע צייטן פון דער מלחמה, ווען מיר זענען געלאָפן אין דער דאָזיקער מעטראָ־סטאַציע זיך אויסבאַהאַלטן פון די דייטשישע באָמבאַרדירונגען און שעהן־לאַנג דאָרט אָפּגעשטאַנען צונויפגעפּרעסטע אין איין מאַסע מיט גרויס אומרו אין האַרצן און מיט אַ קללה פאַרן דייטש. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער נאָך איצט דעם לאַנגן טרויעריקן סיגנאַל, מיט וועלכן מען האָט געוועקט די בירגער פון אונדזער קוואַרטאַל און זיי געוואָרנט, אַז זיי דאַרפן זיך וואָס גיכער אויסבאַהאַלטן. איך דערנענטער זיך צו אונדזער הויז. די גאַס — די זעלבע, נאָר עפּעס ווי עלטער געוואָרן, ריכטיקער: די מענטשן פון דער גאַס, וואָס בילדן אַן אָרגאַנישן טייל פון איר. די באַקאַנטע קרעמערקעס און די קאָפּע־אייגנטימערס מיט פאַרעלטערטע פּנימער און אין גאָר שטאַרק־אָפּגענוצטע מלבושים, עפּעס אַ מידקייט קוקט אַרויס פון די קנייטשן פון זייערע פּנימער.

זייערע בליקן פאַלן אויף מיר מיט אומזיכערקייט, קאַנטיק, אַז אויך איך האָב זיך פאַרעלטערט, און ביז זיי דעצידירן זיך מיך צו פאַרטשעפּען, האָב איך שוין ווייטער אַוועקגעשפּרייזט. איך האָב מיך איצט נישט געוואָלט לאָזן שטערן. מיין ציל איז געווען, וואָס גיכער צו זיין אין מיין דירה.

קומענדיק אויפן הויף, האָט מיך באמת דורכגענומען אַ וואַרעמער שטראָם.

אַלץ, ווי עס איז געווען פריִער. די זעלבע שלוהדיקע שטילקייט און די זעלבע שוין געניג־שוואַכע האַרבסט־זון באַלויכט די אַלטע גרויע ווענט פון אונדזער הויז. פּונקט שטויס איך זיך נישט אָן אויף קיין שום באַקאַנט פּנים און גיי אומגעשטערט אַרויף אויפן דריטן שטאָק צו מיין צימער. יאָ, די זעלבע טיר מיטן גרויסן שליסל־לאָך, דורך וועלכן מען קען אַריינקוקן אין דער שטוב. שטיל גיי איך צו צו דער טיר און פּרוביר עפּעס צו זען דורך דעם לאָך. עטלעכע פרויען זיצן ביי אַ לאַנגן טיש און פּאַקן איין אין קאַלירטע פּאַפּירלעך צוקערוואַרג.

איך קלאַפּ אָן אין דער טיר און עס עפנט מיר אַן עלטערע פרוי, אַ פּראַב־צויזין. אין דער ערשטער מינוט קוק איך זיך נישט אַרום אויף די מעבלשן אין שטוב, נאָר אויף די זאַכן. אַלץ, ווי עס איז געווען פריִער אין שטוב, נאָר דער טאַפּעטשאַן איז אויפגעשטעלט און בילדעט אַ מחיצה אין דער שטוב. איך כאַפּ אַ בליק דורך דעם פענצטער: די זעלבע פּאַנאָראַמע, וואָס אַמאָל. די „דעכער פון פּאַריז" און אונטער די דעכער איז אַלץ ווי געווען. נישט אַזוי ווי אין וואַרשע. איך שטעל מיך פאָר פאַר די בעלי־בתים פון דער שטוב און דערקלער זיי, אַז איך האָב דאָ פריִער געוווינט און אַז אַלס ייד האָב איך פאַרלאָזט די דירה בעת די דייטשן זענען אַריין קיין פּאַריז.

מיין פּלוצימדיקער באַזוך האָט געמאַכט אויף די פרויען אַ שטאַרקן איינדרוק, נישט צוליב דעם, וואָס איך קום איצט ביי זיי צונעמען די וווינונג, נאָר ווייל עס שטייט פאַר זיי איינער פון די, וואָס היטלער האָט אַזוי אכזריותדיק פאַר־פאָלגט און זיי האָבן געמיינט, אַז איך לעב שוין נישט. עפּעס אַ מין שולד־געפיל האָט זיך באַוויזן ביי די פרויען אַרום דעם טיש און ביי דער בעל־הביתטע פון דער דירה. אַ שולד־געפיל, וואָס דאָס האָט מיט מיר פּאַסירט אין זייער לאַנד. נישט וואַרטנדיק אויף דעם, וואָס איך וועל זאָגן, האָט די עלטערע פּראַנצויזין גלייך דערקלערט, אַז זי גיט מיר צוריק דאָס צימער און איך זאָל איר זאָגן אויף ווען דאַרף זי עס באַפרייען.

דאָס איז געווען אַן עלטערע אַרבעטס־פרוי, וואָס האָט צחאַמען מיט די שכנות פון הויז, אויך עלטערע פרויען, אַרויסגענומען אַרבעט פון אַ צוקערלעך־פאַבריק.

דאָס וויכטיקסטע פאַר מיר איז געווען זיך צו דערוויסן וועגן גורל פון מיינע ביכער און באַטיצן, וואָס איך האָב געלאָזט אין דער דירה בעת דער עוואַקואַציע. דאָס שענקל איז געווען צוגעשלאָסן און איך האָב דאָרט אַלץ צוריק געפונען אין

דעם צושטאַנד, ווי איך האָב עס איבערגעלאָזט. אויך אַלע אַנדערע זאַכן זענען געבליבן אומבאַרירט.

אַ שיינער פאַרגלייך מיט פוילן, ווו פּאָליאַקן, מענער, פרויען און אַפילו יו־גנטלעכע און קינדער האָבן גערויבט און געפּלינדערט ייִדישע דירות. נאָך מער. זיי האָבן אַרויסגעגעבן ייִדן, כּדי זיי צו קענען ירשענען און באַרויבן. אַזוי האָבן זיך אויפגעפירט די שכנים אונדזערע, מיט וועלכע מיר האָבן געלעבט צוזאַמען אַ וועלכע 800 יאָר.

און ווי אַזוי האָט זיך אויפגעפירט אַ פראַנצויזישע פרוי לגבי אַ ייִד און נאָך דערצו אַן אויסלענדער, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט מיר?

און נישט בלויז מיט מיר. זעלטן, ווען מען האָט געקענט געפינען אַ פראַנ־צויז — אַן אויסוואורף, וואָס האָט זיך געוואָלט באַרייכערן אויפן ייִדישן אומגליק. דער אמת איז, אַז פאַרקערט, פראַנצויזן האָבן געהאָלפן אונדז מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט און אָפטמאָל מיט גרויס ריזיקע פאַר זייער פּערזענלעכער זיכער־קייט און פרייהייט. איך האָב זיך גאָר שטאַרק אַנטשולדיקט פאַר דער פרוי, וואָס איך וועל מוזן ביי איר נעמען דאָס צימער, אָבער דערווייל קען זי נאָך אַ געוויסע צייט אין אים פאַרבלייבן. איצט בין איך אַוועק צו דער קאָנסיערזשקע פון הויז —די איידעלע סימפּאַטישע מאַדאַם לאַראָש. איך האָב מיך געריכט אויף אַ האַר־ציקער אויפנאַמע, ווייל דאָס איז באמת געווען אַ נאָבעלער מענטש.

בעת איך קלאַפּ אָן אין טיר, באַווייזט זיך אין איר גאָר אַ פרעמד פאַר מיר פּנים. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די מאַדאַם לאַראָש איז שוין לאַנג געשטאָרבן און אַז די דאָזיקע פרוי פאַרנעמט איצט איר פּלאַץ.

זי האָט געוווסט, אַז איך בין אירס אַ לאָקאַטאָר, ווייל איך האָב פיגורירט אין אירע ביכער. זי האָט מיר דערקלערט, אַז דער בעל־הבית פון הויז וועט פון מיר נישט פאַרלאַנגען קיין דירה־געלט פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. פון איר האָב איך זיך דערוווסט וועגן דעם טראַגישן גורל פון די ייִדן פון אונדזער גאַס בעת די שרעקלעכע יולי־טעג פון 1942. מיר זענען געשטאַנען און גערעדט וועגן די לאָקאַטאָרן פון אונדזער הויז און זייער גורל.

פראַנקרייך ליגט אַ פאַרוווּנדעטע — האָט זי צו מיר געזאָגט, — און ווער ווייס ווען זי וועט צוריק געזונט ווערן?

אויך מיר, ייִדן האָבן זייער שטאַרק געליטן — זאָג איך צו איר.

— „יאָ, יאָ, איך ווייס דאָס. איך האָב אויף מיינע אויגן געזען סצענעס פון אוממענטשלעכע גרויל־טאַטן וואָס וועלן מיך שוין אויף אייביק פאַרפאָלגן".

עס איז שוין געווען אין די שפּעטע נאָכמיטיק־שעהן. אַמאָל, פאַר דער מלחמה פלעגט דער הויף באַלעבט ווערן מיט די צוריקקערנדיקע זיך אַרבעטער פון די פאַבריקן און עס פלעגן זיך צעשרייען די ראַדיאָס און די גראַמאָפאָנען. הייַנט איז שטיל אויף רי מאַרקאַדע.

אַפילו די אַמאָליקע ליכטיקע קינדערלעך זעט מען נישט. כאָטש דער וועטער איז אַ מילדער און די סעפּטעמבער זון וואַרעמט נאָך. איך דערמאָן זיך דעם הויף־זינגער מיט זיין גיטאַרע. „ער קומט שוין מער נישט" — זאָגט מיר די הויף־וועכטערין. ער איז אַוועק מיטן „עקזאָדוס", נישט געוואָלט צוזען, ווי די דייטשן פאַרנעמען פּאַריז און זיך שוין מער נישט אומגעקערט, אונדזער אַלטער טרובאַדור".

מיט אַ שווער געמיט בין איך אַוועק פון אונדזער אַלטן הויף און געטראַכט ביי זיך: מען דאַרף בויען אַ ניי לעבן — אַזאַ איז שוין פון תמיד אַן געווען אונדזער יידישער גורל.

## אין פאַרלאַג „יידבוך" זענען ביז איצט דערשינען:

1) **י. ל. פרץ** — דריי חסידישע דערציילונגען
**אַלבום־פאָרמאַט, געכתיבהט פון קינסטלער משה פייגענבלום.**
2) **ה. ש. קאַזדאַן** — מעטאָדיק פון יידישער שפּראַך און ליטעראַטור **(אויספאַרקויפט)**
3) **י. י. טרונק** — כעלעמער חכמים (אויספאַרקויפט)
4) **שלמה סיימאָן** — אַמאָליקע יידן **(אויספאַרקויפט)**
5) **פּראָפ. ליבמאַן הערש** — אויף דער גרעניץ פון צייטן
6) **יצחק פערלאָוו** — אין אייגענעם לאַנד
7) **י. י. טרונק** — דער פריילעכסטער ייד אין דער וועלט **(אויספאַרקויפט)**
8) **ש. סיימאָן** — תוך־יידישקייט
9) **נ. ב. מינקאָוו** — זעקס יידישע קריטיקער
פרעמירט געוואָרן דורך דעם פאָנד פאַר יידישע ליטעראַטור
ביים אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס.
10) **אברהם זאַק** — אין אומרו פון יאָרן
פרעמירט געוואָרן דורך דער מ. סטאָלאַר־פרעמיע
פון „די אידישע צייטונג", בוענאָס־איירעס.
11) **יוסף רייך** — וואַלד אין פלאַמען
12) **מ. וו. בערנשטיין** — אין לאַבירינטן פון תקופות **(אויספאַרקויפט)**
13) **לעאָן קאָברין** — מיינע 50 יאָר אין אַמעריקע **(2 טיילן)**
14) **יצחק פערלאָוו** — דזשעבעליאַ **(ראָמאַן)**
15) **ברוך ריווקין** — ה. לייוויק — זיינע לידער און דראַמאַטישע ווערק
16) **מלכה לי** — דורך קינדערשע אויגן.
17) **יעקב פאַט** — די לערערין אסתר (אויספאַרקויפט)
18) **שלמה סיימאָן** — וואָרצלען
19) **משה דלוזשנאָווסקי** — „האַרבסט אין ווינגאָרטן" **(דערציילונגען און דראַמעס)**
20) **מנחם באָריישאָ** — עסייען.
21) **לעאָן בערנשטייך** — ערשטע שפּראָצונגען
22) **משה אייזענבוד** — געלעבט הינטער קראַטן
23) **פ. מינץ (אַלעקסאַנדער)** — יידישער אומקום און ווידערשטאַנד אין פראַנקרייך.

**P. MINC (Alexander)**

# AÑOS DE EXTERMINIO Y RESISTENCIA JUDÍA EN FRANCIA



E d i t o r i a l
"I D B U J"
de la Asociación Pro-Escuelas Laicas Israelitas en la Argentina

Buenos Aires — 1956